דוד קאָיגען

# אין שטורעם פון געשיכטע

ארויסגעריסענע בלעטלאַך פון טאג־בוך

1914 — 1921

אויטאָריזירטע איבערזעצונג פון דייטש

פון ז. קאַלמאַנאָוויטש.



מיין באַגלייטערין

אויף די שווערע וועגן,

העלענאַ קאָיגען

אַ מתנה.

## הקדמה צו דער יידישער אויסגאַבע.

באַשערט איז מיר געווען צו פאַרברייננגען די יאָרן 1914 — 1921 אין רוסלאַנד, און די גאַנצע צייט איז מיר כסדר אויסגעקומען אויפצוטראָגן זיך מיט זי פון פאַרשיידענע פעלקער זייטע. איך האָב די זכיה געהאַט צו זעהן די גאַנצע גדולה און די מאַכט פון רוסישן קיניגרייך, און אין די דאָזיגע שרעקליכע יאָרן, ווען הורבן און ירידה. און אין די דאָזיגע שרעקליכע יאָרן, ווען דאָס רוסישע פאָלק און זיין געשיכטע, ווען די רוסישע געשיכטע אין די פעלקער פון רוסלאַנד האָבן איינס דאָס אַנדערע צום דין געלאדן — דער פראָצעס איז נאָך עד היום ניט פאַרענדיגט — בין איך געקומען צו דער איינזעהעניש, אַז דער יידישער גורל איז גאָר אַ באַזונדערער אינם דאָזיגן אויפגערודערטן רוסישן ים.

בעת דער רוס האָט בטבע פאַרטעמפטע הושים און ער רעאַגירט נאָר אויף גרויסע, איבערמענשליכע געשעהענישן — אַזוי ערציהט אים זיין מעכטיגע געשיכטע און אָרימע קולטור, — ליידט דער ייד, פאַרקערט, דערפון, וואָס די חושים זיינען ביי אים צו פיל פאַרשאַרפט — גענוג די מינדסטע, נישטיגסטע געשעהעניש, עס זאָל אין אים אויפגעוועקט ווערן אַ גאַנצער שלל געדאַנקן און געפילן. אַזוי האָט אים געמאַכט אַ פּאָליטישאָרימע געשיכטע און אַ לעבן יאָרהונדערטער לאַנג כסדר אין קולטור און מיט קולטור. אפילו אין טאָג-טעגליכן לעבן, אין

זיינע פריידן און צער, אין זיינע עליות און ירידות איז ער נוטה אַרויסצוגעפינען אויסנאַמליכעס און וויכטיגעס. דער ייד איז בלי ספק באַזונדערס באַשאַנקן אין פרט פון ווילן און לאָזט זיך אָפטער פון אַליך פאַרפירן דורך אַן אויג=פאַרבלינדעניש. ער האַלט, אַז אַלע מענשן זיינען אַזעלכע, אַלע פאַרטיידיגן זיך כסדר און פאַלן אָן, בויען און שאַפן די לעבענס=געשיכטע. אַ וועלט שלאָפט ניט, און ווי איז צום יידן, ווען ער וועט ניט פאַרנעמען דעם ריטם, ניט כאַפן די מעלאָדיע אירע. אַ היפּערטראָפישע, כמעט קראַנקהאַפטיגע שפירעוודיגקייט שטערט תמיד זיין נשמה=רוה.

אַנדערש דער רוס. נאָר דאָס אויסערגעוויינליכע, דאָס, וואָס ברעכט דורך אַלע צאַמען, דאָס איבער=אַלע=מאָסן גוואַלדיגע איז בכח אויפצוּוועקן דעם רוסישן ווילן, מאַכן אים אַקטיוו און שטאַרקן. דאָס איז אַ מין גאַלאָפּירנדיגער ווילן פון אַ פאָלק אַ ראָמאַנטיקער, מיט אויסבראָכן פון ווילדקייט. און אַזעלכער איז ער אויך ביי אַנדערע מענשן, וואָס זיינען אַסימילירט דורכן רוסישן גייסט. מען ניכטערט זיך אויס, די געפילן לייגן זיך איין, און ווידער אַ מאָל פאַרכאַפּט דעם מענשן אַ שווערע פוילקייט, אַ פאַרשלאָפנקייט. נאָר אין די טעג פון געהויבנקייט און מונטערקייט איז דער רוס גלייך געהאָרכזאַם צום גוטן און צום בייזן, אַבי ס׳זאָל געשעהן עפּעס גוואַלדיגס, ניט געוויינליכס, אַזוינס, וואָס מיטן שכל קאָן מען ניט משיג זיין. דאָס זיינען די כאַראַקטערעלאָגישע שטריכן, וואָס זייער פעולה איז ניט אָפּצושאַצן.

דער ייד פאַרטראָגט לויט זיין עצם מהות ניט קיין קאַטאַסטראָפע. זי איז אים ביז גאָר פרעמד. אין עצם ברען פון דער רעוואָלוציע, נאָך איטליכן פאָך פון איר מעכטיגן פליגל שטעלט ער זיך שוין אָפּ אין מיטן, קוקט אַרום: צי קאָן מען זיך ניט נעמען אויף אָט דעם צואַקערטן, צושאָטענעם גרונט עפּעס אַ ישוב בויען. שטענדיג שפילט ער די ראָלע פון יענער טויב,

וואָס האָט די ערשטע נוחס תּיבה פֿאַרלאָזט, כּדי אַ רוה־פּונקט פֿאַר אירע פֿיס צו געפֿינען. און לעבנדיג אַזוי, שטרעבנדיג צו אַ כּמעט קלאַסישן לעבנס־שטייגער אין מיטן אַ סביבה, וואָס איז פֿון גרונט אויס צושטערט, מאַטערט ער זיך אַריינצובריינגען דאָס איראַציאָנאַלסטע אין דער אָרביטע פֿונם גאַנצן איבריגן זיין. דער רוסישער גייסט, פֿאַרקערט, ווערט באַלד אויסגעלאָשן, ווי נאָר דאָס לעבן נעמט אָן די געשטאַלט פֿון עפּעס קלאַסישן, שטאַנדהאַפֿטיגן. קיין חידוש ניט, אַז ביי אַזאַ היפּוך פֿון שטרעבונגען און כאַראַקטערן איז איינער דעם אַנדערן ניט מסוגל צו פֿאַרשטיין, מוזן אַרויסקומען ווידעראַנאַנדן, וואָס ווערן נאָך פֿאַרשטאַרקט דורך דעם עצם גאַנג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע.

די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס איז ניט געקוקט אויף איר לכתחילהדיגן קאָמוניזם און אַגראַר־איבערקערעניש, גאָר אין אַ שוהאַכן גראַד אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, באַטייט אין איר מהות דעם חורבן און דעם פֿאַרטיידיגונגס־קאַמף פֿון דער רוסלענדישער מלוכה און פֿון די גייסטיגע כּחות פֿון איר פֿאָלק. זי האָט נאָך איר לעצט וואָרט ניט געזאָגט און וועט זיך בלי ספק ענדיגן מיטן איבערבוי און מיט פֿאַרשמעלערונג פֿון איר היסטאָריש־פּאָליטישן צענטער. שוין איצט מעג מען זאָגן, אַז ווי ווייט דעם רוסישן פֿאָלק וועט אָפּגילטן איבערצוקומען די ביטערע צייט, וועט עס שטאַרק פֿאַרקירצן דעם ראַדיוס פֿון זיין געוועזענעם אוניווערסאַליזם לטובת דעם אייגענעם נאַציאָנאַליזם. אַלע זיגערישע רעוואָלוציעס זיינען פֿאַקטאָרן פֿון פֿאָלקיש־מלוכהשן זעלבסטבאַוואוסטזיין און ענדיגן זיך — מיט נאַציאָנאַליזם. דער סאָציאַלער באַזיס פֿון דער מלוכה ווערט פֿאַרברייטערט, דאָס פֿאָלק ווערט פֿעסטער צוגעבונדן צו זיין מלוכה, נאָר כּלפּי חוץ, אין די באַציהונגען צו אַנדערע פֿעלקער ווערט דער הויפּט־טרעגער פֿון דער רעוואָלוציע כּמעט איינגעשפּאַרט־עגאָאיסטיש און ממש פֿיינטליך.

אין קריגס־רעוואָלוציאָנערע תקופות — און אַזעלכע איז דאָך אונזער צייט — זוכן די פֿעלקער זייערע אייגענע וועגן, רעווידירן אַלטע פּאָזיציעס, און פֿון דעם דאָזיגן בלי־ספֿקדיגן פֿאַקט וועט אויך דאָס יידישע פֿאָלק מוזן ציהען זיין מסקנא. בלויז מיטן „קלאַסיציזם“ אַליין איז דער פֿאַרפֿלאָנטערטער קנופּ ניט צו צעשניידן. „אויפֿן אייגענעם נאַציאָנאַלן וועג“ — דאָס איז דער פֿאַרזאָג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע צו אַלע פֿעלקער פֿון רוסלאַנד, דערין אויך צום יידישן פֿאָלק. די היסטאָריעס פֿון די פֿעלקער, ווי זיי ווערן אין אמתן געשאַפֿן, זיינען שטענדיג נוטה צו אַן איבערגעשפּאַנטן סעפּאַראַטיזם, און אַ געזונטער קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם איז מעגליך נאָר ווי אַ פּראָדוקט פֿון אַ לאַנגן פּראָצעס פֿון קולטור־שאַפֿן. אויפֿן אייגענעם וועג און געביט פֿון נאַציאָנאַל־היסטאָרישן און אויף שותּפֿישע וועגן אין דער וועלט פֿון קולטור און ציוויליזאַציע — דאָס איז דער אויסגאַנג, וואָס עס ווערט אָנגעוויזן דורך דעם עצם מהות פֿונם קריגס־רעוואָלוציאָנערן דראַנג.

אויבן האָב איך דערמאָנט, אַז די רוסישע רעוואָלוציע דאַרף ברייגנען גרויסע רעזולטאַטן. זי האָט נאָך איר לעצט וואָרט ניט געזאָגט. אויב איך פֿאַרצייכן פֿאָרט אויף די בלעטלאַך פֿונם דאָזיגן טאָגבוך אַ סך פֿון דער געשיכטע פֿון די לעצטע „זיבן מאָגערע יאָרן“, איז דאָס דערפֿאַר, וואָס איך בין מסכים מיט דער מימרא פֿון רוימישן קיסר, דעם פֿילאָסאָף: וואָס? דאָס איז נאָך ניט אַלץ, דאָס איז ערשט דער דריטער אַקט פֿון דער טראַגעדיע?! — זאָל זיין אַזוי. אָבער אינם דריטן אַקט אַנטפּלעקט זיך שטענדיג דער זינען פֿון דער גאַנצער דראַמע.

ד ו ד  ק אָ י ג ע ן.

בערלין־שמאַרגענדאָרף.
אָקטאָבער 1922.

---

# I. די היסטאָרישע מיסטעריע.

עס איז געווען אַ יאָר פֿאַר דער מלחמה. איך האָב זיך געקליבן אָפּצופֿאָרן פֿון מערבֿ־אייראָפּע, וואו איך האָב אַ לענגערע צייט פֿאַרבראַכט, קיין רוסלאַנד. נאָך היינט איז בײַ מיר פֿריש און לעבעדיג דאָס געפֿיל, וואָס האָט מיך דעמאָלט באַהערשט. און איך האָב עס בײַ געלעגענהייט אַרויסגעזאָגט מײַנע דייטשע גוטע פֿריינט, וואָס האָבן געפּרובט מיך אָפּצורעדן פֿון מײַן פּלאַן.

„איר קאָנט עס קוים פֿאַרשטיין — האָב איך צו זיי געזאָגט. מיר, יידישע אייראָפּעער, — אויב איר ווילט האָבן בעסער — מזרח־יידישע אייראָפּעער, האָבן ניט צו קיין זאַך קיין גרעסערן פֿאַרלאַנג, ווי צו געשיכטע, צו „היסטאָריע“, צו געשעהענישן, פּאַסירונגען בײַ די פֿעלקער, וואָס דורך זייער רעזולטאַט ווערן גורלות געשמידט, גורלות, וואָס נעמען אַ וועלט אַרום און וואָס מען קאָן זיי ניט אויסמיידן. מיר פֿאַרמאָגן באמת אַ גלויבן אין געשיכטע, אין דעם „היסטאָרישן“, וואָס וועט און מוז קומען. אין אונזער נשמה געפֿינט ניט קיין אָפּקלאַנג יענער געשיכטליכער סקעפּטיציזם מיט אַלע זײַנע טענות און ראיות, אַז קיין היסטאָרישער צוזאַמענהאַנג איז בכלל ניט בנמצא, אַז קיין היסטאָריש וואַקסן איז ניט מעגליך. מיר זײַנען דעריבער אײַנגעבוירענע דםשונאים פֿון דער רעאַקציע, וואָס איר שורש איז דאָס פֿעלן פֿון אַ ווילן צו געשיכטע, צו אַ ניי געבוירן פֿון פֿאָלק. און איצט פֿיל איך מיט מײַן אייגענעם היסטאָרישן חוש, אַז דאָס גרויסע

וועלט־געיעג וועט זיך אָנהויבן דאָרטן, ביי דער נעוואַ, און וועט זיך דאָרט אָפּשפּילן. דעריבער מוז איך דערביי זיין, הגם איך בין ניט קיין פּאָליטיקער פון פאַך, לחלוטין ניט קיין "וועלט־פארבעסערער". איך קאָן ניט שטיין פון דער וויטנס ביי דעם געטער־שפּיל, וואָס דאַרף קומען"...

שפּעטער, אַז די „געשיכטע" איז טאַקע אָנגעקומען און האָט זיך מיט איר גאַנצן גרימצאָרן אַ לאָז געטאָן גראָד אויף אונז, יידישע אייראָפּעער, באַשאָטן אונז מיט אַלע פורעניות פון דער תוכחה, האָב איך אָפּט געהאַט די געלעגנהייט איבערצו־קלערן וועגן דער היסטאָרישער מעטאַפיזיק, וואָס איז ביי אונז איינגעוואַקסן. מען איז געוואָרן אָפּהענטיג אין מען האָט זיך אין איינעם מיט וואַלענשטיינען, דעם היסטאָרישן „טוער" פון גאָטס גנאָד, געזאָגט: ניט איך האָב אַראָפּגעשלעפּט אָט די אַלע צרות און פּיין אויף זיך און אויף אַ וועלט, ניט איך האָב געגאָרט נאָך היס־טאָריע; אַן אַנדערער איז דאָס געווען, א רוח, אַ גלגול, אַ אידיי, וואָס האָט דאָס געטאָן און געשאַפט זיך. דעמאָלט האָט מען פאַרלאָזט דעם פאַרשיכורטן גרונט פון דער מעטאַפיזיק און מען האָט זיך איינגעפונען אין גבול פון דער ניכטערער רעאַליסטיק. מען האָט גענומען דעם שטאַרקן היסטאָרישן אינסטינקט אַנאַליזירן, צע־שניידן, און ס'האָט געהאַלטן דערביי, ער זאָל פאַרלענדט ווערן אין גאַנצן. דער שכל דער חקרן האָט גענומען ברומען זיין לידל, זיין ניגונדל, וואָס פּייניגט, ניט אַריבערצוטראָגן.

איטליכער פון אונז, ווי ווייט ער איז ייד, קוים וואַקסט ער אַריבער די היימישע סביבה, מוז ער תיכף אויף אייגענער אחריות — און נאָך מער ווי וואָסער עס איז אַנדער אייראָפּעער אין אַזאַ לאַגע — אָנהויבן מיט אַן א י י ג ע נ ע ר געשיכטע. אַליין מוז ער זיך אַליין אָנשאַפן, און אין רוסלאַנד — אפילו די שפּראַך, וואָס דאַרף אים ווערן אַ „מוטערשפּראַך". עס ארבעט פאַר אים קיינער ניט, ניט קיין פאָלק, ניט קיין מלוכה און אפילו ניט קיין

פאָלקס־באַוואוסטזיין. איך בין דאָ אויסן דעם אַזוי גערופענעם אינטעליגענט, דעם שאַפנדיגן צווישן יידן. מיר זעהען עס נאָך איצט, מיר לעבן עס איבער אויפן אייגענעם „איך". אזוי האָט די אזוי שלעכט אויסגעטייטשטע רוסישע רעוואָלוציע אַרויס־געוואָרפן קיין אויסלאַנד גאַנצע מאַסן רוסישע אינטעליגענץ, צווישן דעם אויך, פאַרשטייט זיך, יידן. די רוסישע אינזשענערן, דאָקטוירים, אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָרן און לערערס האָבן גע־פונען אַ מקום מקלט אין די סלאַווישע לענדער. נאָר אין בעלגראַד אַליין האָבן פופציג רוסישע פּראָפעסאָרן און דרייסיג יונגערע געלערנטע געקראָגן אַרבעט, וואָס פּאַסט פאַר זיי. מען האָט פאַר זיי געזאָרגט איבער טויזנטערליי פּאָליטישע סיבות און ראַסנ־האַפטיגע הינטער־חשבונות; און אויך דאָ אין גלות בלייבט דער פּראָפעסאָר פּראָפעסאָר, דער אינזשענער אינזשענער א. אז. וו. אַנדערש איז דער ייד אין דער זעלביגער לאַגע. צו אים דער־נעהנטערט זיך ניט אין דער דאָזיגער ערנסטער שעה פאַרן יידישן קיום קיין איין האַנט מיט הילף און ליבשאַפט. דער געלערנטער מוז אין בעסטען פאַל אַראָפּגידערן צו דער מדרגה פון אַ טאָג־זשורנאַליסט, דער אינזשענער ווערט אַ סוחר פון מנחם מענדלס שניט און כדומה.

דאָס אַליץ איז געבראַכט נאָר ווי אַ ביישפּיל, ווי אַזוי דער מזרח־יידישער אייראָפּעער מוז שטענדיג און אומעטום אַליין פאַר זיך זיין לעבנס־געשיכטע שאַפן. טייל קוועלן אָן דערפון פאַר גרויס נחת. קוקט נאָר אָן דעם יידן, דעם פּרייען און אומאָפּהענגיגן! אַליץ, וואָס ער האָט און פאַרמאָגט, האָט ער נאָר זיך אַליין צו פאַרדאַנקען, אַלע זיינע פאַרדינסטן מעג מען שטעלן נאָר אויף זיין אייגענעם חשבון. און כידוע האָט נאָך דער גרויסער קאַנט געזאָגט, אַז אפילו דער „חלק לעולם הבא" איז די שאַפונג פון דער אייגנסטער מאָראַלישער אַרבעט. און מען דערמאָנט נאָך דאָס וואָרט פונם איצט „ניט מאָדערנעם" געטע, וואָס אזוי

געזאָגט געוואָרן אין אַן אַנדער צוזאַמענהאַנג: „שאַפֿ דיר עס אָן, בכדי עס צו האָבן“.

זיינען מיר אָבער לעבעדיגע בשר ודמס, ניט קיין קאַנטיאַנער, על כּל פּנים ניט נאָר קאַנטיאַנער. די מאָראַלישע אויסגערעכנטקייט, זאָל זיין אַז זי פֿאַרמערט אונזער שאַפֿונגס־פֿרייד, רירט אונז ניט פֿון אָרט, לאָזט אונז אָפֿטמאָל אַראָפּלאָזן זיך אין אַ סביבה, וואָס, נישט קיין פּאַסיגע פֿאַר אונז, פֿאַרפֿירט זי אונז דורכצושלאָגן דעם אַזוי גערופֿענעם קאַמף פֿאַרן קיום מיט נידעריגערע, פּרימיטיווערע מיטלען. איך טראַכט און האָב עס באַזונדערס ליידנשאַפֿטליך געטראַכט, בעת די כוואַליעס פֿון היסטאָרישן דריי־שטורעם האָבן געשלאָגן באַזונדערס הויך, אַז דווקא די נויטווענדיגקייט צו שאַפֿן די אינדיווידועלע פּריוואַטע געשיכטע דורכאויס אויף דער אייגענער אַחריות, צו שפּירן זי שטענדיג אין צענטר פֿון זיין, האָט אין אונז יידן אויפֿגעוועקט און האַלט שטענדיג וואַך מיט דער גרעסטער קראַפֿט דאָס געפֿיל פֿאַר דער גרויסער געשיכטע, פֿאַר דער היסטאָריע פֿון די פֿעלקער. מיר ווילן, מיר מוזן פֿון צייט צו צייט זיך אָפּרוהען פֿון דער פּריוואַטער געשיכטע. מיר ווילן שפּירן אין אונז אַ לעבן, וואָס קאָן ניט געשטעלט ווערן נאָר אויף אונזער אייגענעם חשבון, וואָס דאַרף גילטן גיכער ווי אַ מתּנת־חסד, ווי אַ שאַפֿונג פֿון קידוש השם. עס איז כּמעט אַ רעליגיעז געפֿיל, וואָס טרייבט אונז אַזוי אַרום צום היסטאָרישן הויך־פֿליה פֿון די פֿעלקער.

איך האָב געהאַט בדעה זיך צו האַלטן אַ ישוב מיטן שכל החוקר אויף צו דערקלערן אונזער ווילן צו געשיכטליכע מעשים. ווי מען זעהט אָבער, האָט דאָ ווידער די היסטאָרישע מעטאַפֿיזיק אונז אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. פֿון זיך אַליין איז די חקירה אומגעריכטערהייט מגולגל געוואָרן אין אַ התגלות פֿון אַן איינגעוואָרצעלטער ליידנשאַפֿט.

ווי מען זאָל זיך ניט פאָרשטעלן אונזער פּיין־פולן וועג, ביי די ברעגעס פון דער נעוואַ זיינען מיר סוף כּל סוף זיך צונויפגעקומען, פון אַלע קרייזן און שיכטן פון דער קולטור זיינען מיר, מאמינים אין געשיכטע, צונויפגעטריבן געוואָרן. אין איין טייל פון אונז האָט זיך גערירט א מחשבה: עס איז שוין אַמאָל אַזוינס געווען, פעטערס שטאָט האָט דעמאָלט געהייסן בבל און האָט אויך אירע פליגלען געהאַט אויסגעשפרייט איבער טויזנטער אומות און שבטים, און אויך דאָרט זיינען מיר, פונקט ווי דאָ, געווען געפאַנגענע פון אונזער ווילן צו געשיכטע, די פאַנאַטיקער פונם איינציגן און אַלץ־בוילדיגן פאָלק פון אונזער גאָט. אונזער איינענע לאַגע, וואָס מיר האָבן ניט קיין אייגענע פאָלקס־ און מלוכה־געשיכטע, האָט אונז דאָ, ווי אומעטום אין דער וועלט, געצוואונגען אויסצופילן מיט אונזער טון און ליידן דאָס היסטאָרישע בוך פון אַנדערע פעלקער און טיילמאָל נאָר פון אייניגע קלאַסן.

אַ געוויסע צייט האָט אויסגעוויזן, אַז דאָ, אין הייליגן רוס־לאַנד, на святой Руси וואָס האָט אין זיינע סטעפּעס אַ זעקסטהלק פון ערד־קיילאַך אַרומגעכאַפּט און וואו מיר אַליין זיינען געווען אַזוי פיל, ווי נאָך ערגיץ ניט אין דער וועלט, — עס האָט אויסגעוויזן, אַז דאָ שטייט אונז אַן אַנדער וועג אָפן אין דער געשיכטע אַריין. מען האָט אַנטפּלעקט דעם ווילן אויסצובילדן אַן אייגן יידיש פאָלק, אַן אייגנטימליכן מלוכה־אַרטיג לעבן, אַן אייגענע געשיכטע. דער נאַציאָנאַלער ווילן פונם רוסיש־יידישן קיבוץ האָט זיך געשפּאָלטן. טייל האָבן צו די מאַסן אַראָפּגענידערט, האָבן גענומען זיך אָפּזונדערן און דורכדעם האָבן זיי נאָר גרינגער געמאַכט די אַנדערע, דעם ענערגישערן מיעוט, וואָס האָט געזוכט צו שטילן זיין היסטאָרישע בענקשאַפט אין רוסנטום. דאָ אָנגעקומען, האָבן מזרח־יידישע אייראָפּעער זיך אָנגעשטויסן אויף דער היסטאָרישער מיסיע פון

רוסנטום גופא, וואָס האָט זיי אויסגעוויזן צו זיין אַזוי באַקאַנט און נאָהענט. און עס האָט זיך אָנגעהויבן די שותּפישע שמחה, מען האָט געטרונקען דעם שטאַרקן וויין פון איין און דעמזעלבּיגן גאָלדענעם בּעכער.

מען קאָן אָט די שותּפות, אָט דעם ווילן פון די מזרח־יידישע אייראָפּעער צו גיין צוזאַמען מיט די רוסן גאָר ניט פאַרשטיין, ווען ס'זאָל זיך פריהער ניט קלאָר ווערן וועגן דער היסטאָרישער מיסטעריע פונם רוסנטום. איך וויל דאָס איצט שוין אָפּן אַרויסזאָגן, וואָס קיינער האָט עס נאָך ניט געזאָגט, און אַ סך וועלן זיין מחולק דערויף: די אַזוי גערופענע אַסימילאַציע פון יידן אין רוסלאַנד איז צום גרעסטן טייל אַן אַסימילאַציע מיטן *היסטאָרישן* דראַנג און גייסט פון רוסנטום און לחלוטין ניט קיין אַסימילאַציע מיט זיין קולטור. פונקט דער היפּך, ווי אין דייטשלאַנד, וואו דער קריסטליכער און דער יידישער דייטש האָבן איין און די זעלבּיגע קולטור, ווענדן אָן די זעלבּיגע מעטאָדן אין לעבן. צי דער דייטשער, דער מערב־אייראָפּעאישער ייד בּכלל, חוץ די יידן פון דער בּריטישער אימפּעריע, איז אינעווייניג צונויפגעבּונדן אין זיין *היסטאָרישן* גלויבּן און ווילן מיט די אַזוי גערופענע פעלקער־בּעלי־בּתּים, — דאָס ווייס איך ניט. בּכל אופן בּין דערין שטאַרק מסופק. די קולטור, וואָס דאַרף אויסבּילדן דאָס לעבן פונם יחיד, איז אין רוסלאַנד סוף כּל סוף צו שוואַך, אַז מען זאָל זיך מיט איר קאָנען אַסימילירן. חוץ אפשר די קירכליכע טראַדיציע, דער איינציגער עכט־רוסישער קולטור־שטאַם — אָבּער פון אים זיינען די יידן נאַטירליך געוויס פריי. איז, בּכן, געבּליבּן נאָר די היסטאָרישע ליידנשאַפט, וואָס מיט איר האָט מען געקאָנט זיך פאַרבּינדן: און דאָס איז מעגליך געווען, דאָס איז דורך דעם היסטאָרישן בּאַוואוסטזיין פונם רוסנטום גופא געגעבּן געווען.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז אין צענטער פון אונזער גאַנצן באַוואוסטזיין, ווי ווייט עס איז געווען יידיש באַוואוסטזיין, שטייגט אויף זינט אַ סך, אַ סך יאָרהונדערטער איין שאלה: וועגן אונזער אָרט, וועגן אונזער ראָלע אין לעבן פון דער וועלט און פון דער געשיכטע. אין וואָס באַשטייט אונזער באַזונדער מהות און צוליב וואָסער באַרוף לעבן מיר? מיטן פשוטן פאַקט פון זיין אַזעלכע, ווי מיר זיינען, האָבן מיר קיין מאָל ניט געקאָנט זיך באַפרידיגן. איין געדאַנק נאָגט אונזער האַרץ: צוליב וואָס זיינען מיר דאָ? אויך די רוסן, ווי ווייט זיי דענקען און שאַפן פילאָזאָפישע סיסטעמעס, ווערן געפייניגט ממש פון אַזעלכע שאלות.

דער רוסישער פילאָסאָפישער געדאַנק איז קודם כל אַ געשיכטס־פילאָסאָפישער, און דערנאָך, אין צווייטער ליניע, אַ טעאָלאָגישער. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס שוין דעמאָלט, בעת די מזרח'דיגע אָרטאָדאָקסישע קירך האָט זיך אָפגעטיילט פון דער אַלגעמיין־קריסטליכער, פון דער קאַטוילישער. די לכתחילה'דיגע אַפּאָסטאָלישע אויסלייזונגס־תורה, נאָך ניט פאַרפעלשט דורך די קאַטוילישע געוועלטיגונגס־אַספּיראַציעס, זאָל זיין געבליבן ריין נאָר ביי דער רוסישער „פּראַוואָסלאַוויע"—דער אמתער אמונה. אַ קירך פון גנאָד, פון חסד, ווייל די רוסישע קירך זיין. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז געוואַקסן דער פישוף־געדאַנק וועגן אַ דריטער רוים אין מאָסקווע. אין משך פון דער צייט האָט דער געדאַנק געקראָגן אויך פּאָליטישע צוציה־קראַפט. די עכט־רוסישע פילאָסאָפן, די סלאַוויאַנאָפילן — די אַלע קירעיעווסקיס, כאָמיאַקאָווס, סאַמאַרינס און דערנאָך די עפּיגאָנען, ווי אָרעסט מילער, דאַנילעווסקי א. אז. וו. אין אז. וו. ביז צו וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו און דאָסטאָיעווסקי — זיינען דער עיקר געשיכטס־פילאָסאָפן און טעאָלאָגן.

זיי אַלע מיינען, אַז זיי פאַרמאָגן עפּעס אַ רעליגיעזן אמת, וואָס לאָזט זיך ניט קלאָר אַרויסזאָגן, אַלע זוכן זיי צו באַשטימען דעם אָרט און די ראָלע פונם רוסנטום אין דער וועלט, אַלע זיינען זיי אויסן אַריינצולייגן אינם רוסנטום אַ באַזונדער היסטאָרישן פּאַטאָס, וואָס ווערט דערנאָך דורך דער מלוכה, דורך די מאַכטהאָבער אָנגעפילט מיט אַ פּאָליטישן אינהאַלט, מיט אויסן־פּאָליטישע אַספּיראַציעס. בעת דער וועלט־מלחמה איז דאָס אויך געווען אָט דער רעליגיאָנס־ און געשיכטס־פילאָסאָפישער געדאַנק פון די סלאַוויאַנאָפילן, מיט פאַרשיידענע באַפאַרבונג, וואָס האָט געשמידט אַ קריגעריש נאַציאָנאַל באַוואוסטזיין. דעם רעליגיעזן אמת פונם רוסנטום האָט מען געשטעלט צו דינסט דער מלוכה, וואָס אירע צילן און שטרעבונגען זיינען געבליבן פרעמד און פיינטליך דעם פאָלק, די מיליאָנען מאָגיליזירטע פויערים.

אַז איך בין אָנגעקומען אין פּעטער דעם גרויסנס שטאָט, דעם סימבאָל פון דער אימפּעריע, פון פאַרוועלטליכטן רוסנטום, דער שטאָט פון שנאה און דער שטאָט פון האַרץ־בענקעניש פאַר אַ פולע, איז די ליקווידאַציע פון דער רעוואָלוציע פון 1905 געווען אין פולן גאַנג. דאָס געזעלשאַפטליכע באַוואוסטזיין איז געווען באַהערשט פונם סטאָליפּינשן *) נאַציאָנאַליזם, אַ מין „אייראָפּעאישן“ היידניש־היה'שן נאַציאָנאַליזם. דער אוניווערסאַלער גייסט פונם רוסנטום, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אויך ביי די סלאַוויאַנאָפילן, האָט געהאַלטן אין אָפּשטאַרבן. ס'האָט קיין ספק ניט געקאָנט זיין: די אייראָפּעאישע רוסישע געזעלשאַפט האָט געמאַכט שותפות מיט דער מלוכה און ביידע האָבן

---

*) ווערליג מיר האָט דערציילט מאַקסים קאָוואַלעווסקי, דער באַוואוסטער רוסישער היסטאָריקער און סאָציאָלאָג, זאָלן די סטאָליפּינס אָפּשטאַמען פון דער ליטע. זייער לכתחילה'דיגער נאָמען זאָל זיין געווען סטאָלפּנער, און אַרויסקומען זאָלן זיי פון יידן.

זיי געפֿייניגט דעם רוסישן גייסט. מען האָט אינסצענירט די קיעווער טראַגעדיע מיטן אָרימען יידן ביילִיסן, אַלס דעם העלד אין דער טיטל־ראָלע. שווערע טעג האָבן איבערגעלעבט מיר, מזרח־יידישע אייראָפּעער. אונז האָט אַרומגעכאַפּט אַ טיפֿער טרויער, וואָס באַווייזט זיך שטענדיג, ווען מען מוז צוקוקן, ווי אַן איינגע־אַרטיגער, שטאַרק פֿעהיגער מענש פֿאַרלייקנט פּלוצים זיין אָריגינאַליטעט, זיין באַזונדערן באַרוף אין לעבן און וויל לעבן, ווי אַלע, גלייך מיט די סך אַנדערע. מיר אַלע האָבן נאָך געהאַט אין זכרון דעם גאָר אַנדערש באַשאַפֿענעם רוסישן גייסט, דעם גייסט פֿון פֿאָלק און פֿון זיין עכטער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך שטענדיג געהאַלטן מחוץ די גרעניצן פֿון די פּעטערבורגער מלוכה־אַספּיראַציעס, וואָס האָט אין משך פֿון יאָרהונדערטער אַרויסגעכישופט די פֿרייע פֿולקן, די „וואָלניצאַ“, געשאַפֿן מי־ליאָנען רעליגיעזע סעקטאַנטן און אויסגעבויט צולעצט אַ גראַנ־דיעזע אידעאָלאָגיע פֿון פֿאָלקסטימליכקייט און פֿאָלקסטום — די „נאַראָדניטשעסטוואָ“. שוין די סלאַוויאַנאָפֿילן האָבן אָנ־ערקענט די אידייע פֿון דער אייגנטימליכער נאַטור פֿון רוסישן פֿאָלק, וואָס אַלכסנדר הערצען און מיכאַל באַקונין האָבן זיי ווידער אַנטדעקט אין דער קאָמוניסטישער ערדווירטשאַפֿט פֿון דער „אָבשטשינאַ“ און כדומה אַזעלכע זאַכן. אָבער דער אמת קריסטליכער גייסט פֿון אָט די „פּיל קליינע“, דער גייסט, וואָס אַנטלויפֿט פֿון מאַכט און וואַרפֿט אַוועק מאַכט, האָט זיך גע־האַלטן פֿאַרבאָרגן. זיין פֿאַרלאַנג נאָך אַן איינענער געשיכטע, נאָך אַן אייגענעם „איך“ אין פֿאָלקס־לעבן, איז אָפּגעשטופּט געוואָרן צום הינטערגרונט.

ערשט בעת די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז ער פּלוצים נתגלה געוואָרן. די רוסישע וועלט האָט אים ביים נאָ־מען גערופֿן, מען האָט אין אים דערקענט דעם שטילן נסתר, דעם פֿאַרבאָרגענעם פֿאָלקס־העלד קאַראַטאַיעוו פֿון טאָלסטאָיס

„מלחמה און שלום“. און גראָד קאַראַטאַיעוו איז דאָס געווען דער יעניגער, וואָס פֿון זיין מענשליכן כישוף האָבן אויך יידן ניט געקאָנט זיך באַפֿרייען. פֿאַר אים זיינען דאָס אָהן אַ צאָל מזרח־יידישע אייראָפּעער געוואָרן פּאָליטישע פֿאַרברעכערס, פֿאַר אים האָבן זיי אַזוי אָפֿט דורכגעמאַכט דעם עינויים־וועג קיין כיביר און אויף אים האָבן זיי זייערע האָפֿענונגען אַרויפֿגעלייגט. בשותפות מיט די קאַראַטאַיעווס האָבן זיי געזוכט זייער היסטאָרישע בענקשאַפֿט צו שטילן.

די מלחמה האָט אין פֿלוג באַוויזן, אַז מען איז געווען גענאַרט. דער וועלטליכער פּאָליטישער נאַציאָנאַליזם האָט געוואָרפֿן אַ חשד אויף די יידן, אַז זיי זיינען פֿריינטליך געשטימט צו די דייטשן, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די באַרבאַרישע אַרויסשיקונגען פֿון גאַנצע פֿעלקער־מאַסן. נאָך דער מעשה־בייליס דער צווייטער גרויסער נסיון פֿאַרן רוסיש־יידישן גייסט. דאָ איז ווידער געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין יידישן געזעלשאַפֿטליכן באַוואוסטזיין. די איינע זיינען געבליבן „פּאַטריאָטן“ לויט דעם פּרינציפּ „ואף על פּי כן“; עס איז זיי שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן פֿון היסטאָרישן ווירקן. די אַנדערע האָבן געזוכט אַרויסצולייענען די „היסטאָריע“ פֿון די בליקן פֿונם שטומען קאַראַטאַיעוו, זיי האָבן געהאָפֿט, אַז אויך ער, וואָס האָט מיט זיין גאַנצן היסטאָרישן פֿאָלקס־אינסטינקט פֿיינט געהאַט דעם אייראָפּעאישן נאַציאָנאַליסטישן פּאַטריאָטיזם, וועט דאָך סוף כל סוף קומען צום וואָרט. און זיי זיינען גערעכט געבליבן, די יידישע רעוואָלוציאָנערן פֿון דעם גענאָד פֿון סטאָליפּינשן נאַציאָנאַליזם.

נאָך היינט דערמאָן איך זיך קלאָר אָן דעם געפֿיל, וואָס האָט מיך אַרומגענומען ביים אָנהייב פֿון דער מלחמה. עס איז געווען אַ שיינער זוניגער זונטאָג אין אודעלנאַיאַ, אַ פֿאָרשטאָט פֿון פּעטערבורג, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה. איך האָב אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ דייטש־רוסישן גוטן פֿריינט. מיך האָט

ממש דורכגענומען אַ געפיל פון פרייד, וואָס מיין פריינט איז דאָס לחלוטין ניט געווען געפעלן. איך האָב אָבער געפילט, אַז איצט איז געשעהן עפעס אַזוינס, וואָס די וועלט וואַרט דערויף זינט כמה יאָרן, נאָר קיינער האָט זיך ניט דערוועגט עס אַרויסצורעדן אָפן. די לופט אין גאַנץ אייראָפע איז געווען צו פאַרשטיקט, די אידעאַלן פון ניינצעהנטן יאָהרהונדערט זיינען געווען אָפגעבלאַקירט, אייגענע צילן האָט אונזער יאָרהונדערט לחלוטין ניט פאַרמאָגט. שפעטער, בעת די ערנסטע גרויליגע יאָרן פון דער מלחמה, האָב איך זיך צופעליג אָנגעשטויסן אויף אַ פראַזע אין דאָסטאָיעווסקיס טאָגבוך, וואו איך האָב דערקענט מיין לכתחילה׳דיגע שטימונג. גלויבט זיי ניט, די מענשן — האָט געשריבן אָט דער טיפער מענשן=קענער — ווען זיי רעדן וועגן דעם עקל, וואָס זיי שפירן קעגן קריג. אַלע פרייען זיי זיך צו גיין אין מלחמה, פטור צו ווערן פון די טאָגטעגליכע דאגות, אַלע שפירן זיי די אויפרודערונג, וואָס אויף איר וואַרטן זיי שטענדיג.

שפעטער, אַז די מלחמה האָט זיך דערשלעפט צו דער טרויעריגער, נודנער וואָכעדיגקייט, ניט אַריבערצוטראָגן, איז עס מיר קלאָר געוואָרן: ניט די מלחמה, נייערט די היסטאָרישע מיסטעריע, די בענקשאַפט נאָך היסטאָרישן געשעהן איז געווען דאָס, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן די פרייד=אויפרעגונג. דאָס איז נאָך קלאָרער געווען, נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע האָט איבערגענומען די ירושה פון דער מלחמה, אַז עס האָט אָנגעהויבן אַנטפלעקט צו ווערן די היסטאָרישע מיסטעריע פונם רוסנטום. דעמאָלט זיינען אויך געווען שיינע זוניגע טעג, ווען טויזנטער און טויזנטער קאַראַטאַיעווס, באַוואָפנט מיט ביקסן און באַגנעטן, האָבן זיך געצויגן צו דער דומע. מיר מזרח=יידישע אייראָפעער, וואָס האָבן דעם „פאַטריאָטיזם" שוין געהאַט איבערגעלעבט און האָבן צוגלייך שטילערהייט געפילט

און געליטן אין איינעם מיט די קאַראַטאַיעווס, מיר האָבן אין איין כהרף עין פאַרשטאַנען דעם זין פון די ווערטער, וואָס עס האָבן זיך דורכגערעדט די באַוואָפנטע קריגסלייט מיט יענע, וואָס האָבן זיי באַגעגנט אין דומע. די האַרן פון דער דומע האָבן געמיינט, אַז איין דעה און איין פאַרלאַנג איז ביי זיי און ביים „פּאַטריאָטישן" פאָלק. אָבער איינינע פון אונז האָבן באַשיימפערליך געזעהן, אַז דאָס „פאָלק" און די „געזעל'שאַפט" האָבן איינע די אַנדערע לחלוטין ניט פאַרשטאַנען, און שוין דעם דריטן טאָג האָב איך עפנטליך דערציילט אין אַ פעטערבורגער צייטונג וועגן דעם גרויסן פלאָנטער, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און וואָס די רעזולטאַטן דערפון קאָן מען גאָר ניט פאָראויסזעהן. די איינע האָבן געחלומט וועגן נצחונות פונם איצט באַפרייטן „פּאַטריאָטישן" פאָלק אויף די ווייטע שלאַכט-פעלדער, לויטן מערב-אייראָפּעאישן מוסטער. די אַנדערע האָבן געפאָדערט באַפרייאונג פונם „פּאַטריאָטיזם", עכט רוסישע פאָלקס-פרייהייט. צוויי אין תוך אַריין פאַרשיידענע אמתן זיינען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן.

די היסטאָרישע מיסטעריע פון פאָלק- און מלוכה-ווערן איז מגולגל געוואָרן אין דער מיסטעריע פון דער רעוואָלוציע. די וועלט-מלחמה איז אין די רוסישע מדינות געוואָרן צו אַ קינדערשפיל לגבי דעם, וואָס האָט איצט געדאַרפט אָנקומען. די מלחמה האָבן געפירט די „פּאַטריאָטן", די מאמינים אין דער מלוכה, אַ דינער שיכט אין דער רוסישער אימפעריע. אין דער רעוואָלוציע אָבער האָבן גענומען אָנטייל דאָס פאָלק און די פעלקער פון דער גרויסער רוסישער ערד. די געשיכטע האָט מיט אַ מאָל גענומען רעדן מיט טויזנט צונגען. ניט נאָר דאָס פאָלק, נייערט אַלע פעלקער און שבטים האָבן געזוכט נקמה צו נעמען דערפאַר, וואָס מען האָט זיי אַזוי לאַנג געשטערט צו לעבן זייער אייגענע לעבנס-געשיכטע. די צוואַנציג מיליאָן

מאָביליזירטע קריגסלייט האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פּאָלגן דער „פרעמדער“ מלוכה־מאַכט. די מפּלה פון פאַרבלאָנדזשעטן רוסישן פּאַטריאָטיזם איז געווען פאַרפאַל. דער חורבן פון דער איסטערלישער אימפּעריע איז געווען אַ פאַקט. און אין אונזערע הערצער האָבן מיר געהערט דעם אָפּהילך פון אַלטן פּסוק: „אַ גאָלדענער בעכער איז בבל אין גאָטס האַנט, וואָס מאַכט שיכור אַלע פעלקער; פון זיין ווייַן האָבן פעלקער געטרונקען, דעריבער זיינען זיי פאַרטומלט געוואָרן“.

הינטער די חורבות פון דער גרויסער אימפּעריע שפּירן מיר דעם כּח פון די אָהן אַ צאָל פעלקער־ווילנס צו אַן אייגענער געשיכטע. און נאָר דאָס גרויסע רוסישע פאָלק האַלט זיך פעסט ביים אוניווערסאַלן גייסט פון רוסנטום און קאָן זיך ניט באַפרייען פונם מופת פון דער רעוואָלוציע. ערגיץ אין רוסישן לאַנד ליגט זי, די פאַרכּישופטע שטאָט פון די צדיקים, די איסטערלישע שטאָט קיטעזש. ווען מען גענעהנט צו איר, פאַרשווינדט זי. ניטאָ קיין כּח אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען איינשטיין קעגן דער בענקשאַפט נאָך דער שטאָט קיטעזש, נאָך דער ירושלים של רוסיא. און ווער עס האָט דיך אַמאָל אין חלום געזעהן, פאַרגעסט דיך קיין מאָל ניט, ירושלים!

פאַר דער גאַנצער וועלט שטייט ער איצט, דער אויפגעוואַכטער רוסישער ריז מיטן טאָפּל־פּנים פונם גאָט יאַנוס. אין זיין רעכטער האַנט האָט ער פאַרקוועטשט די שווערד פון דער רעוואָלוציע, מיט בלוט באַפלעקט, און זיין בליק, וואָס איז צו ירושלים געווענדט, פאַרלירט זיך אין דער פאַרכּישופטער שטאָט פון די ענויים. ווער עס האָט הינטער דעם חיה׳שן פּרעטאָריאַנער־פּרצוף ניט באַמערקט דעם ענוית׳דיגן, שטילן גלילי, דער האָט גאָרנישט געזעהן; מיט ווען די אימה פון דער אכזריות׳דיגער גוואַלד־ און מאַכט־שטימונג איז ניט אַרומגענאַנגען, ווער עס האָט קיין בליק ניט אַריינגעוואָרפן אינם שרעקליכן פּנים פונם אדם

הקדמון, דער פאַרשטייט אויך גאָרנישט פון דער רעוואָלוציאָנע־רער דראַמע. און ווער עס וויל די געשיכטע — דאָס טענעט מען קענען אונז סיי פון „רעכטס" סיי פון „לינקס" — דער מוז אויך אָננעמען איר דיאַלעקטיק. אין היסטאָרישן טון איז דער עיקר דאָס וועלן און קענען ביז־צום־סוף־גיין.

פאַר אונז יידישע אייראָפּעער שטייען דערביי אויף שאלות אָהן אַשיעור און אָהן אַן ערך. דוקא די היסטאָרישע דיאַלעקטיק — אַליין איינס: צי מיר האַלטן מיט דער רעוואָלוציע, צי מיט דער רעאַקציע — שטעלט פאַר אונז די פּראָבלעם: צי טאָרן מיר, צי קענען מיר גיין ביז צום סוף? די דיאַלעקטיק מאַכט דאָס אונז פאַר אַ טראַגעדיע, וואָס האָט דעם שווערן גזר־דין אויף אונז אַרויפגעלייגט. אָנשטאָט אַ סוביעקט פון דער געשיכטע ווערן מיר גרינג איר שעיר לעזאל. דוקא אונזער אַנאָר־מאַלע לאַגע אין דער וועלט און די היסטאָרישע בענקשאַפט, וואָס איז דערפון אַרויסגעוואַקסן, האָט אונז געצוואונגען דורכצו־מאַכן דעם יסורים־וועג פון אַ פרעמדער געשיכטע ביז צום סוף. אָבער אונזער קיום, אונזער גאַנצע מאָראַלישע טבע האָט אונז אָפט געבראַכט אַרויסצולאָזן די קללה: בבלס טאָכטער, דו רויבערין, וואויל צו דעם, וואָס וועט דיר אָפּצאָלן, ווי דו האָסט עס פאַרדינט! אונזער גרויסע פיין, וואָס די וועלט קאָן זי גאָר ניט משיג זיין, אונזער אויפגעוואַכט געוויסן שטעלט זיך אַנטקעגן דעם געניוס פון דער רעוואָלוציע, קענען איר פּאַ־טוס. מיר ווילן ניט און קאָנען ניט מקבל זיין און באַרעכטיגן די היסטאָריע נאָר פון וועגן איר מיסטעריע. און פונדעסט־וועגן, אין דעם גרעסטן „צוק העתים", אין אָט דער שעה פון פורעניות, וואָס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף יידן מער, ווי אויף אַלע אַנדערע, זיינען מיר ניט בכח אָפּצעווענדן אונזער בליק פון דער פאַרכישופטער, פאַרבאָרגענער שטאָט, פון „ירושלים". פאַר אונז שטעקט סיי אין דער מלחמה און סיי אין דער רע־

וואָלוציע, אין דער אַזוי אָנגערופענער קריגס־רעוואָלוציאָנערער תקופה, ניט נאָר אַ היסטאָרישע, נייערט אויך אַ מאָראַלישע פּראָבלעם.

און נאָך איצט, ווען איך געפין זיך שוין מחוץ פון דער היס־טאָרישער שפּיל און שפּיר אונטער מיינע פיס די געבענשטע ערד פון דייטשער קולטור, ווען די רוסישע טראַגעדיע מיט אירע שרעקליכע העלדן הויבן אָן, אין פלוג, צו פאַרשווינדן אין באַוואוסטזיין, מוז איך כסדר קלערן און ווידער אַ מאָל קלערן וועגן איר מאוים׳דיגער שיינקייט, און אָפט זאָג איך מיר שטילערהייט: אויב איך וועל פאַרגעסן דיך, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן. חוץ דער היסטאָרישער דיאַלעקטיק, איז נאָך פאַראַן אַ מאָראַלישע. איך האָב מורא, אַז דער הויך־פליה פון דער געשיכטע קאָן אויף לאַנג ביי אונז אָפּנעמען דעם ווילן צו דער געשיכטע גופא.

# II. דער חורבן.

שטענדיג בעת מיינע פיל באַזוכן אין רוסלאַנד — אַ לאַנגע צייט פאַר דער וועלט-מלחמה — איז מיר אין שמועסן מיט מענשן פון פאַרשיידענע שטאַנדן געפאַלן אין די אויגן איין זאַך, וואָס האָט מיך שטאַרק פאַרחידושט: אַלע זיינען אַריינגעטאָן געווען אין זייערע עסקים, האָבן געטאָן, וואָס זייער לעבנס-באַרוף פאַרלאַנגט און האָבן זיך געלאָזט וואויל גיין, זיי האָבן ליב געהאַט און פיינט געהאַט, האָבן געשטרעבט צו עפעס און געפלאָכטן פאַרפלאָנטערטע אינטריגעס-נעצן, מיט איין וואָרט, זיי האָבן זיך געפירט אַזוי, ווי עס איז דער שטייגער פון מענשן, און דערביי האָט אויסגעדוכט, אַז אַלע האָבן זיי פאַרבאהאַלטן טיף אין דער נשמה עפעס אַזוינס, וואָס האָט געהאַט מער וואָג, ווי אַלץ, וואָס מיר רופן אָן לעבן. מיין געפיל האָט מיך ניט אָפגענאַרט. פאַר אַלע די מענשן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זעהן, פונם הויכן מלוכה-באַאַמטן ביז צום איזוואָזטשיק און פראָסטן פויער — פאַר זיי אַלעמען איז זייער מואַכץ קיין מאָל ניט געווען אַ ציל פאַר זיך, זיי זיינען אַלע אינעווייניג געווען מוכן ומזומן פלוצים, אין מיטן דערינען אַוועקצוואַרפן זייערע טיטלען און זייערע פאָסטנס, זייער האָב און גוטס. די געשעהעניש, וואָס איז וויכטיגער פאַר אַלץ, האָט אויסגעדוכט, גייט צו ערגיץ וואו אַנדערש. אַלע האָבן געוואַרט אויף אָט דער געשעהעניש, אויף דער התגלות פון רוסישן פאָלק. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט דאָס אַרויס-

-זאָגן אויפן קול, נאָר איטליכע מענשליכע נשמה האָט דער-
פון געוואוסט. עס האָט קיין ספק ניט געקאָנט זיין: אין די טי-
פענישן פון לעבן האָט, משמעות, זיך געגרייט עפעס גרויס, וואָס
וועט אַלעמען טרעפן. דאָס רוסישע פאָלק איז געווען אויף דער
צייט מיט אַן אייגענעם, נייעם אמת, וואָס וואָלט געקומען אויך
אָהן דער וועלט-מלחמה. אָהן דער מלחמה וואָלט ער געהאַט
אפשר אַן אַנדער פנים, ניט קיין פּאָליטיש-רעוואָלוציאָנערן. אָבער
אויך די רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַרביטן די מלחמה, איז געגליכן
צו א התגלות און זאָגט געוויס אַרויס עפעס אַזוינס, וואָס ליגט
אויפן גרונט פון דער נשמה.

פעלקער ווייזן פלוצים אַרויס זייער זשעני אויך אין דער
מלחמה און אין אַנדערע מהומות און געשעהענישן. דאָס רוסישע
פאָלק איז אין דער מלחמה געבליבן שטום, עס האָט זיך אַרויס-
געוויזן פאַר אומפעהיג. עס האָט מסתמא נויטיג געהאַט אַן אי-
בערקערעניש, באַשטימט פון אינעווייניג אַרויס, בכדי אַרויס-
צוזאָגן דאָס, וואָס האָט זיך לאַנג צוגעגרייט אין פאַרבאָרגעניש.
אין מערב האָט, ווייזט אויס, זיך אָפּגעשפּילט אַ פּונקט פאַרקערטע
געשעהעניש. די פעלקער האָבן זייער גאַנצן ווילן אין דער וועלט-
מלחמה אויסגעגעבן. אויך דאָרט האָבן מיר דעם פאַל, וואו נאָך
דער מלחמה איז באַלד געקומען דער פּאָליטישער חורבן. וועגן
דעם פאַקט איז פאַראַן אַ סך וואָס צו קלערן. צו ליגן דאָ ניט
פאַרגראָבן יענע יסודות פון דער מיסטעריע, וואָס מיר רופן שוין
איצט אָן די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע?

צוביסלאַכווייז ווערט קלאָרער, וואָס איז אַזוינס די לא-יוצלח-
דיגע מלחמה פון דעם פעהיגן רוסישן פאָלק און זיין רעוואָלוציע.
דאָס פאָלק האָט ניט געוואָלט און ניט פאַרשטאַנען דעם קריג,
וואָס די מלוכה האָט אינסצענירט. עס האָט פאַר זיך קיין
נוצן ניט פאָראויסגעזעהן, אפילו ווען עס זאָל די מלחמה געווינען.
און ניט איין באַבעצי פון פאָלק האָט עס אין הייליגער תמימות.

אַרויסגעזאָגט: „צוליב וואָס דער גאַנצער טומל און רעש? דער „גיעמעיץ“, דער טייטש מוז זיינע קאַרטאָפל זעצן אויף די דעכער, אַדרבא, זאָל ער קומען אַהער. מיר האָבן ערד גענוג“. — און פאַר דער אייגענער מלוכה, וואָס האָט זיך געפילט באַרופן סוף כל סוף צו שטילן די בענקשאַפט פון די סלאַוויאַנאָפילן און אַוועקצושטעלן דעם קרייץ אויף דער הייליגער סאָפיאַ אין סטאַמבול, פאַר דער מלוכה האָט דאָס פאָלק געהאַט נאָר אַ געפיל פון שנאה. מיר זיינען פון וויאַטקאַ, און מיר פון קאַזאַן, און יענע דאָרט פון קאַווקאַז אָדער סיביר, דער אָרט פון אונזער אָפּשטאַם איז אונזער פאָטערלאַנד, איז גרויס און מעכטיג גענוג. וואָס איז דאָס פאַר אַ קיניגרייך פוילן, גאַליציען, פרייסן, וואוהין מיר דאַרפן גיין? — אַזוי האָבן געטראַכט און גערעדט מיליאָנען קאַראַטאַיעווס, אַזוי האָט שטילערהייט געטראַכט אויך ניט איין געבילדעטער. קיין שום שנאה ניט צום פיינט, קיין ליבשאַפט ניט צו דער אייגענער מלוכה. מלוכה און פאָלק זיינען געווען ווייט אָפּגעשיידט פון אַנאַנד, נאָר ביים מאָנען שטייערן, ביים פאַרשיידענעם דינסט, אין קריגס־עקספּעדיציעס און שטראָף־עקספּעדיציעס פלעגן זיי ביידע זיך באַגעגענען, אָבער לחלוטין ניט ווי גוטע פריינט.

די מלוכה און אירע אָרגאַנען זיינען אַפילו אין קרייז פון די געבילדעטע ניט באַליבט געווען. שוין ביי מיינע ערשטע פאַרבייגייענדיגע באַזוכן אין פעטערבורג בין איך געווען נשתומם איבער דעם פעלן פון מלוכה־פאַטריאָטיזם. פאַר מיינע אויגן האָט געשוועבט אַ גלענצנדע אימפעריע, וואָס נאָר די אַלטע רוים איז געווען אַן ערך איר גלייכן. געפאַלענע, איינגעשרומפענע ראַסן און פעלקער־שיכטן, באַשקירן, טאָטערן, קאַווקאַזער און הונדערט אַנדערע נידעריג שטייענדיגע שבטים האָט די פעטערבורגער אימפעריע אויפגעריכט, געזוכט זיי צו אַסימילירן מיטן אייגענעם רוסישן פאָלק. און כלפי חוץ האָט די דאָזיגע

מלוכה געהאַט צו פֿאַרצייכענען לויטער נצחונות. בלויז אין משך פֿון איין יאָרהונדערט האָט די רוסישע אימפּעריע זיך באַרייכערט מיט פֿינלאַנד, קאָנגרעס־פּוילן, קאַווקאַז, טורקעסטאַן, בעסאַראַביען. וואָס קאָן מען מער פֿאַרלאַנגען פֿון אַן אימפּעריע? פֿאַרוואָס קלאָפּט דאָס האַרץ אַזוי שטיל, פֿון וואַנען קומט אָט די געדריקטע שטימונג און דאָס וואַרטן, דאָס אייביגע וואַרטן אויף דער גרויסער געשעהעניש? דאָ און דאָרט האָט זיך אמת געלאָזט הערן אַ התראה־קול: ווענדט אייער בליק אויף די קירכן פֿון מאָסקווע, הערט זיך צו צו די אויסטערלישע גלעקערקלאַנגען פֿון די „פֿערציג מאָל פֿערציג", טוט אַ קוק אויף פּעטערבורג, צי דען הערט איר ניט דעם מאַרש פֿון אירע באַטאַליאָנען? לויטער ממשות׳דיגע, אָנזעהעוודיגע אויסדרוקן פֿונם אָביעקטיוון היסטאָרישן גייסט, פֿון זיין פּאָליטישן ווילן. און אָט די שטים, וואָס האָט געקלונגען פֿון מאַכט און גלאַנץ, האָט זיך פֿאַרלאָרן ערגיץ אין חלל, האָט קיין אָפּקלאַנג ניט געפֿונען.

ערשט שפּעטער, נאָך דעם ווי די געשעהעניש איז געווען געקומען און דער חורבן האָט צעטרייסלט די אימפּעריע ביזן דעק, האָב איך פֿאַרשטאַנען אָט די אַלגעמיינע שלעכטע שטימונג. די מלוכה האָט געלעבט צו עקסטענסיוו, האָט זיך אין גאַנצן אַריינגעלייגט אין דער ווירקונג כלפּי חוץ. בכדי צו פֿאַרוואַלטן זיך אַליין און די איינגענומענע פּראָווינצן, איז זי געווען געצוואונגען צו שאַפֿן אַ ריזיגע ביוראָקראַטיע, אויסצוהאַלטן אַ גוואַלדיגע אַרמיי. אַלץ, וואָס האָט פֿאַרמאָגט כאָטש עפּעס כשרונות און געזוכט אין רוסישן פֿאָלק, האָט געמוזט אַריינגעצויגן ווערן אין דינסט פֿון דער מלוכה. די מלוכה האָט אַזוי פֿאַרכאַפּט די בעסטע פֿון פֿאָלק, אַז עס איז ניט געבליבן גענוג מענשן־מאַטעריאַל אויף זיך אָפּצוגעבן מיט ציוויליזאַטאָרישער אַרבעט. דאָס האָבן געמוזט טון די אַנדערע, די אַזוי גערופֿענע פֿרעמדקערפּערס. די געזעלשאַפֿט, די פּערזענליכקייט, זייער

אייגנסטע טון און שאַפֿן האָבן ניט געקלעקט, זיינען ניט געווען בכח צו ווערן אַ צענטראַל־מאַכט אין לעבן פֿון דער רוסישער אימפּעריע: די מלוכה האָט איינגעשלונגען אין זיך די קולטור, האָט ניט איבערגעלאָזט פֿאַר איר קיין טרעגער, קיין פֿרייען פּלאַץ. דער לויתן האָט אויפֿגעפֿרעסן כמעט אַלץ, וואָס האָט אויפֿגעוויזן כשרונות אין דער רוסישער געזעלשאַפֿט.

זיין אינעווייניגסטע פּאָליטיק, די שטענדיגע פֿאַרבינדונג מיט נידעריגע ראַסן און שבטים, האָט אויך געהאַט טרויעריגע רעזולטאַטן. איצט, בעת די רעוואָלוציע איז עלול אונז צו באַפֿרייען פֿון אַ סך פֿאָראורטיילן, אויך פֿון די פֿאָראורטיילן פֿון אַ פֿאַלש פֿאַרשטאַנענעם ראַדיקאַליזם, מעג איך דאָס אַרויסזאָגן אָפֿן, און איך רעכן, אַז קיינער וועט מיך ניט אָפּפֿרעגן. די אינעווייניגסטע פֿעלקער־פּאָליטיק האָט געליטן פֿון צופֿיל דעמאָקראַטיזם. די מלוכה האָט די מיעוט־פֿעלקער, וואָס שטייען העכער לויט ראַסע און קולטור, ווי די יידן, פּאָלאַקן, פֿינלענדער, אוקראַינער, לעטן, ליטווינער, געבראַכט אַ קרבן פֿאַר דעם נידעריג־שטייענדיגן רוס. די מלוכה האָט זיך אונטערגעוואָרפֿן דעם דאָזיגן דעמאָקראַטיזם און באַצאָלט דערפֿאַר מיט דער פֿאַרערגערונג פֿון דער אייגענער ראַסע. און גראָד מיר יידישע אייראָפּעער האָבן וואָס צו דערציילן, וויפֿיל מיר האָבן זיך אָנגעליטן אונטער דעם דרוק פֿון דער שבטים־ און ראַסן־דעמאָקראַטיע.

אַזוי האָט אויסגעזעהן די מלוכה, וואָס איז מחמת יענער אויסווייניגסטער און אינעווייניגסטער סיטואַציע געגאַנגען צום גורל, וואָס איז פֿאַר איר באַשטימט געווען. אין דער רעוואָלוציע, ווי זי ווערט געפֿירט פֿונם באָלשעוויזם, האָט זיך די דאָזיגע ירושה אַנטפּלעקט. די נידעריגע ראַסעס און שבטים האָבן זיך געהאַלטן פֿעסט פֿאַר דער אימפּעריאַליסטישער אידייע פֿון רסנטום. זיי האָבן עס געבראַכט דערצו, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעפֿורימט כצלמם ודמותם: פּרימיטיוו, „אָריענטאַליש“.

פּאַרקערט, די אַנטוויקלטע פעלקער האָבן אַרויסגעוויזן די טענדענץ זיך אָפּצורייסן פון מוטערלאַנד, צו גיין אויף אייגענע וועגן. די רוסישע מלוכה־פּאַטריאָטן פון אַלטן שניט האָבן קוים דאָס רעכט צו זיין אומצופרידן מיטן איצטיגן מצב. די באָלשעוויקעס זיינען דערין די אויספירער פון דער צוואה פון דער אַלטער אַלרוסישער מלוכה.

אָבער איך האַלט נאָך ניט אַזוי ווייט. די רעוואָלוציע קומט שפּעטער, נאָך דעם חורבן, וואָס האָט פאַרביטן די מלחמה. וואו בלייבט דער גרויסער אַנאָנים, דאָס רוסישע פאָלק אַליין, ווי ווייט עס איז ניט געשמידט פון דער מלוכה, פון איר ווילן? וואָרום מלוכה און פאָלק, די שייכות צווישן ביידע זיינען די עצם העלדן פון דער גרויסער רוסישער דראַמע. די מלוכה האָט אַסימילירט נידעריגע ראַסעס, באַצוואונגען לענדער, אַריינגענומען די אינטע־ליגענץ פון פאָלק אין איר דינסט און האָט צולעצט גענומען אַנטייל אין דעם גרויסן פעלקער־געיעג פון 1914. און דאָס האָט זי געטאָן צוליב דעם כבוד וועגן פון דער אייגענער געשיכטע, אָבער לחלוטין ניט צוליב דעם פאָלק, צוליב זיינע אינטערעסן.

ניט די נאַטור, ניט דער ענגער שטח אָדער די איבערבאַפעל־קערונג האָבן גורם געווען די אָרימקייט פון פאָלק. פאַר די מיליאָ־נען קאַראַטאַיעווס איז געווען גענוג ערד אין דער רוסישער מלוכה, און וועמען עס איז ענג געוואָרן אין דעם היימישן ישוב, דער האָט געקאָנט נעמען דעם וואַנדערשטעקן. דאָס האָט ער אויך געטאָן, ווען עס איז גייסטיג ענג געוואָרן. ער האָט דעמאָלט פאַרלאָזן די „מאַמע־קירך" און האָט רעליגיעזע סעקטן אַרויס־געבישופט. העכער צוואַנציג מיליאָן סעקטאַנטן האָט רוסלאַנד געהאַט, אַזוי אַז מען האָט געמעגט זיך ריכטן, אַז די „געשעהע־ניש" וועט זיך אויסגיסן אין דער קומענדיגער רעפאָרמאַציע. העכער זעקס הונדערט טויזנט מענשן האָבן אויך אַלע יאָר אויס־געוואַנדערט אין אַזיאַטישן רוסלאַנד. זינט לאַנג האָט זיך מיר

געוואָרפן אין אויג. אָט די באַוועגליכקייט פון רוסישן פויער. גאַנצע פעלקער-מחנות האָבן זיך געצויגן קיין מזרח און קיין דרום, האָבן זיך באַוועגט אין דער ריכטונג צום קאַווקאַז, צום שוואַרצן ים און טורקעסטאַן, האָבן אויסגעוואַנדערט קיין סיביר. די ראַדיקאַלן, די „נאַראָדניקעס“ זיינען אויפגערודערט געוואָרן. זייערע דיכ-טער און ווירטשאַפטס-טעאָרעטיקער האָבן זיך קאָנסטרואירט אן אידעאַל בילד פון רוסישן פויער. אין צענטער פון זיין באַוואוסט-זיין האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט דעם ווילן פון דער ערד, די „מאַכט פון דער ערד“. אין דער אמתן אָבער האָט ער זי פאַרלאָזט אַ סך גרינגער, ווי וואָסער עס איז אַנדער פויער. אַפילו די באַרימ-טע דאָרפס-געמיינדע, די „אָבשטשינאַ“, וואָס די מלוכה האָט זי אויסגענוצט צוליב פיסקאַלישע צוועקן, איז ניט געווען בכח אים איינצוהאַלטן.

דעם סאָציאָלאָגיש זעהענדיגן האָט זיך גאָר אַן אַנדער זאַך געוואָרפן אין די אויגן: עס האָבן געוואַנדערט די פויערים, האָבן געוואַנדערט די יידן און פאָלאַקן, די ליטווינער און לעטן, און אפילו די אוקראַינער און ווייסרוסן, וואָס זיינען לויטן בלוט און לויט דער שפּראַך אין אַ הויכן גראַד רוסן, האָבן אַפילו אויף יענער זייט אָקעאַן אין די אַמעריקאַנישע סטעפּעס באַוויזן פעסט צו באַזעצן זיך. ס'איז ממש ניט צו גלויבן: אַ לאַנד, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אַלע קלימאַטן, וואָס פאַרמאָגט די גרעסטע נאַטור-רייכטימער, וואו אוצרות אָזן אַ שיעור ליגן אין דער ערד באַהאַלטן, וואו טויזנטער און טויזנטער קוואַדראַט-מייל ליגן ניט באַארבעט — און אויסוואַנדערונג! ס'איז קלאָר: מיט די קאָנסטרוקציעס פונם ענגלישן גלח מאַלטוס מכח דעם, אַז די אוצרות פון דער ערד ווערן אַלץ ווינציגער און די באַפעלקע-רונג פאַרמערט זיך צופיל, האָט אָט די ערשיינונג קיין שייכות ניט. אַן אַנדערע, ניט קיין נאַטור-מאַכט איז עס, וואָס האָט אָט די מאַסן וואַנדערן געשיקט. די מלוכה, וואָס האָט די קולטור

ניט געלאָזט אויפגיין, וואָס האָט זיך מיטן גוף און מיט דער נשמה
אַריינגעטאָן אין וועלט=היסטאָרישע, אימפּעריאַליסטישע אַספּיראַ=
ציעס, איז דערין שולדיג. דאָס פאָלק האָט געזוכט צו אַנטלויפן
פון דער מלוכה, האָט כסדר געהאַלטן אין וואַנדערן און איז נאָך
בעצם צו קיין ישוב=לעבן ניט געקומען. און מלוכה איז שטענדיג
דעם פאָלק נאָכגעלאָפן און האָט צו דעם טענות געהאַט.

דערמיט הויבט זיך בעצם אָן צו אַנטפּלעקן דער פאַרבאָר=
גענער תוכן פון דער פאָלק=מלוכה=דראַמע פון דער רוסישער גע=
שיכטע. נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל איז עס געקומען צו מער
וויניגער דויערהאַפטיגע באַגעגענישן צווישן פאָלק און מלוכה און
צווישן אונז יידן און דער מלוכה=מאַכט, וואָס האָט אונז פיינט
געהאַט. אין דער וועלט=מלחמה האָט די באַגעגעניש צום לעצ=
טן געדויערט. צוואַנציג מיליאָן מענשן זיינען געשטעלט גע=
וואָרן אונטער ביקס. מלוכה און פאָלק האָבן איצט געהאַט די
געלעגנהייט אַריינצוקוקן איינס דעם אַנדערן אין פנים אַריין. די
געדולד האָט זיך אויסגעלאָזט. דאָס פאָלק האָט די פיינטליכע
מלוכה אָנגעכאַפּט פעסט ביים קאָלנער און איז אַנטלאָפן געוואָרן.
די אימפּעריע איז אַנטקעגן געגאַנגען איר חורבן, דאָס פאָלק אַליין
האָט דורכגעפירט זיין דעמאָביליזאַציע, און עס האָט זיך אָנגע=
הויבן אַ נייער קאַפּיטל פון פאָלקס געוויסן און פאָלקס ווילן. די
„געשעהעניש“, די רעוואָלוציע איז געקומען, און אַלע זיינען געווען
פאַרחידושט און האָבן זיך געהאַלטן שטיל.

## III. אונטערערדישע כחות.

ניט קיין פרייליכע טעג זיינען דאָס געווען, נאָכדעם ווי עס האָט זיך צעשפרייט דער שטויב, וואָס דער קאָלאָס האָט אויפגערודערט ביים פאַלן. אויף די שלאַכט-פעלדער פון דער וועלט-מלחמה איז דער קאַמף ווייטער געגאַנגען, און רוסלאַנד האָט פּלוצים זיך דערפילט אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, מחוץ פון דעם אייראָפּעאישן וועלט-געביי. די פרייד-געזאַנגען, וואָס די ליטעראַטור פון יענער צייט לאָזט הערן, דאַרף קיינעם ניט אָפּנאַרן. קיין איינענע רוסישע מאַרסעליעזע האָט זיך ניט געשאַפן. אין פעברואַר האָט מען נאָך געזונגען: „קרבנות זיינען מיר געפאַלן אין שווערן קאַמף"... און אין אָקטאָבער, בעת עס זיינען געקומען צום רודער די אמתע האַרן פון דער רעוואָלוציע, די באָלשעוויקעס, האָט מען שוין גאָר ניט געזונגען. אַפילו די קאַראַטאַיעווס, וואָס האָבן געווענדט דעם רוקן צום פראָנט און האָבן מאַסנוויַיז זיך אַוועקגעלאָזט קיין מזרח, האָבן ניט געקאָנט פּטור ווערן פון אַ מין אינעווייניגסטער אומצופרידנקייט. מיר פערזענליך איז ניט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן: „וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? מיר זיינען ניט קיין גזלנים. וואַרט נאָר צו, מיר וועלן אַליץ פאַרריכטן. אָבער שפּעטער אַ ביסל, אַנדערש". צי איז דאָס געווען דאָס געפּלאָגטע געוויסן, מורא פאַר די אָפּגעטאָנע מעשים, אָדער נאָר די שרעק פון דעם אָנגאַנגער?

בעת די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן געקעמפט פאַר דער מאַכט, פאַרפאַסט רעזאָלוציעס און דעקרעטן און פאַרגיכערט די

צעשטערונג פון מלוכה און געזעלשאַפט, איז אין די טיפענישן פונם מאַסן־באַוואוסטזיין דער ווילן צו אַ נייער מלוכה געבוירן געוואָרן. עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שטאַרקער דראַנג נאָך אַן אָרדענונג פון אַן אַנדער מין, נאָך אַן אויטאָריטעט, וואָס דאַרף אַנדערש ווערן געפורימט. ניט דאָס פאָלק און ניט די מלוכה האָבן ניט געוואָלט מודה זיין אין דער מפּלה. און עס האָט מיר געדוכט, אַז דאָס רוסנטום האָט שוין זינט לאַנג צוגעגרייט דעם קעגן־גיפט, וואָס דאַרף אַרויסראַטעווען פון וועלט־קאַטאַסטראָפעס. אין אָפענעם קאַמף מיט די פעלקער האָט די מלוכה ניט געקאָנט באַשטיין, פאַר אָט דעם ריזן־קאַמף האָט ניט געקלעקט אויך די אייגענע קולטור, וואָס די מלוכה האָט זי שטענדיג פאַרשמידט געהאַלטן, און דאָס רוסנטום האָט מאָביליזירט דאָס בעסטע, וואָס עס פאַרמאָגט, זיין אמת, וואָס עס האָט דערין אין עניוות געגלויבט.

מיר איז איצט שווער פּינקטליך אָפּצושילדערן דעם פּראָצעס פונם אינעווייניגסטן ווידערגעבוירן פון דעם אויף טויט פאַרוואונדעטן רוסן — אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך גראָד אָנגעהויבן אין איינעם מיט דער רעוואָלוציע. אָבער דעמאָלט, בעת דער סוד פונם אינעווייניגסטן ווידער־געבוירן האָט ערשט אָנגעהויבן צו שפּראָצן, בין איך דאָס געווען בכח צו טון. אין מיין פּעטערבורגער „מבשר פון קולטור און פּאָליטיק“, דער איינציגער אומאָפּהענגיגער צייטשריפט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטערן באָלשעוויסטישן רעזשים, האָב איך אין יאַנואַר 1918 געשריבן:

„די אָהנמעכטיגקייט פון דער מלוכה און די אָרימקייט פון דער קולטור האָבן די רוסישע רעוואָלוציע געבוירן. מיט דער הילף פון אָט דער רעוואָלוציע באַמיהט זיך רוסלאַנד צו באַפרייען פון דער אייזערנער האַנט, וואָס מיט איר האָט די וועלט־מלחמה עס אָנגעכאַפּט, אויף זיין אייגענעם, דעם אַליין איינגעבאָרענעם נאַציאָנאַלן שטייגער. די ראַדיקאַלע איבערקערעניש

איז די רוסישע מעטאָדע פון היסטאָרישן זעלבסטשוץ! העלפט ניט דער קאַמף אין אָפענעם פעלד, פנים אל פנים מיטן שונא, וועט דאָך געוויס העלפן די אידייע פון „ניט אַנטקעגנשטעלן זיך דער רשעות“, דער דעמאָקראַטישער פרינציפ „נאָלי מע טאַנגערע“, לאָז מיך געמאַך, איך טשעפּע קיינעם ניט. אַ סוף איז געוואָרן געמאַכט צו דער העלדישער אָפענסיווע. איר אָרט האָבן פאַרנומען די פּאַסיווע מסירת נפש און דער פאַקט פונם נאַקעטן ווילן צום לעבן. רוסלאַנד, דאָס ענגטע, ווייסט דערפון, איטליכער, וואָס איז באַקאַנט דער ליידן־וועג פון דער רוסישער וועלט, פילט דאָס די והותר. אויף אַ פאַרבאָרגענעם, קריסטליך־רעוואָלוציאָנערן אופן באַמיהט זיך רוסלאַנד אויפצוהאַלטן זיין היסטאָרישן קיום. קריסטליכע עניוות און רעוואָלוציאָנערער בונט — דאָ האָט איר די אמתע פּאַראַדאָקסן פון דעם היסטאָרישן טון פון רוסלאַנד אין אונזערע טעג. La politique c'est la fatalité פאָליטיק איז אַ זאַך פונם פאַטום, פונם גזר דין — אַזוי האָט געזאָגט נאַפּאָלעאָן. אמת, די גרויסע פאָליטיק, צוגעשניטן לויט דעם וועלט־געשיכטליכן מאַסשטאַב. און די פעלקער שפירן שטענדיג און פאָראויס זייער גזר־דין, און אינסטינקטיוו, שטיל אין פאַרהוילן, גרייטן זיי אָן די מיטלען, בכדי אָפּצוּווענדן דעם קלאַפּ. שפירנדיג פאָראויס די קאַטאַסטראָפע פון דער רוסישער אימפעריע, האָט דאָס פאָלק אין זיין רעליגיעזן און מאָראַלישן באַוואוסטזיין, אין זיין גאַנצער ליטעראַטור נאָכאַנאַנד געטאָן און געשמידט דעם גייסט פון ניט־אַנטקעגנשטעלן־זיך, פון פאַראיינפאַכונג, פון עניוות׳דיגער מסירת נפש — אַלץ קאַטעגאָריעס פון איין און דעם זעלביגן עמאָציאָנאַלן שטייגער. מיט זיין אינסטינקט האָט דאָס פאָלק איינגעזעהן, אַז דאָס, וואָס די אימפעריע וואַקסט גוואַלדיג אויס אויפן חשבון פון דער אינעווייניגסטער אינטענסיווער קולטור־אַנטוויקלונג, מוז ניט אַנדערש פירן צום חורבן, און האָט אין פאָראויס געגרייט מיטלען פאַר זיין גייסטיגן זעלבסטשוץ.

מענשן פון דער מערבֿ׳דיגער קולטור זיינען קיין מאָל ניט געווען ביכולת צו פֿאַרשטיין די סתירה צווישן דעם אויסוויינינגסטן גלאַנץ און מאַכט פון דער רוסישער מלוכה און צווישן דעם קולט פון די אָרימע, פון די קליינע אין פֿאָלק, פון אַלע די אַקאַקי אַקאַ־קיעוויטשעס (גאָגאָל). אין דער אמתן האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער רוסישער מאָראַל פון הכנעה אַ באַזונדערע מין גייסטיגע גאווה. אפילו די שפּראַך פון פּאָליטישן טון — וואָס דאַרף דאָך דער עיקר שאַפן מאַכט — איז אָנגעזאַפּט פונם גייסט פון אָט דעם אייגנטימליך רוסישן באַוואוסטזיין: מיר פירן ניט קיין ממשלה, נייערט מיר טראָגן די משא פון דער רעגירונג, די קירך פון דער פּראַוואָסלאַוויע זאָגט זיך אָפּ פון צו קעמפן פאַר מאַכט איבער דער וועלט, זי איז אַ קירך פון גענאָד, און אונזער פּאָזיציע ווי אַ גרויס־מלוכה איז אויף אונז אַרויפגעלייגט געוואָרן פון דער היסטאָריש־געאָגראַפישער לאַגע צווישן אַזיען און אייראָפּע. אפילו מלחמה איז לויט דער מיינונג פון רוסישע דענקער ניט קיין שטרעבונג אויפצווינגען דעם שונא דעם אייגענעם ווילן, נייערט זי איז קודם כל אַ רעליגיעזער אַקט פון מסירת נפש.

ווי אַזוי זשע האָט געקאָנט ביי אַזאַ גייסטיגער אָריענטאַציע ־אַר אויפקומען דאָס באַוואוסטזיין פון אַ מפּלה? אמת, דעם שונאס קויל טויט אַוועק דעם גוף, פאַרמינערט דעם כבוד, זי איז דאָך אָבער ניט בכּח צו טרעפן די גייסטיגע גאווה, וואָס רעכנט זיך ניט מיט אויסווייניגסטע טיטלען און ראַנגען. — איר באַנעמט מסתמא ניט די פּסיכאָלאָגיע פון אַ באַזיגטן פאָלק, עס איז אַ שרעקליכע פּיין, — האָב איך אַמאָל געזאָגט צו אַ רוסישן שריפטשטעלער. — „ס׳מאַכט נישט אויס, מיר וועלן דאָס איבערטראָגן, — האָט יענער געענטפערט, — טאָלסטאָיען קאָן מען ביי אונז ניט אָפּ־נעמען“.

און גראָד טאָלסטאָי האָט צום בולטסטן אַנטפּלעקט אָט די ־ייסטיגע גאווה, ער האָט זי באַנומען ווי אַ מיטל פון היסטאָרישן

זעלבסטשויך. „ווען איר וועט דער רעגירונג ניט פאָלגן — ווענדט
זיך טאָלסטאָי „צום פאָלק“ — ניט צאָלן קיין שטייערן און ניט
שטעלן קיין זעלנער, וועלן קומען פרעמדע פעלקער און וועלן אי=
בער אייך געוועלטיגן... גלויבט ניט אין די דאָזיגע אַלע ריידע=
רייען. אָרדנט איין דאָס לעבן אַזוי, אַז די גאַנצע ערד זאָל גע=
הערן צו אייך אַלעמען, גיט קיין סאָלדאַטן ניט און צאָלט קיין
שטייערן ניט, חוץ אַזעלכע, וואָס איר זייט מרוצה מיטן גוטן ווילן
צו געבן פאַר אייערע כלל=ענינים, און אין שלום, מיט דער
הילף פון קהל גלייכט אויס אַלע אייערע סכסוכים, — און די פרעמ=
דע פעלקער, אַז זיי וועלן געוואָר ווערן פון אייער דאָזיגן גוטן
לעבן, וועלן זיי גאָר ניט וועלן אַרויסגיין קעגן אייך צו מלחמה,
און ווען זיי וועלן דאָס פאָרט טון, וועלן זיי זיך אָננעמען פון
אייער גוטן שטייגער, און אָנשטאָט צו שלאָגן זיך מיט אייך, וועלן
זיי מיט אייך שליסן אַ בונד“. אָט האָט איר דעם אמתן פנים פון
דער רוסישער רעוואָלוציע, ווי זי האָט זיך צוערשט אויסגעדריקט
אין דעם ענטפער אויף דער מיליטערישער מפלה פון דער מלוכה.

די מאַכטהאָבער פון דער רעוואָלוציע האָבן, משמעות, פול=
קום פאַרשטאַנען די דאָזיגע שפּראַך פון מאָלקסטימליכן זעלבסט=
שויך. באַלד האָט די וועלט געקראָגן צו לייענען איינעם פון
די אינטערעסאַנטע דאָקומענטן פון רעוואָלוציאָנערער דיפּלאָ=
מאַטישער קונסט: „אינם נאָמען פונם ראט פון די פאָלקס=
קאָמיסאַרן איז די רעגירונג פון דער ר. פ. ס. ר. מודיע די רעגירונגען
און די פעלקער, סיי די, וואָס געפינען זיך מיט אונז אין קריגסצו=
שטאַנד און סיי די פאַרבינדעטע און נייטראַלע לענדער, אַז, אָפּ=
זאָגנדיג זיך אונטערצושרייבן אַן אַנעקסיע=אָפּמאַך, ערקלערט רוס=
לאַנד פון זיין זייט דעם צושטאַנד פון קריג מיט דייטשלאַנד,
עסטרייך=אונגאַרן, טערקיי און בולגאַריען פאַר געענדיגט. די אַל=
רוסישע אַרמייען ווערט גלייכצייטיג געגעבן דער באַפעל דורכ=

צופירן די דעמאָביליזאַציע אויף אַלע ליניעס פון פראָנט". און דאָס איז טאַקע, כידוע, געשעהן.

דאָס איז געווען די נקמה, וואָס דאָס פאָלק האָט גענומען פון דער מלוכה, וואָס האָט איר כח אָנגעוואָרן. זי באַטייט אָבער צוגלייך אַ גייסטיגן זעלבסטשוץ און אַ באַרוהיגונג פונם פאָלקס־געוויסן, וואָס איז איצט אויפגערודערט געוואָרן. דער גלילי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט צו דער ליכטיגער שיין. אָהנמעכטיגקייט, אָרימקייט, דער גייסט פון די קליינע און דערנידעריגטע איז גע־הויכט און געקרוינט געוואָרן. דער צעפאַל איז געווען אין פולן גאַנג. די זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציאָנאַליטעטן, קלאַסן, גרופּעס, פון די איינציגע דערפער און הייזער איז עלול געווען צו פאַרפּלייצן דאָס לאַנד מיט אַ פולער אַנאַרכיע. און ניט איינער פון די געבילדעטע, וואָס האָט דאָס פאָלק ניט פאַרשטאַנען, איז פול געוואָרן מיט שרעק און מורא. מען האָט פאַרזעהן, אַז גראָד אָט דער פּראָצעס פון זעלבסטבאַשטימונג האָט באַטייט אַ התחלה פון אַ נייער, הגם פּרימיטיווער מאַכט־בילדונג. עס האָט געדאַרפט געשאַפן ווערן אַ מלוכה, וואָס איז ניט פון אויסווייניג אויפגע־צוואונגען, נייערט זי איז געשאַפן פון פאָלק גופא לויט זיין דירעקטן באַנעם. די רעוואָלוציע, בפרט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, האָט אַרויסגעגעבן דעם געהע־ריגן לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די אַרבעטער־, פּויערים־ און סאָלדאַטן־ראַטן". אין געדאַנק איז די נייע רעוואָלוציאָנערע אָרדע־נונג שוין געווען פאַרטיג. דאָס פאָלק, די מאַסן האָבן דאָס זייעריגע אָפּגעטאָן. זיי האָבן לויטן געוויינטליכן היסטאָרישן נוסח אָפּגעלאָזן דעם גרויסן אַליין בינדנדיגן „אָפּמאַך" מיט דער מלוכה און האָבן זיך גענומען שאַפן נייע בינדונגען.

אין פעברואַר (1917) האָבן דריי פּאַרטייען געקעמפט צווישן אַנאַנד, ווער עס וועט געווינען פאַר זיך דאָס פאָלק: די קאַדעטן (פּאַטריאָטן פון אייראָפּעאישן שניט), דעמאָקראַטן

(סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַל-דעמאָקראַטן) און די באָלשעוויקעס. אין אָקטאָבער האָבן די באָלשעוויקעס גובר געווען, ווייל זיי האָבן פאַרשטאַנען צו מאָביליזירן און אויסצונוצן די פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען און כחות פון פאָלק. ווייל זייער גרויסער פירער האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מיטן פאָלק צו רעדן. דער גלילי איז דאָס דער, וואָס האָט שטאַרק פאַרקניפּט אינעווייניג דאָס פאָלק מיטן באָלשעוויזם. און אַז דער דרוק פון דער באָלשעוויסטישער מלוכה איז געוואָרן ניט אַריבערצוטראָגן און בירגער-קריג, מלוכה-קאָמוניסטישע קנעכטונג און הונגער האָבן געפּלאָגט די מאַסן, האָבן זיך, אמת, כסדר אויפגעהויבן פּראָטעסטן קעגן דער נייער אָרדנונג, אָבער נאָר ווייניג פון די אונטערשטע שיכטן פון פאָלק האָבן געוואָלט אויף זיך נעמען אַראָפּצוּוואַרפן די דאָזיגע אָרדענונג. אין זיי אַלעמען האָט געווירקט אַ געפיל פון אחריות פאַר דער נייער מלוכה, וואָס זיי אַליין האָבן געשאַפן. דאָס ניי-געבאָרענע קינד איז צעקאַלעטשעט, מיאוס און טיילמאָלס אַן אַכזר, אָבער עס איז אַ קינד פון זייער האַרץ, וואָס זיי האָבן אויף דעם אַזוי פיל האָפענונג געלייגט. ביי איטליכן אַנטיבאָלשעוויסטישן אויפשטאַנד טרעט אַרויס דער גלילי, דערוועקט זיך זיין אחריות. עס קלעקט אים ניט קיין האַרץ צו צעברעכן דעם געץ מיט די אייגענע הענט. זאָל זיין נאָר אין חלום, אָבער עס איז זיין אייגענע מאַכט, זיין אייגענע האָפענונג, וואָס ער וואָלט זי מפקיר געווען. פאַרבאָרגענע כחות ווירקן דאָ אומעטום אין דער רוסישער געשיכטע.

מען טאָר מענשליכע ענינים, בפרט אַזעלכע, וואָס האָבן אַ היסטאָרישן כאַראַקטער, ניט באַטראַכטן צעברעקלט, פּרטימ׳ווייז. אייניציגווייז, באַזונדער באַטראַכט, איז די רעוואָלוציע, זיינען אירע העלדן מיט זייערע מעשים מיאוס, עקלדיג, געפּלאָנטערט. נעבן דעם גלילי באַווייזט זי אויך דעם פּרעטאָריאַנער און נאָך ערגערע זאַכן. אָבער ווי אַ גאַנצע זאַך, געזעהען אין צוזאַמענהאַנג,

באַהאַלט אָבער די געשיכטליכע געשעהעניש אַ זין אין זיך. אין וואָס זשע שטעקט דער זין פון דער גרויסער דראַמע, וואָס שפילט זיך אָפּ אין קאַמף צווישן פאָלק און מלוכה, צווישן גורל פון פרט און כלל? מיר דוכט זיך אָפּט: אפשר איז די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע שפיל מיט אַלע אירע ערשיינונגען פשוט אַ מופת, וואָס די טויזנטיעריגע רוסישע אימפעריע האָט אַרויסגעכישופט צוליב איר זעלבסטשוץ. דאָס פאָלק גלויבט, אַז עס שטופּט, און עס ווערט דאָך שטענדיג געשטופּט.

גראָד די אידעאָלאָגן פון דער רעוואָלוציע גיבן מיר איין אַזעלכע געדאַנקען. האָבן זיי דאָך יאָרצעהנדליגער לאַנג באַהערשט די רוסישע בילדונג, און זיי האָבן דאָך אונז געלערנט, אַז די „גרויסע קשיות“ פון דער צייט, פון דער תקופה, פון אַ קלאַס אָדער אפילו פון אַ פּאַרטיי האָבן מער באַטייט ווי די „גרויסע קשיות“ פון דער וועלט און פון זיין. פונקט ווי די מלוכה, וואָס קענן איר האָבן זיי געפירט מלחמה, האָבן אויך זיי ווייט צוריקגעשטופּט די קולטור, איר איינגן־צוועק, בכדי דערמיט צו דינען די איבער־אינדיווידועלע צילן, דער „היסטאָריע“. דער רעוואָלוציאָנערער ווילן, אַזוי ווי ער ווערט גענוצט אין די געשיכטליכע מעשים, איז אין זיין עצם מהות אַ מאַכט־בילדנדיגער, פּאָליטישער כח. און דורכדעם וואָס די רעוואָלוציע קומט צו דער ממשלה, באַגייט זי די זעלביגע זינד, וואָס איבער זיי איז אונטערגעגאַנגען די מלוכה, וואָס זי האָט פאַרנומען איר אָרט. רעוואָלוציע באַטייט שטענדיג אַ מינימום פון קולטור, פון פרייען שאַפן און אַ מאַקסימום פון מלוכה־מאַכט, פון פּאָליטישן אָבערגלויבן.

מיר פאַרגעסן צו גרינג און לערנען צו ווינציג אָפּ פון דער אייגענער אייראָפּעאישער געשיכטע. אַניט וואָלטן מיר לכתחילה געוואוסט, אַז מען טאָר ניט פאַרבינדן מיט רעוואָלוציע האָפענונגען אויף קולטור־ און מענשן־אַנטוויקלונג. אַדרבא, צו דער טראַדיציע פון אַלע רעוואָלוציעס געהער מותר צו זיין אויף איי=

גענער אַרבעט און פֿאָדערן אַלצדינג פֿון דער מלוכה. די מלוכה קאָן אַליין טון, בפֿרט ווען זי איז אַן אַזוי אָנגערופֿענע פֿאָלקס־מלוכה. זי קאָן די הונגעריגע מאַכן זאַט, קאָן פֿאַרשאַפֿן ווערדע און מאַכט און קודם כּל איינטיילן צווישן אירע געטרייע געלט און גוטס. דער שטאַרקסטער גלויבן אין דער אַלמעכטיגקייט פֿון דער מלוכה אין דער מאָדערנער אייראָפּע נעמט זיך געווים פֿון דער מלוכה פֿון פּראַנצויזישן יאַקאָבינערטום.

די רוסישע רעוואָלוציע איז באַהערשט פֿון דער זעלביגער דיאַלעקטיק, וואָס אַלע פֿריהערדיגע רעוואָלוציעס. זי האָט זיך אויף אַזוי פֿיל גרינגער איינגעלעבט אין פּאָליטישן פּאַראַורטייל. אויף וויפֿיל אין רוסלאַנד בכלל איז די קולטור, די געזעלשאַפֿט, די פּערזענליכקייט געווען און געבליבן קליין. די געזעלשאַפֿט איז געווען צו שוואַך, אַז מען זאָל זיך דאַרפֿן מיט איר רעכענען. פֿון וואַנען האָבן דען געקאָנט די רוסישע געזעלשאַפֿט און איר קולטור שעפֿן כּח, אַז ביידע זיינען לויט זייער עצם מהות בלויז נעבן־פּראָדוקטן פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בילדונג גופֿא? אין צענטער — די אידייע פֿון איבערקערעניש, פֿון פֿאַרניינען אַליין געגעבענע און באַפֿרידיגטע מיט זיך. דער וואַנגעלישער גייסט פֿון אָנהויב קריסטנטום מיט זיין לערנונג: — מיין מלוכה איז ניט פֿון דער וועלט,—האָט זיך פֿאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע. אפֿילו אַ מאַן, ווי וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, דער פֿי־לאָסאָף פֿון די נעאָ־סלאַוויאַנאָפֿילן, האָט זיין צינז געצאָלט דעם ניהיליזם פֿון דער רעוואָלוציע. ער האָט דאָס שפּעטער דער־ציילט: ער און זיין חבר זיינען איין דעה זיערין, אַז דאָס פֿאַר־אַנענע מוז אין דער נאָהענטסטער צוקונפֿט ראַדיקאַל צעשטערט ווערן, מיט איין אונטערשייד: דער חבר האָט געגלויבט, אַז פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע וועט אויפֿגעריכט ווערן אַ מלוכה פֿון פֿאַ־לאַנסטערן, וואו ס׳וועלן ניט זיין קיין אָרימע לייט, נאַראָנים און פֿאַרברעכערס; פֿאַר סאָלאָוויאָוון אָבער איז דאָס נאָך ניט גענוג

געווען. די גאַנצע וועלט מוז פאַרלענדט און איבערגעאַנדערשט ווערן, בכדי דעם אָרט פון אונזער לעבן זאָל פאַרנעמען אַן אַנדערס, אַ „ריין טראַנסצענדענט לעבן". און מיט אַזאַ „ראַדיקאַלן נאַטוראַליזם" און מיט אַזאַ „ראַדיקאַלער מעטאַפיזיק" איז פול געווען די גאַנצע בילדונג, די ליטעראַטור, די פאָעזיע. מיר מוזן באמת אַ שבח אָפּגעבן דער וועלט, וואָס נעבן אָט דעם נוצריש־רעוואָלוציאָנערן ווילן צום אַנדערש־ווערן, צום נישט, ווירקן אין דער מענשליכער וועלט נאָך אַנדערע כּחות און געזעצן. און בעת די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגן האָבן געזוכט צו פאַרענטפערן די שאלה פון די סלאַוויאַנאָפילן: וואָס איז אַזוינס רוסלאַנד? — האָבן זיי אַ לאַנגע צייט זיך מתווכּח געווען וועגן דעם מהות און דעם באַטייט פון דער רוסישער פאָלקס־אַרבעט, וועגן דער רוסישער ווירטשאַפט. אַזוי אַרום איז יעדער געבילדעטער געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער עקאָנאָמיסט. איך גופא, וואָס איך געהער צום יינגערן דור, האָב שוין צו זעכצעהן יאָר שטודירט אַדאַם סמיט, און דוד ריקאַרדאָ, און מאַרקס, און אַ סך אַנדערע ווירטשאַפטס־טעאָרעטיקער און סטאַטיסטיקער. פון עלטערן דור האָט מען איבערגענומען בירושה די אויפגאַבע צו פאַרענטפערן די פּראָבלעם וועגן דער ראָלע פון דער פּערזענליכקייט, פונם מיעוט און פונם רוב אין לעבן פון דער געשיכטע. ווער איז מחויב און ווער איז בכּח דורכצופירן די רעוואָלוציע, די איבערקערעניש: דער געבילדעטער, דער פּויער אָדער גאָר דער פּראָלעטאַריער? אַזוי אַרום זיינען מיר אַלע מיט אַמאָל געוואָרן געשיכטס־פילאָזאָפן, סאָציאָלאָגן און פּאָליטישע סטראַטעגן און טאַקטיקער. אפילו די נאַטור־פאָרשונג, וואָס פאַרמאָגט אייגענע היבשע כּחות, איז אין דער רוסישער געזעלשאַפט אויפגעקומען פונם רעוואָלוציאָנערן דראַנג, פונם דראַנג צו דער „ריינער רעאַליטעט", צו דער נאַטור אין אָריגינאַל. דער אינהאַלט פון דער רוסישער בילדונג זיינען

דער עיקר געווען נעבן־פּראָדוקטן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַציהונג צו דער וועלט.

אַפילו אונזערע, די יידנס אַסימילאַציע מיטן גייסטיקן רוסנטום, און אויך די אַסימילאַציע פון דער פאָלקסטימליכער רוסישער אינטעליגענץ מיט דער ציוויליזאַציע, מיט דער אייראָפּעאישער קולטור, איז דורכגעגאַנגען דורך דער רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע און איר געדאַנקען־קרייז. דורך אָט דער אידעאָלאָגיע איז מען געוואָרן „געבילדעט“ און מען האָט זיך געהאַלטן העכער פונם „פּאַרפוילטן“ אָדער „קליינבירגערליכן“ מערב, — געווענדט אָן דעם שטאַנדפונקט. איך קאָן שוין איצט ניט איינהאַלטן דאָס געלעכטער, ווען איך הער, ווי דאָס דילעטאַנטנטום, וואָס האָט איצט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין דייטשלאַנד, זוכט צו באַווייזן, אַז פונם רוסישן רעוואָלוציאָנערן קריסטנטום דאַרף קומען די אויסלייזונג פון דייטשלאַנד, די אויסלייזונג פון אייראָפּע. באמת, דאָ פּאַסט זיך גוט דאָס אַלטע וואָרט: הייליגע תמימות! וואַרפט אַוועק די דאָזיגע שפּיל. מיר האָבן די דאָזיגע „אַסימילאַציע“ דורכגעמאַכט, מיר זיינען געגאַנגען לערנען זיך ביי די „ראַדיקאַלע מעטאַפיזיקער“, האָבן געזעהן דעם גאָט פון דער רוסישער ערד פּנים אל פּנים און האָבן אויך דעם אַין, דער ניהיליטעט אין אָהנבּרעגיגן אויג אַריינגעקוקט. אמת, אַ גרויסער נסיון, וואָס עס איז שווער אים ביייצושטיין. נאָר ווינציג מענשן קערן זיך אום צוריק צו זיך, צום יש פון אָט דער מלוכה פונם ניט־זיין, פון דער קיין מאָל ניט געשטילטער רוסישער גאווה. לאָזט דאָס אָפּ!

די רעוואָלוציע וויל ניט וויסן פון קיין אַנדערע געטער אויסער זיך. ניט נאָר דער מלוכה, אַפילו דעם פאָלק, דער געזעלשאַפט, דער בילדונג, דעם מענשן און דער פּערזענליכקייט האָט מען ניט צוגעפּסקנט קיין אייגענע צילן און אידייען, וואָס זאָל איבער זיך קיין זאַך ניט האָבן. די רעוואָלוציע איז דער דעמיורג, דער

בורא אַליין. די מיטאָלאָגן פון דער ר'עוואָלוציע זיינען דאָס שוין מבשר אומעטום:

הײ, איר רוסן,
פישערס פון וועלט־אַל,
אייער נעץ און באַגינען האָט דעם הימל געפאַנגען
בלאָזט אין שופרות, שלאָגט!

זייערע טשערעדעס פאַשען זיך אין די הימלען, זייערע הינער פיקן שטערן, זיי אַליין צעשפּאַלטן די מאַמע־ערד און שטעלן די קני אויפן עקוואַטאָר. די גאַנצע וועלט, דער קאָסמאָס בונ־טעוועט זיך. און די מאַכט צו בינדן און צו באַפרייען, דאָ אויף דער וועלט און דאָרטן אויף יענער וועלט, געהער נאָר צו דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט.

ווי דער דעמיורג, דער אויבערהאַר פון דער וועלט און פון די מזלות, ווי דער רעאַלער קאָנקרעטסטער אויסדרוק פון סאַמע רעאַלסטן „ריינעם" פאָלק, פונם פּראָלעטאַרישן פאָלק, וואָס האָט קיין ווערדע ניט געהאַט און קיין האָב און גוטס ניט פאַרמאָגט, צעגייט זיך די רעוואָלוציאָנערע מאַכט אין לויטער איבערקערענישן, אין שטרעבן צום אַנדערש־ווערן. „אינאָניאַ", די „אַנדערש־זייענדיגע" איז דער נייער נאָמען פון דער רוסישער ערד. די דיכטער־מיטאָלאָגן האָבן איר אים מיטגעגעבן אויפן לאַנגען וועג צו די קאָסמישע ווייטקייטן. די קרוין פון דער רע־וואָלוציע, דער צענטער פון דער וועלט־ממשלה איז די דריטע רוים, די מוטער־מאָסקווע. און דאָ ווערט געשאַלטעוועט און געוואַלטעוועט אויפן אמתן רעוואָלוציאָנערן שטייגער. איר איז צוניץ געקומען די מלוכה־סאָציאַליסטישע דאָקטרינע, וואָס איז זינט לאַסאַלס צייטן אין אונזער אַלטער אייראָפּע אַראָפּ פון רעכטן וועג. אַלצדינג מעג, אַלצדינג קאָן, אַלצדינג מוז אָפּטון די מלוכה. איינער מוז עס דאָך קאָנען.

אַ צייט לאַנג האָט געקאָנט אויסווייזן, אַז דער אונטערגאַנג פון דער רוסישער אימפעריע איז געגליכן צום אונטערגאַנג פון דער אַלטער רוימישער אימפעריע און אַז ער וועט אַריינציהען אין זיין שטראָם אייראָפּע, די גאַנצע וועלט, און טייל האָבן שוין געמיינט, אַז די געשיכטע איז אויס, און עס זיינען אָנגעשטאַנען משיחס צייטן: אונטערגאַנג און אַ ניי פּראָלעטאַריש קריסטנטום אָהן אַרבעט, אָהן געזעלשאַפט, אָהן מלוכה, אָהן ציל. אָבער דאָ איז פּלוצים אויסגעוואַקסן אין לאַנד פון די נוצרים אַ סאָציאַ-ליסטישע קאָרסיקאַ, עס האָט זיך אויפגעכאַפּט די פּאָליטישע ראָמאַנטיק פון דער אַלט-רוסישער מלוכה, עס האָבן זיך באַ-וויזן פאָרם, שטרענגקייט און האַרטקייט, וואָס אָהן זיי קאָן קיין מלוכה ניט געמאָלט זיין; און ווידער אַמאָל שטייט רוסלאַנד פאַר דער פּראָבלעם: מלוכה און פאָלק. דער אמתער העלד פון אָט דעם גאַנצן בונט, דער אַנאָנימער קאַראַטאַיעוו, האָט, משמעות, נאָך זיין קעניג-חלום ניט אויסגעחלומט.

וואָס קומט דאָ פאָר? צי מאַכט אויך דאָ, אפילו אין דעם קרייז פון די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגן, די אַלטע טויזנטיאָריגע רוסישע אימפעריע אירע כישוף-קונצן: זי לאָזט זיך דינען, אַזוי אַז די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגן שפּינען ווייטער אין זייער אימפּעט ביז צום אַבסורד דאָס, וואָס די אַלטע רוסישע מלוכה האָט אָנגעצייכנט? צי איז דאָס די מלוכה, דאָס פעסטע געביי פון אַלטן לעבן, וואָס נעמט איצט נקמה פונם גלילי, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צו צעברעכן די אַלטע לוחות? אָדער צי האָט אפשר טאַקע דער גלילי מיט אַן אמת בדעה איבערצונעמען די ירושה פון דער טויזנטיעריגער פירונג? .אָדער אפשר איז דאָס גאָר אַ דריטער, וואָס זיין נאָמען איז נאָך ניט דערמאָנט געוואָרן, וואָס פאַר אים האָבן דאָס פאָלק און די מלוכה זייער בלוט געלאָזן? די רעסטאַווראַציע, וואָס גראָד אין אונזערע טעג האָט די רעוואָלוציע גופא זיך פאַר איר גענומען, די רעוואָלוציע

און רעסטאַווראַציע אין איין און דער זעלביגער פּערזאָן — צי באַטייט דאָס ניט דעם נצחון פון יענעם דריטן?

ווי דאָס זאָל זיין, אין שאָטן פון דער רעוואָלוציע, הינטער די קוליסן פון דער פאָלק=מלוכהשער דראַמע וואַקסט ניי לעבן, ווערט אויפגעהאָדעוועט אַ נייער מענשן=טיפּ, און אַ נייער גלייבן שטייט אויף פון דער אויפגעגראָבענער ערד. ווידער אַ מאָל ווייזט זיך אַרויס, אַז די נעבן=פּראָדוקטן פון דער רעוואָלוציע זיינען שטאַרקער פאַר איר אייגנסטן ווילן. נאָך אַלעמען גייט זיך די געשיכטע ווייטער איר וועג אויך אין רוסלאַנד, עס גייט ווייטער די גרופּן=, מענשן= און גייסט=בילדונג. דעם „קץ הימים“ איז מען, ווייזט אויס, שוין איבערגעשטאַנען. איך וויל איצט פּרובן וועגן דעם צו דערציילן. איך וויל דאָס טון נאָך מער דערפאַר, ווייל אָט די גרויסע אינעווייניגסטע איבעראַנדערשונג ציהט אויך אונז יידן אַריין אין איר קרייז. אפשר וואָלט דעמאָלט געוואָרן אַ סוף צו דער לעגענדע פון די יידישע אַפּאָסטאָלן פונם רוסישן באָלשעוויזם. מען מוז זיך צואיילן, וואָרום דער גאַנצער רוסישער באָלשעוויזם איז איצט אויפן בעסטן וועג צו צעגיין אין גאַנצן אינם נאַציאָנאַליזם פונם רוסנטום.

---

# IV. גלגולים.

מיר, די אַנדערע, וואָס מיר האָבן די רעוואָלוציע ניט גע־
מאַכט און טראָגן דירעקט ניט די אַחריות דערפאַר, וואָס זי האָט
געטאָן און ניט געטאָן, אויך מיר, דאָס פּובּליקום, דער כאָר אין
דער היסטאָרישער מיסטעריע, האָבן דורכגעמאַכט אַ גלגול
און זיינען, גלייך ווי דער טויטער אלעזר, אויפגעשטאַנען צו
אַ נייעם לעבן. דער וועג איז געווען אַ שווערער און ניט אַלעמען
האָט עס אָפּגעגליקט איבערצוקומען בשלום דעם פּרוב. ביי
טייל האָט זיך די פּוילקייט פונם איינגעווייגטן געדאַנק געשטעלט
אין וועג, און אַנדערע זיינען פונם רעש פון די געשעהענישן ממש
פאַרחושט געוואָרן. איך האָב עס שוין דערמאָנט: אידעאָלאָ־
גיש איז מען צו דער גרויסער רעוואָלוציע ניט צוגעגרייט געווען.
גיכער איז מען געווען אַרומגענומען מיט אַ שטימונג פון ליקווי־
דאַציע. די געטער פון דער רעוואָלוציע פון 1905 זיינען אין
שערבלאַך צעקלאַפּט געוואָרן. אָבער אויך דאָ, וואו מען האָט
די רעוואָלוציע פאַרלייקנט, האָט מען געלעבט אויפן חשבון פון
אירע נעבן־פּראָדוקטן. אַזוי איז דער פאַרבלאָנדזשעטער רע־
וואָלוציאָנערער ווילן צעבּרעקלט געוואָרן אין טויזנטער און טוי־
זנטער קליינע ווילנס מיט „רעוואָלוציאָנערער“, מאַכטהאָבּע־
רישער נאַטור, וואָס יעדער איינציגער האָט צוליב זיין אייגענער
טובה און אַלעמענס רעה אויסגענוצט. ניט איין בעל־חלום און
אידעאָלאָג איז צו אַ קרעמער מגולגל געוואָרן. מען האָט זיך

אַריינגעטאָן אין אינדוסטריע, אין האַנדל, אין געשעפט. פונקט ווי יעדער רעוואָלוציע, אַזוי האָט אויך די פון 1905 אויפגעוועקט מאַכטהאָבערישע אינסטינקטן, צעבלאָזן ווירטשאַפטליכע כּהות אין מאַסן. אַ מיעוט איז איינגעזונקען אין עראָטיק אָדער איז צוגעצויגן געוואָרן פון דער קירכליכער ראָמאַנטיק. און דאָס זיינען געווען גראָד די בעסערע. די „אַנטוויקלונג" האָט אָפגענאַרט, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט פאַר מאָמענטאַנע אימפּרעסיעס אָדער אפילו פאַר מיסטישע פאָרשטעלונגען. דאָס פילקעפיגע פובליקום, וואָס האָט שפּעטער, אין דער גרויסער רעוואָלוציע, איבערגענומען די ראָלע פון כאָר, האָט געליטן פון אַ ירושה־קרענק.

אַפילו אין פעברואַר 1917, בעת עס איז נאָך אָפגעהיט געוואָרן דער „שטאַט" פון די געבילדעטע און דאָס גרויסע וואָרט האָט געפירט די פּאַרטייאישע אינטעליגענץ — אין די אַכט לאַנגע חדשים פון דער טאָפּל־מאַכט, בעת עס האָט רעגירט די צייטווייליגע רעגירונג בשותפות מיט די אַנטיבאָלשעוויסטישע ראַטן — אין דער צייט, הייסט עס, בעת קיינער האָט זיך נאָך ניט איינגעשטעלט ממלא צו זיין די האָפענונגען פון די מאַסן אויפן סוף פון דער מלחמה און אויף דער צעטיילונג פון דער ערד, האָט אָט דאָס פובליקום געוואוסט: דאָס איז ניט אונזער רעוואָלוציע, דאָס איז די רעוואָלוציע פון די העלאָטן. קוקט נאָר אָן דעם שקלאַוו פון נעכטן. ער רעכנט זיך גאָר ניט מיטן אינטערעס פון דער מלוכה, ער איז עגאָאיסטיש, עס איז דער „הדיוט קופּץ בראש". אַזוי האָבן געקלערט ניט ווינציג, וואָס האָבן זיך אָנגערופן פאָלקס־פריינט, רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַליסטן. דער בורזשואַ פון פובליקום האָט עפּעס אַנדערש געהאַט אין זינען. די שקלאַוון, וואָס האָבן מורד געווען, האָבן זיך ערלויבט אַזאַ לוקסוס, וואָס ער גופא זאָל כלומרשט אַפילו אין שלום־צייט זיך ניט האָבן נאָכגעגעבן. קוקט נאָר אָן אָט דעם אויסברעגנער דעם סאָלדאַט: דריי רובל (עס זיינען נאָך

דעמאָלט געווען אַלטע ראָמאַנאָווישע גאָלד־רובלס) האָט דער יונג אויסגעגעבן פאַר איין עפּל. היינט די מיידלאַך פון פאָלק, זייערע אייגענע דינסטמיידלאַך — ווי האָבן זיי זיך דאָס אַריינגעלאָזט אין טאַנץ, ווי עס לייכטן זייערע פּנימער! און אָט די זאָלן דאָס זיין די אָנזאָגער פון אַ נייער ישועה! אָפּגענאַרט — און שוין! און אָט זיינען געקומען די אַרבעטער, וואָס ווילן כלומרשט ניט אַרבעטן און מאָנען העכערע שכירות. און מיט זיי האָבן זיך געחברט די „פּירער“, טיילמאָלס עזות־פּנימער, האַלב־געבילדעטע און אויך ניט קיין כשרע נפשות. דאָס בילד איז געוואָרן שוואַרץ געמאָלט. דאָס פּובליקום האָט זיך די אויגן געריבן און האָט גאָרנישט געזעהן.

פאַראַן נאָך איצט צווישן די רוסן נאַאיווע מענשן, וואָס בענקען צוריק נאָך דער פעברואַר—רעוואָלוציע, ווי נאָך אַ שיינעם חלום. וואָס איז ניט געשאַפן געוואָרן אין די אַכט חדשים? די גרויסע כאַרטיע פון די פרייהייטן, די פולקומענסטע דעמאָקראַטיע, וואָס מען קאָן זיך נאָר אויסמאָלן. אין דער אמתן, אַ דורך און דורך שלעכטער חלום. דאָס פּובליקום, דער כאָר איז דערפאַר אַן עדות. קיינער האָט ניט געוואָלט, קיינער האָט ניט ליב געהאַט די דאָזיגע רעוואָלוציע פון דער דעמאָקראַטיע, חוץ די פאָרשטייער פון דער רעגירונג און זייערע אָנהענגער און חוץ אונז יידן. מיר זיינען אפשר געווען די איינציגע, וואָס זיינען צייטיג געווען פאַר די פרייהייטן, און ניט איין יידישער בחור האָט מיט זיין לעבן פאַר אָט די אַלע פרייהייטן באַצאָלט. די מעשה וועגן דעמאָקראַטיע און פרייהייט, וואָס דאָס רוסישע פאָלק זאָל כלומרשט אין אָט די באַדייטונגספולע אַכט חדשים האָבן ליב געקראָגן, איז אפילו ניט קיין נוציגע אילוזיע און לעגענדע, און זי פאַרטומלט און פאַרטונקלט נאָך מער אונזער מיינונג איבער די רעוואָלוציאָנערע געשעהענישן. אונטער דער הערשאַפט פון דער צייטווייליגער רעגירונג אין אַלע אירע קאָמ־

ביניאַציעס איז די שטימונג פון די מאַסן, פונם פובליקום אַנטי־
דעמאָקראַטיש, אַנטיפרייהייטליך.

ערשט שפּעטער, אַז די דעמאָקראַטיע איז אַראָפּ פון דער גדולה, האָט דאָס „פובליקום" זיך איינגערעדט, אַז עס איז געווען פאַר דעמאָקראַטיע. אין דער אמתן: אַ קליינער טעות אין דער צייט.

די מלחמה האָט זיך דערווייל ווייטער געצויגן, דאָס פאָלק האָט זיך געשפּירט אָפּגענאַרט און האָט געגאַרט נאָך אַ געשיכ־טע פון אַ נייעם מין, נאָך אַן אייגענער היסטאָריע.

טייל פאָרשער שטייען אַזוי ווי פאַר אַ רעטעניש: ווי קומט דאָס, אַז די „דעמאָקראַטיע" האָט אַזוי גרינג געמוזט אָפּטרעטן איר אָרט דעם באָלשעוויזם? די מענער פון דער צייטווייליגער רעגירונג זיינען דאָך געשטאַנען אַ סך העכער פון די מאַכטהאָבער פון קרעמל בנוגע צו בילדונג, קולטור און ליבע צו פרייהייט. עס איז דאָך גאָר ניט אמת, אַז אַ לאַנד מוז דורכמאַכן אַלע סטאַ־דיעס פונם רעוואָלוציאָנערן קרייזגאַנג: והא ראיה, די דייטשן האָבן פאַרשטאַנען צו דער צייט זיך אָפּצושטעלן. וואָס איז די מעשה?

איצט, נאָך פיר יאָר רעוואָלוציע, נאָכדעם ווי די געשעע־נישן האָבן שוין געקראָגן אַ היסטאָרישן פּנים און זיינען שוין געוואָרן געשיכטע, נאָכדעם ווי יעדערער צווישן אונז טראָגט שוין אַ שטיק געשיכטע אין זיך, איצט קאָנען מיר שוין דעם סוד אַנטפּלעקן. מיר באַדאַרפן נאָר אַרויסזאָגן דאָס, וואָס די געשיכטע גופא האָט אין אונז אַריינגעלייגט. די רעוואָלוציע פון פעברואַר האָט כסדר געליטן פון מאָראַלישער ווייטזיכטיגקייט און היסטאָרישער קורצזיכטיגקייט. די מאָראַלישע שפּראַך, וואָס זי האָט גערעדט, האָט קיין אָפּקלאַנג אין לאַנד ניט געפונען. דאָס קולטור־אָרימע פאָלק האָט פאַרהערט אַלע די שיינע רייד פון די מאַרקיזן דע־פּאָזאַ. בכדי ניט נאָר צו דרשענען קולטור,

נייערט אויך זי צו שאַפֿן, דערצו איז די צייט ניט מסוגל געווען.
אַזוי זיינען די בירגער פֿון אַ קומענדיגן דור אונטערגעגאַנגען ווי
ניט=פֿאַרשטאַנענע האַמלעטס, וואָס די געשיכטע וועט אָבער
מיטגעבן זיי אויפֿן וועג דאָס שטרענגע וואָרט: היסטאָריש
קורצזיכטיגע, היסטאָריש בלינדע. זאָל זיין, אַז אין די ענינים
פֿון לעבן און פֿון דער קולטור זיינען זיי געווען פּראָגרעסיוו, לי=
בעראַל, אָבער אויפֿן געביט פֿון היסטאָרישן טון זיינען זיי
געווען רעאַקציאָנער, אָפּגעשטאַנען. און איבער אָט דער טאָ=
פּעלער קולטור=אָרימקייט פֿון פֿאָלק און דער אייגענער געשיכטלי=
כער רעאַקציע האָבן די לייט פֿון פֿעברואַר געבראָכן האַלז= אינ=
אַקן.

פֿאַרקערט, די פֿירער פֿון די באָלשעוויקעס, וואָס זיינען
ווי עכטע רעוואָלוציאָנערן אויסגעהאָדעוועט געוואָרן שטענדיג
מיטן אויסקוק אויף „היסטאָרישע" אויפֿגאַבן, האָבן באַלד תּופֿס
געווען, וואָס עס פֿאַרלאַנגען פֿון זיי דאָס פֿאָלק, זיין געשיכטע.
דעריבער איז טאַקע זייער היסטאָריש דענקען און טון פּראָג=
רעסיוו, בעת אין די ענינים פֿון קולטור=אַנטוויקלונג האָבן זיי זיך
אַרויסגעוויזן רעאַקציאָנער און אָפּגעשטאַנען. לכל הפּחות אין
די ערשטע יאָרן פֿון זייער ממשלה האָבן זיי באַוויזן אָט דעם
יאַנוס=קאָפּ. קולטור=אָרים און היסטאָריש=ווייטזיכטיג, האָבן זיי
אין הסכם מיט די אָרימסטע פֿון אַלע קלאַסן, מיט די נידעריגסטע
ראַסן און שבטים פֿון דער גאַנצערברייטער רוסישער ערד פֿאַר=
כאַפּט די ממשלה פֿאַר זיך. זיי האָבן תּופֿס געווען דעם זין
פֿונם היסטאָרישן, און די היסטאָריע האָט זיי געגעבן גערעכט.

די געשעהענישן האָבן זיך צונויפֿגעקנוילט צו אַ גוואַלדיגן
קלאַפּ. די „קולטור=מלוכה" פֿון פֿעברואַר, וואָס איז קיים מיט
צרות אויפֿגעהאַלטן געוואָרן, איז שטיל, אהן טומל צעפֿאַלן.
אין די סאָוועט=מלוכה האָט איבער נאַכט די אַנאַרכיע אין אייזן
געשמידט. מיט אַמאָל איז אַלץ געוואָרן פּשוט, קלאָר ביז ניט

זיין. די אינדוסטריע, דער האַנדל, די ליטעראַטור, די פרייע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס — אַליץ איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ שטער פאַרן נצחון פון דער נייער מלוכה־אויסבילדונג. די קולטור און אירע מענשליכע טרעגער האָבן געמוזט אָפּטרעטן פאַרן היסטאָרישן וועלן. גיך זיינען די מעטאָדן פון אַקטיוון מיליטאַריזם איינגעשטעלט געוואָרן אין דינסט פון דער נייער מלוכה־מאַכט. קריגס־רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן האָבן באַדעקט דעם פנים פון דער רוסישער ערד. אַלע זיינען געווען מאָביליזירט פאַר דער רעוואָלוציע, מען האָט געמעגט רעקווירירן, קאָנפיסקירן אייגנטום, צווינגען צו אַרבעט. די סאָלדאַטן־אידייע, וואָס נאַפּאָלעאָן דער גרויסער האָט זי אַמאָל צו דער וועלט געבראַכט, איז געוואָרן אָנגעפילט מיט אַ סאָציאַלן, מלוכה־קאָמוניסטישן אינהאַלט. קיין אַנדער זאַך, ווי סאָלדאַטן, האָט די רעוואָלוציאָנערע מלוכה־מאַכט ניט אָנערקענט. אין די טרעגער פון דער אַלטער קולטור האָט זי געזעהן, האָט זי געמוזט זעהן איר דם־שונא. די רעוואָלוציאָנער־מיליטערישע מלוכה־מאַכט האָט ניט אַנדערש געמוזט האָבן אַ געגנער, בכדי אַליין אויסצוואַקסן. און אפילו די „קולטור־מענשן“, וואָס נאָך נעכטן האָבן זיי מחמת זייער סאָציאַלער לאַגע אָדער זייער בילדונג זיך געהאַלטן פאַר די העכערע, זיינען געצוואונגען געווען מיטצוגיין, זיינען פאַררעכנט געוואָרן פאַר סאָלדאַטן פון דער גרויסער אַרמיי פון דער רעוואָלוציע, וואָס דאַרפן אָפּקומען אַ שטראָף.

נאָך איצט קאָן איך עס ניט תופס זיין, ווי גיך עס האָט זיך געביטן דאָס געזעלשאַפטליכע באַוואוסטזיין. מען האָט געהערט נאָר רעדן וועגן „פּראָלעטאַריער“ און „בורזשואַ“. ווער עס איז ניט געווען פּראָלעטאַריש, אָדער ווער עס האָט ניט אויסגעזעהן פּראָלעטאַריש, דער איז געוואָרן געמשפט פאַר אַ בורזשואַ, וואָס אויף אים האָט מען געקאָנט אַרויפלייגן כל העולות

שבֿעלום. דאָס וואָרט „בורזשוא" האָט אָנגעהויבן צו קריגן דעם באַטייט פֿון אַ זידל־וואָרט, און איך אַליין בין געווען דערביי ביי אַ פּראָצעס אין רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל, וואו איין פּראָלע־טאַריער האָט פֿאַרקלאָגט דעם אַנדערן, פֿאַרוואָס ער האָט אים געזידלט „בורזשוא". דער בורזשוא ווידער, וואָס מיט אונזערע אייראָפּעאישע השגות קאָן מען אים אַפֿילו ניט צורעכענען צום קליינעם מיטלשטאַנד, האָט באַלד תּופֿס געווען דעם גייסט פֿון דער צייט, האָט אויסגעטאָן דעם האַרטן קאָלנער און האָט זיך אָנגעטאָן מעשה־סאָלדאַט, פּראָלעטאַריש. מען האָט אָפּגע־זאָגט די דינסטן, מען האָט זיך געווענדט צו אַנאַנד מיט „חבר" („טאָוואַרישטש") און מען האָט געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן, בכדי מען זאָל אָנגענומען ווערן פֿאַרן קליינעם מענש, פֿאַרן פּראָ־לעטאַריער. די סאָציאַלע מימיקרי, די אַסימילאַציע פֿון די רייכע און געבילדעטע מיט דער פּראָלעטאַרישער פֿיקציע האָט קיין גרעניצן ניט געוואוסט. פּעטערבורג איז אין ערשטן יאָר פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור געווען געגליכן צו אַ שטאָט פֿון „אנוסים". און נאָך איצט, נאָך 4—5 יאָר פֿון דער רעוואָלוציע, ווען איר באַגעגנט אַ באַאמטן אָדער גלאַט אַזוי אַ „חבר" אין אַ גוטן לעדערנעם רעקל און אין הויכע לאַקירטע שטיוול, מעגט איר זיכער זיין, אַז איר האָט צו טון מיט איינעם פֿון די „אַסימי־לירטע", מיט אַן אויפֿגעקומענעם „אנוס". די אַנדערע, וואָס האָבן ניט געהאַט די אמונה אין מיליטערישן קאָמוניזם און וואָס זיינען געווען צו ערליך, בכדי צו פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר אנוסים, זיינען איצט אין גאַנצן פֿאַרטומלט געוואָרן. דער „כאָר" אָבער האָט געזעהן און געהערט נאָר דעם „אַסימילירטן" און האָט אַרויסגעטרומייטערט אויף גאָר דער וועלט: שווינדל, נישט מער ווי שווינדל און בייזע דעמאַגאָגיע!

אין דער אמתן אָבער גראָבט די רעוואָלוציע טיפֿער. דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט טון ווי קולטור, איז בדרך כלל אונטערגע־

גאַנגען, אָבער דאָס, וואָס זי האָט אַליין געטאָן, ווי אַ געשיכטליכע מאַכט, האָט זיך איינגעגעבן. איר אַרמיי, איר דיפּלאָמאַטיע און באַזונדערס איר צווישנפעלקערליכע פּאָליטיק אין די גרעניצן פון דער רוסישער אימפּעריע קאָן אַרויסרופן נאָר באַוואונדערונג, אַזוי אַז אפילו נאַציאָנאַל געשטימטע מענשן הויבן אָן ביסלאַכווייז צו שטאָלצירן מיט דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. אין די קרייזן פון די גרויסרוסן געווינט מען זיך פּאַמעלאַך אָפּ פון די שלעכטע דענק-מאַנירן, אַרויפצולייגן די גאַנצע אדריות פאַר דער גרויסער איבערקערעניש אויפן קאַרק פון די מיסטיישע געשטאַלטן פון די לאָזשן-ברידער און פון דער „אַליאַנס איזראעליט". מען רעדט שוין, הגם דערווייל נאָך גאַניץ שטיל און צווישן זיך, וועגן דער טיפער „רוסישער פּאָליקס-חכמה" וואָס פירט די אימפּעריע צו אַ גוטן סוף. פאַרוואָס אָט די היסטאָרישע שטימונג איז נאָך ניט בכח געווען אַריינצודרינגען ביי די געבילדעטע פון די אוקראַינער און פון אַנדערע „פרעמד-פעלקער", זיינען פאַראַן באַזונדערע טעמים, וואָס איך וועל זיך צו זיי אומקערן אַנדערשוואו (אין קאַפּ. V).

אַז די רעוואָלוציע טראָגט מיט זיך אַ נייעם היסטאָרישן, היסטאָריש-פּאָליטישן אמת, דאָס האָבן איינציגע צווישן אונז שוין לאַנג תופס געווען, און גאַנצע מאַסן, וואָס זיינען פריי געווען פון פּאַרטיי-פּאָראורטיילן, האָבן אויך געלאָזט ווירקן אויף זיך דעם גייסטיגן דרוק פון יענעם נאַציאָנאַל-רוסישן אמת. שטילשווייגעדיג שטעלט מען אַרויף אויפן חשבון פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט די זאַמלונג און די ניי-פאָרמירונג פון דער רוסישער ערד. איטליכער ווייס, אַז כל זמן די אַנטוויקלונג גייט אויפן באָדן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע, האָבן אַלע טענות ומענות וועגן דער באַלקאַניזירונג פון רוסלאַנד קיין שום ממשות ניט. און שוין איצט מעג מען עס זאָגן אָהן מורא אָנגערופן צו ווערן „אידעאָלאָג". דער פאַקט

„רוסלאַנד“ איז דער פאָרבאַדינג פאַרן קומענדיגן קיום פון אייראָ=
פעאישן האַלב=אינזל. ביי אַזאַ רוסלאַנד, וואָס גייט אַרויס פונם
גיהנם=פייער פון דער רעוואָלוציע, צינדט זיך אויך אָן דער רו=
סיש=יידישער פאַטריאָטיזם, וואָס איז שטענדיג געווען און איז, כל
זמן יידן רופן נאָך קיין לאַנד ניט אָן זייער אייגנס אין גאַנצן, דער
פאַטריאָטיזם פון דער גרויסער ווייטקייט, פון מרחקים. בעת
אין דעם חורבן פון דער רוסישער אימפעריע זיינען נאָך ניט געווען
צו זעהן קיין סימנים פון אויפלעבונג, זיינען די רוסישע יידן
טאַקע געווען טיף באַטריבט און אינעווייניג נידערגעשלאָגן. כל
זמן עס שטייט אויפן ערשטן פלאַן פונם יידישן קיום דאָס גלות=
לעבן, וועט אויך די נאַציאָנאַל=יידישע „קאָלאָניע“ פון מזרח=
אייראָפע ווייטער גיין זיך איר גאַנג אין דער פלאַנעטן=סיסטעם
פון דער רוסישער אימפעריע. דער ווילן פונם מזרח=אייראָפע=
אישן יידנטום, וואָס קאָן עקסיסטירן ווי יידנטום גראָד אויף אַ
ברייטן שטח, איז אַ בפירושער ווילן פאַר רוסנטום און זיין אימ=
פעריע.

די געשיכטע, ווי זי ווערט אינסצענירט דורך דער רעוואָלו=
ציע, איז אַ גוטע שולע, הגם אַן עטוואָס שטרענגע, אויך פאַר
נאַציאָנאַלער זעלבסטדערקענטעניש און זעלבסטבאַשטימונג. און
גראָד די באָלשעוויסטישע געשיכטע, וואָס איז היינטיגן טאָג
די געשיכטע פון גאַנץ רוסלאַנד, איז, ניט געקוקט אויף אירע
אוניטאַריסטישע און אוניווערסאַליסטישע כוונות, בנוגע צו דער
נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ געווענדט פעדעראַליסטיש און דע=
צענטראַליסטיש. די פאָרבאַדינגען פאַר אַן אייגענער נאַציאָנאַל=
רוסישער קולטור זיינען שוין אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז דאָס רוסנ=
טום שפירט זיך אינסטינקטיוו געצוואונגען אָפּצושטעלן די
ווייטערדיגע מישונג פון קולטורן און ראַסן. פאָלגנדיג דעם הע=
כערן געבאָט פון דער אייגענער געשיכטע, האָט די רעוואָלוציע
שוין אָנגעצייכנט און דורכגעפירט, הגם דערווייל נאָך מער פאָר=

מאַל, די ליניעס צווישן די איינציגע רעפובליקן, אַווטאָנאָמע
פּראָווינצן און קולטורן מיט נאַציאָנאַלע ווילנס. אַ סיסטעם
פון נאַציאָנאַל=קולטורעלע „דאָמיניאָנס“ איז געווים דאָס בילד
פון דער רוסישער אימפּעריע פון איבערמאָרגן.

ווען דער „היסטאָרישער אויפטו“ פון דער רעוואָלוציע
וועט ערשט צייטיג ווערן, וועט מען אויך וועגן דער „קולטורעלער
רעאַקציע“ פון באָלשעוויזם זיך דערמאָנען מיט אַ מילדערער
אָפּשאַצונג. ווען אַ לאַנד איז געקומען צום אומגליקליכן מצב
דורכצומאַכן אַ רעוואָלוציע, טאָר מען דער דאָזיגער רעוואָלוציע
ניט פאַרדענקען אירע שלעכטע מאַנירן און די קולטורעלע אָהנ=
מאַכט. אָבער גראָד אָט דעם באַדייטונגס=פולן געדאַנק האָבן
מיר „קולטור=מענשן“ ניט געקאָנט אַזוי גרינג אָננעמען. מיר
האָבן געזעהן דעם חורבן פון דער ווירטשאַפט, פון רעכט, פון
אינטעלעקט און מיר האָבן צו נידעריג אָפּגעשאַצט דעם באַלאַנס
פון דער געשיכטע. אין אונזער ניט=פאַרשטיין איז שולדיג גע=
ווען ניט נאָר אונזער פּיין און אונזער שוואַכער גלויבן. די קאָמו=
ניסטישע דאָקטרין מיט איר שמידן דאָס לעבן אין קייטן, די
גאַנצע סיסטעם פון לייב=אייגנטום, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט
איבער אונזער גאַנצער עקסיסטענץ, דער טעראָר און דער ביר=
גער=קריג האָבן אונזער באַוואוסטזיין פאַרטונקלט, אין שרעק
אַריינגעיאָגט. מיר האָבן נאָך דעם זין פון דער געשיכטע ניט
דערקענט און האָבן געמיינט, אַז מיר שטייען פאַרן אונטערגאַנג
פון דער גאַנצער ציוויליזאַציע. די וואָס זיינען געווען איינגע=
נומען פון דער קריסטליכער פראַזע האָבן געליאַרימט: דער
אַנטיקריסט, דער שטן בכבודו ובעצמו איז געקומען און פירט
אונז געווים אין שאול תחתיה אַריין. מיר, אייראָפּעער, האָבן
דאָס אַנדערש איבערגעלעבט: דער קריסט, דער גלילי, וואָס
האָט זיך מיליטעריש אויסגעפוצט און איז געוואָרן אָפּענסיוו,
האָט בדעה אָפּצומעקן די וועלטליכע קולטור, אַלע אונזערע

קנינים, וואָס זיינען אונז געקומען בירושה. יהודה און העלאַס, רוים און די גרויסע כאַרטיע פון אונזערע פרייהייטן און כשרונות זיינען איינגעשטעלט אין קאָן, מען וויל פון אונז אַוועקרויבן אונזער שעקספיר און קאַנט, אונזער בעטהאָווען און רעמבראַנדט. מיר האָבן מורד געווען פונקט ווי עס האָט אַנומלט מורד געווען דער אומגליקליכער יוליאַנוס. מען האָט שטילערהייט, פאַר זיך פאַרפאַסט רעדעס „קעגן די אומגעבילדעטע הינט". דער „אַפּאָסטאַטאַ", דער אָפּטריניגער איז געווען דער לאָזונג. און ניט איינער האָט צו מיר געזאָגט און האָט עס אייך געטאָן: איך גיי צום באַנדיטן־פירער מאַכנאָ, צו די אַנטלאָפענע קאַטאָרזשניקעס און רויבערס, אָבער מיין פרייהייט וויל איך ניט פאַרקויפן דער קאָמוניסטישער מלוכה.

די געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די קריגס־פעלדער פון די אינעווייניגסטע און אויסווייניגסטע מלחמות. מיר אָבער האָבן זיך געצוואונגען צו לעבן אונטן, אין טאָל, וואו די פעסטע כללים פון דער קאָמוניסטישער קריגסווירטשאַפט זיינען שטרענג דורכגעפירט געוואָרן. מיר האָבן ניט געטאָרט פאַרלאָזן דעם אָרט, וואו מיר האָבן זיך גראָד געפונען; מען האָט אונז אַ באַרוף אויפגעצוואונגען; מיר האָבן ניט געטאָרט פריי דענקען און פריי זיך אַרויסזאָגן; און אפילו דער טאָגטעגליכער אַקט פון בירגערליכן לעבן, דער אַקט פון קויף און פאַרקויף איז געוואָרן די פּריווילעגיע פון דעקלאַסירטע פויערים און סאָלדאַטן. ווי געפּאַנגענע מייז האָבן מיר אַרומגעגריזעט אומעטום און זיינען פאַראָרימט געוואָרן אין ברויט און גייסט.

די אַרבעטערשאַפט, וואָס איז געווען באַרופן צו בויען די קאָמוניסטישע מלוכה און וואָס האָט זיך נאָך ווינציגער ווי אַלע אַנדערע אַרויסגעוויזן פאַר פעהיג צו באַנעמען דעם פאַקטישן „געשיכטליכן זין", האָט זיך געלאָזט לא די וואָס אין פראָפעסיאָנעלן פאַראיין און אין דער פאַרטיי, נייערט אויך אין וואַר־



שטאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איינצאַמען דורך אַזאַ דיסציפּלין, וואָס קיין אַבסאָלוטיסטיש רעגירנדיגער אונטערנעמער וואָלט אפילו קיין מאָל ניט דערוועגט זיך צו חלומען וועגן איר. אַז אַלע דאָקומענטן וועלן אַמאָל אַרויסקומען צו דער ליכטיגער שיין, וועט די וועלט נשתומם ווערן צו זעהן, וואָסערע קרבנות עס האָבן גראָד די אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריער געבראַכט דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט. און איטליכס מאָל, ווען דער הונגער און די צוואַנגס־ווירטשאַפט האָבן אויפגעבלאָזן אין זיי דעם כעס קעגן דער אייגענער מאַכט, האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן זייער שיינעם חלום און האָבן סוף כל סוף שלום געמאַכט מיטן גזר־דין, וואָס עס האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט די רעוואָלוציע. עס קאָן מער קיין ספק ניט זיין: אַ טיפע מאָראַלישע איבערקערעניש איז פאָרגעקומען און קומט נאָך איצט פאָר אין די ברייטע מאַסן פון פאָלק. מען האָט געפילט די אַחריות אויך פאַר די זינד פון דער „קולטורעלער רעאַקציע“, וואָס איז געוואָרן נויטווענדיג, מען האָט אַרויסגעוויזן דעם ווילן צו נעמען אויף זיך די אַחריות. אָט דער מאָראַלישער רעוואָלוציע האָט אַוודאי מיטגעהאָלפן די פּאָליטישע דיפערענציר־מעטאָדע. די רעוואָלוציאָנערע מאַכט ציהט צו גרופּעס הערשער פון צווישן די פויערים און דער אַרבעטערשאַפט אַרויס: זי גיט זיי פּריווילעגיעס, לייגט אויף זיי אַרויף אַרבעט אויף פּאָסטנס אין אַרמיי און פאַרוואַלטונג. מחמת דעם האָט טאַקע דער גאַנצער פאַרוואַלטונגס־אַפּאַראַט אין גאַנצן אומגעביטן זיין פנים.

אַ באָלשעוויסטישע צייטונג האָט ניט לאַנג פאַרגליכן די הערשנדיגע פּערזאָנען פון אַמאָל און פון איצט. אין די ידיעות פון קאַלוגער גובערניע פון יאָר 1916 זיינען פאַרצייכנט די נעמען פון גובערנאַטאָרן זינט 1776 ביז דער רעוואָלוציע. דאָס זיינען אַלץ נעמען פון אַלטע מיוחס׳דיגע משפחות: פירשט דאָלגאָרוקאָוו, פירשט אָבאָלענסקי, גראַף טאָלסטאָי, פירשט

גאַליציִן, דייסטוויטעלני סטאַטסקי סאָוועטניק בוליגין, פירשט גאָרטשאַקאָוו, קאַמעריונקער טשעניקאַיעוו — אַלץ מענשן, וואָס האָבן ווי פריצים געשאַלטעוועט אַמאָל איבער ערד און פויערים. און איצט פאַרוואַלטן דאָס לאַנד טאַקע די זין און אייניקלאַך פון יענע, וואָס האָבן ביי די דאָזיגע פריצים געדינט ווי לייב־אייגענע קנעכט. דער בעקער אַ. סאַמסאָנאָוו, אַ זון פון אַ פוי־ער, איז דער פאָרזיצער פונם פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט פון דער גובערניע — דאָס הייסט דער גובערנאַטאָר. זיין שטעלפאַר־טרעטער איז נאָוויקאָוו, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער לויט פראָ־פעסיע, אויך אַ זון פון אַ פויער. דער אויבערשטער מיליטער־קאָמיסאַר אין דער גובערניע איז אַלמאַזאָוו, אַן אַרבעטער אין אַ ליטאָגראַפיע. דער היגער פאָרזיצער פון דער שרעקליכער אַלמעכ־טיגער „טשעקאַ“ איז דער שלאָסער אָסיפּיאַק, וואָס שטאַמט אויך פון פויערים פון קאַלוגער גובערניע. בראש פון דער מילי־ציע שטייט דיודשיקאָוו, לויט דער פרנסה אַ קירכן־מאָלער, דאָס, וואָס מען פלעגט אַמאָל אָנרופן „זעמסטוואָ“, פירט איצט דער שוסטער דיודין און אַז. וו. דאָס איז דאָס נייע בילד.

מיר האָבן געהאַט גרויסע ספקות, צי דאָס רוסלאַנד פון די דיודשיקאָווס און די דיודינס וועט אויפטון אין קולטור מער, ווי דאָס רוסלאַנד פון די גאָליצינס און טאָלסטאָיס. אָבער דאָס האָבן מיר איינגעזעהן: די רוסישע „היסטאָריע“ פון אונזערע טעג געניטיגט זיך מער אין די בעקערס און שוסטערס, איידער אין די פירשטן און קאַמעריונקערס. און מער ווי דאָס, מער ווי אויסצופירן די היסטאָרישע אויפגאַבן פון דעם איצטיגן מאָ־מענט איז די רעוואָלוציע ניט בכח, ניט געקוקט אויף אירע אַזוי אָנגערופענע „פראָלעטקולטן“, אירע אָר־גאַניזאַציעס פאַר „פראָלעטאַרישע קולטור און קאָמוניסטישער וועלטאַנשויונג“. פאַרשטייט זיך: נאָך די גאָליצינס און טאָל־סטאָיס מעג מען שוין אַ ביסל שטעלן און פאַר דער „קולטור“

פון די דיודינס און דיודשיקאָווס איז, משמעות, די שעה נאָך ניט געקומען. אָבער די שעה קומט דאָך, דער ווייזער רוקט זיך זיכער צו דער צוועלף צו.

די פּאָליטישע דיפערענציר־מעטאָדע, דער אפּקלייב, וואָס ווערט דורך איר דערלאַנגט, דאַרף אונז ניט אַריינפירן אין אַ טעות. די פּאָליטישע אַריסטאָקראַטיע פון דער רעוואָלוציאָנערער מלוכה איז ניט קיין אַריסטאָקראַטיע אין אַ וואָסער עס איז סאָציאַל־קולטורעלן זין. עס איז בלויז אַ מאָביליזירטע „אַריסטאָקראַטיע", געשאַפן דורך דער נויט פון דער היסטאָרישער שעה. אַז די רעוואָלוציאָנערע מלחמה איז געענדיגט, דעמאָלט ווערט זי דעמאָביליזירט. דער בעקער סאַמסאָנאָוו און דער קירכן־מאָלער דיודשיקאָוו האָבן גאָר אַליין ניט בדעה צו בלייבן אויף זייער פּאָסטן. בעת מיינע נסיעות דורך רוסלאַנד האָט זיך פאַר מיר פערזענליך ניט איין דיודשיקאָוו באַקלאָגט אויף זיינע צרות. עס ציהט אים צוריק צום פענזל און צו זיינע געטער־בילדער, וואָס אין דער סאָוועט־מלוכה ליגן זיי דאָך ניט אונטער צענזור.

אָבער אונטער דער השגחה פון די מאָביליזירטע מאַכט־האָבער גייט צו אַן אויסבילדונג פון געזעלשאַפטליכע גרופּעס, וואָס דערלאַנגט זייער טיף. סאָוועט־בורזשואַ — אַזוי האָט מען זיי גערופן נעכטן, מלוכה־אַרענדאַטאָרן הייסן זיי היינט — אין שטאָט, און מיטעלע פויערים, וואָס איצט זיינען זיי שוין אויסגעוואַקסן צו גרויסע פויערים, אין דאָרף. גאַנץ וויכטיגע נעבן־פּראָדוקטן פון דער רעוואָלוציע, די טרעגער און באַשעפער פון דערווירטשאַפטליכער קולטור פון איבערמאָרגן. שטענדיג איז דאָס אַ דריטער, וואָס בלייבט זיגער אין דער היסטאָרישער שפּיל, און די נעבן־צוועקן וואַקסן אַריבער די הויפּט־צוועקן. רוסלאַנד דאַרף האָבן אַ ברייט אַוועקגעשטעלטע ווירטשאַפטליכע און רעכטליכע קולטור, און אַזאַ קולטור מוז האָבן פאַר אַ יסוד געזעל־

שאַפטליכע גרופעס. אויף געדרייטע וועגן גייט די ראַטן-מלוכה, וואָס איז איצט געוואָרן נאַציאָנאַל, צום דאָזיגן ציל. עס זעהט אויס, אַז דער זשעני פון דער רעוואָלוציע איז נאָך אַ סך בלאָנזשעניש, נאָכדעם ווי ער האָט די ריין היסטאָריש עקסטענסיווע פאָליטיק פון דער אַלטער מלוכה געבראַכט ביז צום אַבסורד, צוגעקומען צו זיין צווייטער אמתער אויפגאַבע. נאָכדעם ווי עס איז צעשטערט געוואָרן די אַלטע געזעלשאַפט, אָט דאָס שוואַכע סאָציאַלע געוועב פון קולטור-אויסבילדונג, איז ער ערנסט פאַרנומען מיטן אַרויסברענגען נייע און פעסטערע געזעלשאַפטספאָרמען. אויפן לשון פון פאָליטישן זשאַרגאָן הייסט דאָס דער „נייער קורס“, לויט מיין טערמינאָלאָגיע וואָלט דאָס באַטייט גובר זיין די אייגענע קולטורעלע רעאַקציע.

מיר, די אַנדערע, וואָס דורך אונזער עקסיסטענץ-פאָרם באַווייזן מיר שוין אַ העכערע מדרגה פון דער סאָציאַלער טיילונג און סימבאָליזירן אין דער אייגענער פערזאָן אַ גייסטיגן אָפּקלייב, אויך מיר זיינען אַרונטער אונטערן געזעץ פון גלגול. דאָס „דריטע“, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דעם גרויסן ווידעראַנאַנד צווישן דער צייט-געשיכטע און צווישן איינגעזעסענער קולטור, האָט זיך אויך גענומען פאַר אונזער טראַנספאָרמאַציע. פאַר אונזער צאַרטן מח זיינען די קלעפ לכתחילה געווען צו שטאַרק. די אָפּשוואַכונג פון דער געזעלשאַפט און קולטור האָט געבראַכט מיט זיך דעם צעפאַל פון דער „אייראָפּעאישער“ פערזענליכקייט. קודם כל האָט די גרויסע געשיכטע אַוועקגערויבט די געשיכטע פון דעם יחיד. איינס נאָכן אַנדערן זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אַלע אייגענע צילן, און דער מאָראַלישער אָפּקלייב, וואָס זיין באַרוף איז איינצושטעלן און צו פאַרפעסטיגן אַן אייגן און איינגנאַרטיג לעבן, האָט זיין כח פאַרלאָרן. און דאָס איז געשעהן אין נאָך אַ העכערער מאָס, ווי אין דער וועלט-מלחמה צווישן די פעלקער.

דאָס גאַנצע לעבן האָט אָנגעפילט דער קאַמף אין פשוטסטן זין פאַר שפייז, וואַרימקייט און זיכערקייט פון דער פיזישער פערזאָן. אפילו אירע באַאמטע, ספּעציאַליסטן און זעלנער איז די ראַטן=מלוכה געווען בכּח צו געבן ניט מער, וויפיל עס איז נייטיג געווען ניט אין גאַנצן צו דערשטיקן דעם ווילן צו זוכן לעבנס=מיטלען. מיר זיינען אַלע געוואָרן מאָגער אין גוף, בלאַס אויפן פּנים און דער הונגער נאָך פשוטן לעבן איז אַליין געוואַקסן. איך האָב אָפטמאָלס געמוזט קלערן וועגן אַ מימרא פונם אַכזריות׳דיגן דאָסטאָיעווסקי. עס גייט אַ מענש אין דער הויך איף אַ שמאָלן שטעגל, וואו עס קלעקט קוים אָרט איין פוס אַוועקצושטעלן. אַרום און אַרום עפענען זיך אָפּגרונטן, וואָס יאָגן אין שרעק אַריין. און אָט דער אומגליקלעכער וואַרפט זיך ניט אין אָפּגרונט אַראָפּ, נאָר ער טראַכט, כסדר טראַכט ער נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי קאָן מען בלייבן לעבן. „נידערטרעכטיג איז דער מענש!“ — איז דאָסטאָיעווסקי מוסיף פון זיך; — און באַלד דערויף: „נידערטרעכטיג איז איטליכער, ווער עס וועט אָט דעם אומגליקליכן, וואָס טשעפּעט זיך פאַרן לעבן, אָנרופן נידערטרעכטיג“.

אָבער מיר, וואָס האָבן באַלאַנסירט צווישן אָפּגרונטן, האָבן זיך גאָר ניט אַזוי געהאַלטן שטאַרק פאַרן לעבן. אין דעם קאַמף פאַרן פיזישן קיום, דעמאָלט, ווען מיר זיינען דורך די נעכט אין משך פון לאַנגע חדשים אויף דער וואַך געשטאַנען פאַר אונזערע הייזער, ווען מיר האָבן אַרומגענישטערט איבער די דערפער, בכדי אויסצובייטן אונזערע קליידער אויף קאַרטאָפעל און פעטס, אונטער דער חקירה ודרישה פון די פויערשע „קאָמבעדן“ מכּח אונזער בורזשואַזקייט, דעמאָלט, בעת כינעזער, לעטן און פינלענדער האָבן ביי אונז געמאַכט הויז=זוכונגען, בעת מען האָט ביי אונז רעקווירירט, אונז געצוואונגען טון אומנוציגע אַרבעטן, אין מיטן אָט דער מהומה און טויט=סכּנה, און אויף דער אָפענער

גאַס, בעת מען האָט געשאָסן און בעת מען האָט באַשטראָפט, — דעמאָלט האָבן מיר זוכה געווען צו אַן אַנטדעקונג, צו אַ התגלות. מיר האָבן זיך אַליין דערזעהן און מיר האָבן די וועלט אין אָריגינאַל דערזעהן. אין דער זעלביגער צייט, בעת אַלע רגילותן און מעטאָדן פון „ציוויליזירטן" מענשן האָבן געהאַל־טן אין אָפּשטאַרבן, האָט זיך גענומען אַרויסבילדן אַ ייִער פער־זענליכער קערן. דאָס נאַקעטע לעבן האָט געקראָגן אַ גרויסן ערנסט, גאָר זיינע אינהאַלטן זיינען געהייליגט געוואָרן. קיין „ווערטן", „סיסטעמעס פון ווערטן" זיינען מער ניט געווען, ווייל קיין זאַך האָט זיך ניט אויסגעטיילט באַזונדער, און עס איז ניט נויטיג געווען עפּעס אויסצוקלייבן. אין דעם „ווערט" שטעקט שטענדיג עפּעס פון באַדינגטס, און ווי אַזעלכס האָט ער פאַר אונזער אויפנעם אָנגעוואָרן יעטווידע רעאַליטעט. דאָס ליבן צונויפגעקנוילט צו דער מאַכט פון אַ גזר־דין האָט שוין אַליין אויסגעקליבן, ריכטיגער, האָט אַסימילירט, אַריינגעצויגן אין זיין ווירקונגס־קרייז, דערפאַר האָט פונקט געקלעקט זיין דירעקטער כח. די חושים, דער ווילן זיינען געווען פאַרכאַפּט פון איין פאַ־טאַלער מאַכט; איינפאַרביג, מאָנאָטאָן, אָבער ערנסט איז דאָס לעבן געוואָרן. די פאַרבענקטע שווערמוטיגקייט, די באַרימטע „טאָסקאַ" פון דער רוסישער געזעלשאַפט האָב איך מער ניט באַגעגנט, און ס'איז קיין איין זעלבסטמאָרד ניט באַגאַנגען גע־וואָרן. אַ מערקווירדיגע ערשיינונג. איך האָב מער קיין מענשן ניט געזעהן לאַכנדיג, איך האָב אָבער אויך ניט געהערט דערציי־לנדיג וועגן זעלבסטמאָרד. אין דעם רוסלאַנד פון דער רעוואָלו־ציע טרעפט ער זיך טאַקע ניט. איטליכער שריט איז געווען פאַרבונדן מיט אָנשטרענגונגען, עס איז צוגלייך געווען אַ נסיון אין גבורה־שאַפט, איטליכע זאַך איז פאַר אונז געוואָרן צו אַ מקור פון טיפסטער לעבנס־הנאה, מיר פלעגן עס אַרומשמעקן, אַרומנעמען איטליכעס פיצעלע מיט בליקן פול ליבשאַפט,

איטליכער תענוג האָט געהאַט אין זיך עפּעס געהייליגטס, גע־
הויבנס. זיינען אָבער די תענוגים צו זעלטן אויסגעפאַלן, אַליין
ווינציגער זיינען געוואָרן די זאַכן, וואָס מען האָט געקאָנט מיט
ליבשאַפט אָנקוקן, און אַליין אָפטער איז מען געווען געצוואונ־
גען אָנצוקומען צו די מדות טובות פון נזירות, פרישות און
גובר זיין דעם יצר. מען איז געוואָרן מאָגער אין גוף, אָרים אין
גייסט און נאָר דער אינסטינקטיווער ווילן איז געוואַקסן אין איינ־
זייטיגקייט און וואָג. אָבער מענשן האָבן מיר מער ניט גע־
זעהן, די באַציהונגען זיינען פון זיך אָפּגעשטאָרבן, מען האָט
איפגעהערט צו באַגעגענען זיך אין געזעלשאַפט. דאָס פּוב־
ליקום איז מער ניט געווען, צעפאַלן געוואָרן, און ערגייץ פון דער
ווייטנס האָט מען געהערט די שטילע שטימען פון כאָר: מיר
זיינען פאַרפאַלן, די שטאָט איז צום טויט פאַרמשפט, און נאָר
יענע דאָרט, די באַשעפער פון אונזער גורל, זיי קעמפן, קעמפן,
קעמפן...

מיר זיינען אָבער ניט געווען פאַרפאַלן. אונזער גרעסטער
אָפּזאָג איז געווען אונזער גרעסטער נצחון. און אַ סך אַפילו
צווישן די „אנוסים" און בורזשואַ, אַ סך צווישן די פּראָלע־
טאַריער און רעוואָלוציאָנערן פון היינט — ניט זיי גאַרן נאָכן
נעכטן און ניט זיי מיינען צו בלייבן ביים היינט. זיי זיינען אינע־
ווייניג אומגעביטענע, שטאַרק געוואָרענע מענשן, וואָס וועלן
זיין בכח צו באַהערשן דעם מאָרגן. גאַנץ רוסלאַנד רעדט וועגן
„נייע מענשן", „נייע רוסן", „נייע אוקראַינער", „נייע יידן". דער
דריטער געווינט די שפּיל, „דאָס דריטע" איז שטענדיג גובר.
עס ווערט, אַפּנים, מקוים רענאַנס וואָרט: „אומגליקליך דער
וואָס מאַכט די רעוואָלוציע, גליקליך דער, וואָס ירשנט זי!" אָט
דעם גליקליכן יורש וועלן מיר זוכן. פון אים איז געווענדט,
צו די קומענדיגע דורות וועלן איבער דער קולטורעלער רעאַק־
ציע און היסטאָרישער פאַטאַליטעט זאָגן דאָס ביבלישע וואָרט:

ער האָט געזעהן אַלץ, וואָס ער האָט געמאַכט, און עס איז גוט געווען אַזוי. אויך דעם אַקט פון באַרעכטיגן וועט דער „דריטער" אויספירן. אונז פערזענליך איז נאָר באַשערט צו באַקלאָגן די טויטע און ווי ווייט מעגליך מבשר צו זיין די האָפענונג.

---

# V. יזכור.

די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, די רעוואָלוציע פֿון דער צייטווייליגער רעגירונג האָט געגוססט. דורך די נעכט זיינען מיר געזעסן אויף דער פּריוואַטער דירה פֿונם רוסישן באַנקיר י—וו, פֿאַרזאַמלט ווי „געזעלשאַפֿט אויסצופֿאָרשן די רוסישע רעוואָלוציע" און האָבן רוהיג געוואַרט אויף איר טויט. מענשן פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, שטאַנדן, פּאַרטייען, פֿון די אָנהענגער פֿון די רעכטע פּאַרטייען, „אָקטיאַבריסטן" פֿון יאָר 1905, ביז צו סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שפּעטער אַנטפּלעקט ווי קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן, האָבן גענומען אָנטייל אין אונזערע געשיכטס־פֿילאָזאָפֿישע באַראַטונגען. צוערשט איז עס צוגעגאַנגען רוהיג, מען האָט שטרענג אָפּגעהיט דעם וויסנשאַפֿטליכן שטאַט און די וויסנשאַפֿטליכע אָביעקטיוויטעט. מיר האָבן נאָך אַלע געמיינט, אַז מיר וועלן זיך דערגרונטעווען צו דער סיבה פֿון דער קרענק פֿונם ריז, וואָס האָט זיך געוואָרפֿן און געצאַפּלט אין יסורים און פּיין.

ווי דער פֿאָרזיצער פֿון דער געזעלשאַפֿט האָב איך געפּרובט איינצוגעבן מיינע קאָלעגן דעם ווילן צו דערקענטניש. שוין ביי דער „עפֿענונג פֿון דער ערשטער זיצונג האָב איך אָנגעוויזן אויף דער אינעווייניגסטער שייכות צווישן אונזער וויסנשאַפֿט און צווישן דעם מיטוס פֿון פּראָמעטעאוס, בכן, אויף אַ טראַ־

דיציע, וואָס שטאַמט פונם באַשעפער פונם וויסנשאַפטליכן קאַנאָן, פון פּלאַטאָנען גופא. אַ סך וואָלטן געקאָנט אויסהאַלטן אונטער דער השגחה פון דער פּראַמעטעאישער וויסנשאַפט. גראָד אין די צייטן פון היסטאָריש-פּאָליטישע צוזאַמענשטויסן און בעת רעוואָלוציאָנערע איבערקערענישן האָבן געאַרבעט און געשאַפן דאַנטע און מילטאָן, שפינאָזאַ, קאַנט, געטע, וואַגנער, די באַשעפער פון דער דייטשער ראָמאַנטיק און פון פראַנצויזישן סען-סימאָניסטישן סאָציאַליזם. שוין אָפגערעדט פון די מענער פון דער גרויסער רעפאָרמאַציע, לוטער, קאַלווין און צווינגלי, די ענגלענדער און האָלענדער, — צו זיינען זיי דען ניט געשטאַנען אונטערן מזל פון אַן אַלגמיינער איבערקערעניש? די היסטאָרישע ערפאַרונג, דער אינטעלעקט, וואָס וויל אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון לעבן, האָבן געזוכט אַ וועג, אָבער דאָס געפיל, באַשווערט מיט שפירונגען, האָט זיך אָפטמאָלס אָפגעזאָגט זיי צו פאָלגן.

מענשן, וואָס האָבן שוין זייער האַלב לעבן געהאַט אָפּגעלעבט און האָבן אונטער דעם אַלטן רעזשים געהאַט עפעס אויפגעטאָן אויפן גייסטיגן אָדער פּאָליטישן געביט, האָבן פול מיט אַנגסטן איבערחזרט ציצעראָס ווערטער: „אין מיטן די שטורעמס פון דעם בירגער-קריג און מהומה בין איך אין אַ שפעטער שעה געקומען צו דער וועלט און די נאַכט פון רוים האָט מיך אין מיין וועג אָנגעיאָגט" — „גוט!" — האָבן געענטפערט די אַנדערע, וואָס האָבן אַריינגעקוקט אין לעבן פון האָפענונג. אינאיינעם מיטן וואונדערליכן רוסישן דיכטער טיוטשעוו *) האָבן זיי אָפגעענטפערט: „בעת דו האָסט געזעגנט זיך מיט רוימס גדולה, האָסטו געזעהן אין פולער פראַכט דעם אונ-

---

*) טיוטשעוו האָט געלעבט אין 1840-ער יאָרן און איז געווען יאָרן לאַנג רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין מינכען.

טערגאַנג פונם שטערן, דעם בלוטיגן. וואויל צו דעם, וואָס האָט צוערשט די שיין דערזעהן אין אַ שעה פון דין! אים האָבן די געטער צו תענוג, צו יום טוב גערופן. ער האָט זייער הויכע שפיל געזעהן, ער איז מיט זייער ראָט געווען נאָהענט און נאָך ביים לעבן האָט ער, ווי אַ הימלס-איינוואוינער, מיטגעטרונקען מיט זיי פון בעכער פון אומשטאַרבליכקייט".

באַלד אָבער איז דאָס אַנדערש געוואָרן, באַלד האָבן אויך די מאמינים דערשפירט, אַז דאָס געטראַנק פון אומשטאַרבליכ-קייט איז צו ביטער. פונם גסיסה-בעט פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע זיינען צו אונז דערגאַנגען פאַרשיידענע מיאוסע קלאַנגען. דער ראש פון דער צייטווייליגער רעגירונג, דער „זשי-ראָנדיסטן-פירער" קערענסקי האָט געפירט בשתיקה אונטער-האַנדלונגען מיטן קאָזאַקן-גענעראַל קאָרנילאָוון. די מאַסן פון גאַס האָבן אָנגעהויבן צו רעדן אין סודות, אין אַפּאָקאַליפּטישע אויסדרוקן. פון העלער הויט זיינען די שוואַרצער שטעטלאַך קינטאַל און צימערוואַלד אויסגעוואַקסן צו פילדייטיגע, שווער-וואָגיגע סימבאָלן. אויף אָט די צוויי ווערטער פון דער פּאָליטי-שער „קבלה" האָט געפּלאַצט די אויסוויינגסטע פּאָליטיק פונם קאַדעטן-פירער מיליוקאָוו.

נאָך היינט זעה איך אים, דעם מיניסטער דעם גרויסן בעל-כשרון, ווי איין מאָל ביי נאַכט איז ער געשטאַנען מיט אַ בלויזן קאָפּ אויפן באַלקאָן פונם אַלטן מלוכה-ראָט און האָט זיך געבעטן רחמים ביי אַ ריזיגן המון, מען זאָל האָבן געדולד און ניט אָנ-ווערן דעם גלויבן אין דעם זשעני פון רוסישער מלוכה. און פונם טויזנט-קעפיגן המון, וואָס איז באַשטאַנען פון קליינבירגער און סאָלדאַטן, האָט אַנטקעגן געקלונגען: קינטאַל, צימערוואַלד! אין אַנדערע עקן שטאָט, אויך פון די באַלקאָנען אַראָפּ, שטענ-דיג אַרומגערינגעלט פון מאַסן, האָבן די פירער פון די באָלשע-וויקעס, מיט לענינען בראש, טאָג ווי נאַכט געפּרובט אויסצוטייטשן

אַט די רעטעניש־פולע פּאָליטישע הירעאָגליפן. שוין דעמאָלט האָט מען געקאָנט באַמערקן — דאָס איז עטליכע מאָל אין אונזער געזעלשאַפט צו רייד געקומען, — ווי שטאַרק דער גייסט פון מאַסן ווערט פאַרכאַפּט גראָד פון אומבאַקאַנטע און אומזיניגע ווערטער. וואָס אומזיניגער, אַלץ בעסער, אַלץ מער קאָן מען אינם וואָרט אַריינלייגן אייגענע פאַרלאַנגען און אייגענע איבער־לעבונגען. דערצו איז נאָך צוגעקומען די בלאַסע ליכטיגקייט פון די פּעטערבורגער „ווייסע נעכט" אין די זומער־חדשים 1917, וואָס האָט דער גאַסן־שפּיל פון די מאַסן געגעבן אַ פאַנטאַסטיש אויסזעהן. פּאָליטישע געגנער, שפּיאָנעס פון פרעמדע מלוכות, מענשן מיט פרעמדע שפּראַכן, אָרטיגע נביאים — אַלע האָבן גערעדט, אַלע זיינען געווען אויפגערעגט און האָבן נביאות גע־זאָגט וועגן אונטערגאַנג. אַפילו די פינלענדער, וואָס קיין מענש האָט זיי נאָך קיין מאָל ניט געזעהן אויפגערעגט, זיינען אַרומ־געלאָפן מיט רויטע פנימער. „די שטומע פנימער פון די פינען דריקן אויס צאָרן", האָט מיר געזאָגט איינער, וואָס וויים — „עס גייט מסתמא אויך דאָרט אין פינלאַנד ניט צו רוהיג". די קבלה־ווערטער „קינטאַל" און „צימערוואַלד" זיינען דורכגעפלויגן דורכן גאַנצן לאַנד, האָבן געטראָפן די הערצער אויפן פּראָנט, אין די שכנישע באַלטישע מדינות, אין דרום־אוקראַינע און זיינען אַריינגעדרונגען אפילו אין וויי‍טן סיביר. גלייכצייטיג מיט די „ראַטן" זיינען, ווי אַ יש מאין, רעפּובליקן אַרויסגעכישופט גע־וואָרן. דאָס „גרויסע רוסלאַנד" האָט שוין מער ניט עקסיסטירט, און פעטערס שטאָט איז שוין קיין הויפּט־שטאָט ניט געווען. סאַנקט־פּעטערבורג האָט זיך אַריינגעלאָזן אין נבואה.

איין אָוונט אין האַרבסט פונם יאָר 1917 האָט אין אונזער „געזעלשאַפט" גערעדט אַ דאָרפּאַטער דייטש, דאָצענט פון אַל־געמיינער געשיכטע אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, דר. זעמעל, איבער דער פעריאָדישקייט אין די רעוואָלוציעס. עס

האָבן אָפּאָנירט די פּראָפעסאָרן פון אוניווערסיטעט פּרעסניאַ=
קאָוו, פּאָליעטקאָוו, דער חשובער פּאָליטיקער און געוועזענער
וויצע=פּרעזידענט פון דער דומע באַראָן א. פ. מייענדאָרף, דער
פעהיגער ראָמאַנטיקער סטעפון און אַנדערע. מיט אַ מאָל איז
אויפגעשטאַנען דער אַרמעניער ב—ן און מיטן שטאַרקן טעמ=
פּעראַמענט, וואָס צייכנט אויס זיין נאַציע, האָט ער גענומען
אויסלאַכן די גאַנצע געשיכטס=פּעריאָדישקייט. ער איז אַריינ=
געפאַלן אין טאָן פון אַ נביא און האָט אַזוי מבשר געווען: „איר
וויסנשאַפטלער און פּאָליטיקער האָט פאַרשטעלטע אויגן. די
רוסישע מלוכה און איר רעגירונגס=מאַכט איז געשטאָרבן און
עס געפינט זיך נאָך קיינער ניט, וואָס זאָל דעם הויכן בר=מינן
אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. מיר באָלשעוויקעס וועלן אין צוויי
דריי טעג אַרום מיט אַ שווערן האַרצן איבערנעמען די מאַכט.
נאָר אויף קיין גוטס זאָלט איר זיך ניט ריכטן. אויך אונזער
מאַכט וועט זיין נאָר אַ לפנים'דיגע. וואָרום אַלע ווילן און
וועלן פון אינעווייניג אַרויס דורכפירן זייער זעלבסטבאַשטימונג.
איטליכע שטאָט, איטליך דאָרף, אַפילו איטליכע גאַס און איטליך
הויז וועלן אַליין זיך געבן זייערע געזעצן, אַליין אויספירן זייער
מאַכט, אַליין אויסהאַלטן אַן אייגענע מיליציע, אַרויסגעבן איי=
גענע מטבעות. דער דור הפלגה איז אַ קינדער=שפּיל לגבי דעם,
וואָס וועט קומען. איר באַקלאָגט זיך איבער יקרות און דוחק
אין שפּייז? נאַראָנים וואָס איר זייט! אין איין יאָר צייט וועט איר
וועלן צאָלן טויזנטער פאַר איין פעניץ טרוקן ברויט און איר
וועט ניט געפינען. איר האָט מורא פאַר דער באָלשעוויסטישער
אַנאַרכיע. אין איין יאָר אַרום וועט איר קושן די שטיוול פון די
רויטע זעלנער, אַבי זיי זאָלן נאָר באַשיצן אייער נאַקעט שטיקל
לעבן. איר זידלט און שילט די העלאָטן און פּראָלעטאַריער?
אין עטליכע וואָכן אַרום וועט איר אַלע זיך גרויס האַלטן מיט
אָט דעם פאַרהאַסטן נאָמען. און קיין שום וויסנשאַפט, קיין

שום פּאָליטיק, קיין שום מאַכט אין דער וועלט איז ניט בכּח עפּעס וואָס אויפצוטון קעגן דעם. דאָס איינציגע, וואָס מען מוז טון, איז תיכף פֿאַרכאַפּן דעם סמאָלני (וואו די ראַטן זיינען געזעסן) און מאַכן דעם אָנשטעל פון מאַנטהאָבער. מיר וועלן שוין פאַרשטיין אויסצולערנען גיין דאָס קליינע קינד, וואָס הייסט פּראָלעטאַריאַט". —

דער אַרמעניער האָט געענדיגט און איז אַוועקגעגאַנגען. אין די נאָהענסטע טעג האָט ער קאָמאַנדירט איבער אַ ראָטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאָלפן איינשטעלן די ראַטן־מלוכה. אונזער פריינט זעמעל איז, לײדער, ניט באַשערט געווען צו זעהן, ווי עס ווערט פאַרווירקליכט די פּעריאָדישקייט פון דער רעוואָלוציע, וואָס ער האָט וועגן איר גערעדט. ער האָט מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן אין דער שטאָט, וואָס איז אַריינגעפאַלן געווען אין פּאָליטישער משוגעת. עס האָט אים געצויגן צו די רוהיגע דייטשע לענדער און אונטערוועגס, שוין אונטער דעם באָלשעוויסטישן רעזשים, האָט ער זיין טויט געפונען. איין גרויסע פרייד האָט אָט דער צאַרטער און איידעלער מענש נאָך פאָרט דערלעבט. ער האָט געזעהן, ווי די רעוואָלוציע האָט צונויפגעקליבן די קריגס־געפאַנגענע און זיי געמאַכט די ערקלערונג, אַז פון איצט אָן איז ניטאָ מער קיין פיינטשאַפט צווישן פעלקער אויף דער ערד, און מיט דעם פרייד־געפיל אָנצוזאָגן די דאָזיגע בשורה אין איראָפּע איז ער אַוועקגעפאָרן. אָט דעם דייטשן איראָפּעער און צאַרטן פריינט וויל איך דאָ מיט כבוד און געטריישאַפט דערמאָנען.

עס איז געגאַנגען ווייטער באַרג אַראָפּ. אונזער „געזעל־שאַפט", וואָס איז געגליכן געווען צו אַ קליינעם סייסמאָגראַף, האָט פאַרצייכנט די אונטערערדישע ערד־ציטערניש. אָבער די פוילקייט פונם געפיל און די איינגעשטעלקייט פונם געדאַנק האָבן נאָך אַלץ ווידערשפּעניגט, ניט געוואָלט מודה זיין דערין, וואָס די אויגן האָבן געזעהן און די אויערן האָבן געהערט. אין

דער דאָזיגער אַטמאָספער האָט זיך אויך אויפגעוועקט די האָפענונג אויפן גענעראַל, וואָס וועט באַשטימט קומען געריטן אויף אַ ווייסן פערד. די לעגענדע האָט זיך געשאַפן ניט נאָר אין לינקן לאַגער, נייערט אויך מיט דער זעלביגער שטאַרקייט אין רעכטן לאַגער. דער צו דער וואַנט צוגעשפּאַרטער שכל פון די רעכטס-פּאַרטייען האָט געזוכט ליידנשאַפטליך אַן איינגענעם אויסוועג — און האָט ניט געפונען. דער באַרימטער שעיר לעזאזל פון יעטווידער ניט-איינגעגעבענער געשיכטע און פּאָליטיק, דער בלבול אויף יידן, האָט דאָ ניט געקאָנט דינען. אויב אין דער אַלטער מלוכה האָט די עכט-רוסישע פּרעסע געקאָנט שאַפן דעם איינדרוק, אַז די רוסישע ערד איז באַוואוינט ניט פון 90 מיליאָן רוסן און 5 מיליאָן יידן, ווי דער אמת איז, נייערט פון 90 מיליאָן יידן און 5 מיליאָן רוסן, זיינען איצט גאָר ניט געווען אַזעלכע אָרגאַנען, וואָס האָבן געקאָנט די דאָזיגע שקרים פאַרשפּרייטן. די גניאַלע דעמאַגאָגיע און די דרייסטע ענערגיע פון די באָלשעוויקעס האָבן קיין צייט ניט געלאָזן אויף זיך אַרומצוקוקן.

עס זיינען איצט אין אַ געוויסער מאָס מקוים געוואָרן די אידעאַלן פון די עקסט-רעכטע: עס איז געשלאָסן געוואָרן דער שלום אין בריסק ד'ליטא, די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג צעטריבן, די רעגירונג אַריבערגעטראָגן קיין מאָסקווע, די גאַנצע פּרעסע געוואָרן אַ רעגירונגס-מאָנאָפּאָל. מען איז געווען אַזוי שטאַרק צעטומלט, אַז אַ לאַנגע צייט האָט מען אין אָט די אַלע באָלשעוויסטישע רעגירונגס-קונצשטיק אָנגעשמעקט אַ פּראָוואָקאַציע פון רעכטס. בכל אופן איז עס פאַר די לייט פון די „עכט-רוסישע“ קרייזן פּסיכאָלאָגיש מעגליך געוואָרן צו פאַרנעמען פּאָסטנס, פּונקט ווי פאַר די ברייטע שיכטן פון דער אינטעליגענץ איז דאָס פּסיכאָלאָגיש אוממעגליך געווען. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער סאַבאָטאַזש פון די געבילדעטע און באַאַמטע.

די באָלשעוויקעס, וואָס זיינען לכתחילה אויסן געווען צו פאַרטיליגן די אַלגעמיין אָנגענומענע ציוויליזאַציע און שטייגער, האָבן דורכדעם טאָפּלט געוואונען: זיי האָבן איצט געקאָנט פאָרשטעלן דער וועלט אַ נייעם געגנער אין דער געשטאַלט פון די סאַבאָטירערס. אין קאַמף מיטן געגנער האָט מען געקאָנט זיך אַליין אויסהאָדעווען, מען האָט געקאָנט, ווען מען האָט באַדאַרפט, פאַרענטפערן די אייגענע קולטורעלע אומבאַהאָלפנקייט. מיט דער הילף פון די „עכט־רוסישע לייט" האָט מען זיך אָנגעשאַפט אין די מלוכה־ענינים דעם אַלט־געירשנטן רוסישן גייסט, וואָס אויף דעם געביט איז ער דער גייסט פון קאַראַמזינס און ניקאָלאַי I־נס רוסלאַנד. דער „דינסט פאַר דער מלוכה", וואָס איז אינעווייניג דעם קאָמוניזם פרעמד, איז אַזוי אַרום אויפסניי איינגעוואָרצלט געוואָרן און געהייליגט אין דער נשמה.

היען מען מראַכט אַזוי דורך טריט פאַר טריט די אַנטפּליקונגען, וואָס עס ווייזט אַרויס די קאָנצענטרישע היסטאָרישע ווירקונגס־איינהייט, וואָס ווערט אָנגערופן מלוכה, הויבט מען באמת אָן צו גלייבן אין אַ לאָגיק, וואָס געוועלטיגט אין דער געשיכטע. דער געזעלשאַפטליכער גייסט פון רוסלאַנד איז געווען באַהערשט פון אָט די טראַדיציעס: די פאָלקסטימליכקייט, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער בריוו פאַרמאָסטענער אידעאָלאָגיע פון די „גאַראָדניטשעסטוואָ", דער רעליגיעז באַפאַרבענער ראָמאַנטישער־נאַציאָנאַליזם פון די סלאַוויאַנאָפילן און דער ביוראָקראַטישער פאַטריאָטיזם פון ניקאָלאַי I, ווי ער האָט זיך אָפּגעזעצט אין קאַראַמזינס אויסטערלישער „געשיכטע פון רוסישן פאָלק". אפילו גאָגאָל און פושקין זיינען געווען דורכגענומען פונם באַאַמטן־פאַטריאָטיזם. ווער עס איז ניט געשטאַנען אין דינסט פון דער מלוכה, דער האָט זיך גערעכנט סאָציאַל־אידעאָלאָגיש מינערווערטיג. גאָגאָל האָט טאַקע גע־

פעלשט אין זיין צאַרט־סטרוניגער אוקראַינע צוליב דעם שטרענג־
ערנסטן פעטערבורגער ביוראָקראַטיזם. גאָנטשאַראָוו, אָט דער
יחיד במינו גרויסער פלאַסטיקער אין דער רוסישער ליטעראַטור,
האָט אַרויסגעשטעלט די ערליכע באַאַמטן־נשמה קעגן אָבלאָ־
מאָוון, וואָס ליידט פונם רוסישן ספלין. און וואו עס קלעקט
ניט די ווייכע סלאַווישע נאַטור, אויף צו באַווייזן אַ פעסט־געבויטן
גייסט, וואָס איז געווענדט אויף די מלוכה־ענינים, ווערט אַרויס־
געשטעלט אַ דייטש, וואָס האָט זיך אונטערגעטוקט אין רוסישן
ים, און אויף אים ווערט אַרויפגעלייגט אויסצופירן די דאָזיגע
ביוראָקראַטיש־פאַטריאָטישע מיסיע. ווי טיף אָט די דאָזיגע באַ־
אַמטן־טראַדיציע איז געווען בכח צו פאַרכאַפן אויך די ראַטן־
מלוכה, ווייזט זיך אַרויס אויך דערפון, וואָס אפילו אַלכּסנדר
בלאָק, דער באַרימטער דיכטער פון דער איצטיגער רעוואָלוציאָ־
נערער מיסטעריע, לאָזט אין אַ דיאַלאָג, וואָס איז כאַראַקטעריס־
טיש געננג באַטיטלט: „וועגן ליבע, פאָעזיע און לוין אין
דינסט פון דער מלוכה“, דעם פאָעט צום סוף אויסרופן: „מיר
דוכט אַמאָל, אין מלוכה־דינסט וועל איך אפשר פטור ווערן
פון מיין שווערגעמיט“...

אין איטליכער רעוואָלוציע שטעקט פאַרבאָרגן איר רע־
אַקציע. און דאָס איז ניט נאָר מחמת דעם טעם, וואָס עס איז
פאַראַן אַ פסיכאָלאָגיע פון קאָנטראַסטן, וואָס די אויפגערעגטע
נשמה מוז זיך ניט ווילנדיג איר אונטערגעבן; עס גייט לחלוטין
ניט צו לויט דעם געזעץ, אַז די ראַדיקאַלע שטימונגען מוזן
זיך אומקערן אין זייער היפוך. די רעוואָלוציע גראָבט אויף
ביזן גרונט דעם לעבנס־באַשטאַנד, און לאַנג באַגראָבענע
טראַדיציעס און ליידנשאַפטן כאַפן זיך אַרויף אויפן אויבער־
פלאַך. עס איז נאָר נויטיג די געלעגנהייט — אַזוי איז דער שטיי־
גער פון געשיכטליכן געשעהן, וואָס וויים ניט פון קיין סיבות,
נאָר פון געלעגנהייטן. דאָס היסטאָרישע דענקען איז לויט זיין

מהות נאָך ניט קויזאַל, נייערט אָקאַזיאָנאַליסטיש. פונקט ווי די באַרבאַרישע שפּיל פון די רעוואָלוציאָנערע ליידנשאַפטן האָט אויפגעוועקט אין רוסישן מענשן דעם אַלטן גייסט פון די „סקיטן“, דאָס סקיטנטום — אין אַ לאַנד מיט אַן אַנדער באַפעלקערונג וואָלט די רעוואָלוציע אַרויפגערופן צו דער ליכטיגער שיין אַנדערע ראַסן-ליידנשאַפטן — אַזוי האָט זיך איטליכער סך-הכּל׳דיגער אויפטו פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט אויסגעפורימט צו אַן „אָקאַזיע“ אויפצווועקן וואָסער עס איז גרונט-טראַדיציע פונם גאַנצן כּלל.

דער שלום פון בּריסק-דליטאָ, וואָס האָט אָפּגעפרעמדט דאָס רוסישע פאָלק פון זיין אוקראַינישער שוועסטער-נאַציע און האָט ווירטשאַפטליך אָפּגעשיידט דעם צפון פונם דרום, איז געווען די „אָקאַזיע“, די געלעגנהייט, עס זאָל זיך אויפכאַפּן די נאַציאָנאַלע טראַדיציע. אַפילו אין די קרייזן פון די ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען אַריבער אין באָלשעוויסטישן לאַגער, האָט מען זיך גענומען פאַרן נאַציאָנאַלן זעלבסטשוץ, מען האָט אָנגעהויבן צו גרינדן פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. לעניןאון די ווייניגע האָבן זיך לחלוטין ניט אַנטקעגנגעשטעלט קעגןאָט דעם נאַציאָנאַל-פּאַטריאָטישן דראַנג, זיי האָבן נאָר, ווי אָפט אין אַזעלכע פאַלן, אַרויסגעגעבן דעם לאָזונג וועגן צייטווייליגן אָפּטעמען זיך. אויך אונזער קליינער סייסמאָגראַף האָט שטורמיש רעאַגירט אויף דער גרויסער געשעהעניש.

עס איז בינתים געוואָרן ווינטער 1917-1918, אונזער „געזעלשאַפט“ האָט זיך אַריבערגעקליבן אויף דעם וואַסילי-אינזל אין לאָקאַל פונם „מבשר פאַר קולטור און פּאָליטיק“, וואָס איז אַליין אַרויסגעגאַנגען פון יענע קרייזן. דער פריינטליכער רעכטס געשטימטער באַנקיר י—וו, וואָס האָט אונז פריהער מיט ברייטער האַנט אַזוי גוט צוגענומען, האָט דערווייל שוין לאַנג געמוזט אַראָפּנידערן צום „פּראָלעטאַריאַט“, הגם ער איז, לויט ווי ער

פּלענט זאָגן, זיכער געווען, אַז ניקאָלאַי II וועט אויף אַ צייט קומען צוריק, בכדי מיט די אייגענע הענט אַראָפּצוזעצן ווילהעלם דעם II=טן פאַרן פאַרברעך, וואָס יענער זאָל זיין באַגאַנגען אין בריסק קעגן דעם הייליגן רוסלאַנד. עס זיינען אָבער געווען אין אונזער קרייז נביאים, וואָס האָבן געהאַט מער רוח נבואה, ווי דער באַנקיר י—וו. דער זעהר פעהיגער באָרים דעמטשינסקי, וואָס האָט פונקט אַזוי טאַלענטפול פאַרשטאַנען צו אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע פון מאַטעריעלע רייכטימער, ווי אויסצופאָרשן דאָס „געזעץ פון דער ערד“ און דאָס „געזעץ פון גייסט“ אין לעבן פון די שבטים פון די אַלטאַי=בערג, האָט מיט רעליגיעזער התלהבות נביאות געזאָגט וועגן אונטערגאַנג פונם הויז האָהענצאָלערן. די רוסן זיינען געווען טיף איבערצייגט, אַז פאַרן חורבן פון דער רוסישער אימפּעריע וועט אָפּגעצאָלט ווערן. קיין מאָל נאָך האָב איך ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זעהן אַזאַ גלויבן אין שכר ועונש אין ווייטע קרייזן, ווי דאָ. דער רעליגיעז=מאָראַלישער געדאַנק, וואָס איז מיט אַמאָל וואַך געוואָרן, האָט אַ סך געהאָלפן קומען צו רוה. מען איז נאָך ווייטער געגאַנגען און מען האָט געקלערט אַריינצושפּאַרן אַלע געשעהענישן פון דער קריגס=רעוואָלוציאָנערער תקופה אינם קרייז פון עטאָס. אַזוי האָט דער געוועזענער ליבעראַלער אויבער=פּראָקוראָר פון הייליגן סינאָד פירשט אָבאָלענסקי אַריינגעשיקט פאַר אונזער צייטשריפט באַטראַכטונגען איבער דער צייט, וואָס זייער שפּיץ איז געווען דער געדאַנק וועגן שכר ועונש. עס קומט אונז! היות ווי דער מחבר איז געווען אַ פירשט, האָט זיין ווערק די ליכטיגע שיין ניט דערזעהן. עס איז ניט געווען די צייט, מען זאָל קאָנען אומבאַשטראָפט מיטהעלפן צו פאַרעפנטליכן אַרבעטן פון אַ פירשט.

מיר, די אַנדערע, האָבן געקלערט, אַז מיר קאָנען זיך באַגיין אָהן מאָראַלישער קויזאַליטעט און אָהן עטישע אָפּשאַצונ=

גען בײם באַטראַכטן היסטאָרישע איבערקערענישן. מען מוז
האָבן אין זינען, אַז זינט יאָרן זײנען מיר געװען פּולקום אָפּגע=
ריסן פון דער איבעריגער אײראָפּעאישער װעלט, פון איר גאַנצער
ליטעראַטור. דער גרעסטער רוב האָט אױפריכטיג געגלױבט
אינם נצחון פון דײטשלאַנד. און דאָך האָב איך געפּרובט שױן
דעם 18 מערץ 1918 אין אַן אַרטיקל „מעטאַ=היסטאָריע" (מ.
פּ. ק. א. פּ. נומ. 8) און דערנאָך אין די דעבאַטן פון דער „גע=
זעלשאַפט" פאָראױסצוזאָגן די מפּלה פונם בריסקער שלום. איך
בין דערבײ אַרױסגעגאַנגען פון דער אימאַנענטער אָרגאַניזאַציע
פון די נאַטור=כּחות און פון די מענשן=כּחות אױפן אײראָפּעאישן
האַלב=אינזל, האָב אָנגעצײכנט זײער טענדענץ זיך צו אַנטװיקלען
לױטן געזעץ פון אַ ג ל ײ כ מ אָ ס י ג ע ר אױפדעקונג פון אַלע
זײערע ערד= און קולטור=אוצרות, און אַנטקעגן אָט דער עלעמענ=
טאַרער אַנטװיקלונגס=מאַכט האָב איך געשטעלט די פאַרשײדענע
היסטאָריש=פּאָליטישע פּלענער פון די קעמפנדיגע גרױסע
מלוכות. הגם דער דײטשער קריג איז, לױט מײנע װיסנשאַפטלי=
כע הנחות, אָנערקענט געװאָרן פאַר באַרעכטיגט, האָבן דאָך
זײנע נצחון=פּלענער, דער גאַנצער פּלאַן פון אַ פּאָליטישער גאָ=
טיק, פון אַ היעראַרכישן אױפבױ פון די אײראָפּעאישע מזרח=
מלוכות אױסגעװיזן װי אַ לחלוטין קינסטליכע קאָנצעפּציע. דער
פּאָליטישער דילעטאַנטיזם פון בריסקער אָפּמאַך איז געװען קלאָר
װי דער טאָג. איך האָב אים אָנגענומען נאָר װי אַ סטראַטע=
גיש=קריגערישן עקספּערימענט, װאָס זײן גיכע מפּלה האָב איך
פאָראױסגעזאָגט.

צו דער גלײכער צײט זײנען געקומען אָנגעזעהענע פּאָליטי=
קער פון קאַװקאַז, אוקראַינע, ליטע א. אז. װ., װאָס האָבן
בפּרוטרוט דערצײלט װעגן דעם צושטאַנד בײ זײ אין דער הײם.
און אָט די אַלע נאַציאָנאַליסטן, כאָטש זײ האָבן שטאַרק
פײנט געהאַט דעם באָלשעװיזם, האָבן גערעדט װעגן דער אָפּ=

טיילונג פון זייערע היים=לענדער פון רוסלאַנד, ווי ווענן אַ צייט=
ווײַליגן עפּיזאָד, ווי ווענן אַ נאַציאָנאַל=פּאָליטישן וואַריאַנט, וואָס
איז נויטיג, בכדי אין אַ קורצער צייט אַרום צו קומען צו די פּאַר=
אייניגטע שטאַטן פון רוסלאַנד. עס האָבן זיך אויך געלאָזט
הערן מיינונגען, אַז רוסלאַנד וועט איצט בלייבן נאָר אַ גרויס=
רוסישע פּויערים=מלוכה אויפן שטייגער פון שוועדן, אָבער דער
רוב האָט אַזעלכע רייד אויפריכטיג אויסגעלאַכט. באַזונדערס
האָבן דאָס געטאָן די מזרח=יידישע אייראָפּעער, וואָס זייער גרויס=
אימפּעריאַליסטישער פּאַטריאָטיזם האָט לחלוטין פּראָטעסטירט
קעגן אַזעלכע פּערספּעקטיוון.

די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס האָט טיפע וואָרצלען אין עצם
פון דער רוסישער מלוכה און פון רוסישן פאָלק, אין דער רו=
סישער היסטאָריע, וויקלט זיך אָפּ ווי אַ ספּיראַל. ביי איטליכן
אַנטשיידענעם שאָקל, וואָס די ספּיראַל מאַכט דורך,
אַנטפּלעקט זיך אַן אַנדער גרונט=טראַדיציע פון דער רוסישער גע=
שיכטע. נעבן דעם ספּעציפישן גייסט פון מלוכה=באַאַמטנטום
האָט זיך אַרויסגעוויזן דער אימפּעריאַליסטישער נאַציאָנאַליזם
מיט אוניווערסאַליסטישע כאַראַקטער=שטריכן. און ער האָט דאָס
לכתחילה פונאַנדערגעבלאָזן דעם בירגער=קריג. די מעטאָדע
איז דאָ נאָר געווען אַ בירגער=קריגערישע, פּראָלעטאַריש=קאָמו=
ניסטישע און קריגס=ווירטשאַפטליכע. לויט זיין אינהאַלט און
לויט זיין כוונה איז דער רוסישער בירגער=קריג אַן אויסדרוק פון
די פעלקער= און שבטים=מלחמות אין דער רוסישער אימפּעריע.
די וויכטיגסטע עטאַפּן פונם דאָזיגן בירגער=קריג שפּילן זיך טאַקע
אָפּ אין די ניגודים: גרויסרוסלאַנד — אוקראַינע, גרויסרוסלאַנד
— קאַווקאַז, גרויסרוסלאַנד — טורקעסטאַן, גרויסרוסלאַנד —
סיביר, גרויסרוסלאַנד — פּוילן, גרויסרוסלאַנד — ראַנד=מלוכות.
אין גרויסרוסלאַנד גופא זיינען פאָרגעקומען העכסטענס פּאַרטיי=
קאַמפן. די באָלשעוויסטישע סאָוועט=מלוכה לעבט און פאַלט

מיט דער אויפס ניי אויפגעוואַכטער אימפּעריאַליסטישער אידייע פון אוניווערסאַליסטיש=רוסישן שניט. זיין סאָציאַלער באַזיס איז נאָר אַן אַנדערער, אַ ברייטערער, ווי פון דער ראָמאַנאָווישער מלוכה. דאָ האָט דער „מאַרקסיסטישער" באָלשעוויזם פאַרכאַפּט די דריטע גרונט=טראַדיציע פון דער רוסישער געשיכטע, די „נאַראָדניטשעסטוואָ", די פּויערים=פאָלקסטימליכקייט. די איבערקערעניש אין די אַגראַר=פאַרהעלטנישן איז אַ פּועל=יוצא פון אָט דעם דריטן מאָטיוו אין דער רוסישער געשיכטע. אגב, האָט שוין די צענטראַליזירטע אַלטע מלוכה, וואָס האָט געשטרעבט זיך צו פאַרברייטערן, אָנגעהויבן צו דערנעהענטערן זיך צו דער פּויערשער פאָלקסטימליכקייט דורך אָפּשאַפן דעם לייב=אייגנטום. מיט רעכט וואַרפן אויף די מלוכה=ביוראָקראַטן, סלאַוויאַנאָפילן און סאָציאַליסטן=רעוואָלוציאָנערן (די פּאָליטישע וואָרטפירער פון דער „נאַראָדניטשעסטוואָ") דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, אַז זי איז באַגאַנגען אַ פּלאַגיאַט. נאָר די אַפּוויקלונג פון דער רוסישער „היסטאָריע", איר דורך דעם וועלט=קריג ביז גאָר אין סכנה געשטעלטע לאַגע האָט דעם באָלשעוויזם אָנגעוויזן אויף אָט דעם וועג, וואָס ביי דער אָרימקייט פון קולטור האָט מען נאָר אויף אים געקאָנט גיין. מער ניט די מעטאָדע פון קאַמף איז גענומען פון מערב=אייראָפּעאישן גייסט, די שטאַמט פון דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, וואָס לויט די היסטאָרישע=רוסישע תנאים האָט זי געמוזט זיך אָנטון אין אַ באַקוניסטישן לבוש. אויך אָט די קאַמף=מעטאָדע איז געווען די איינציג מעגליכע, וואָרום זי האָט געלאָזט געבן דעם לעצטן טויט=קלאַפּ די גרויסע פּריצים און צו מאַכן סיי די אַרבעטער= און פּויערים=מאַסן און סיי די ראַסן=פּראָלעטאַריער פון דער אימפּעריע פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער אַרמיי.

דער אַלטער מאָטיוו פון דער רוסישער געשיכטע, אָבער אין אַ ביז גאָר פאַרשטאַרקטער, רעוואָלוציאָנערער פאָרם האָט

זיך ווידער אומגעקערט: דאָס לעבן פון דער אימפּעריע, פון דער „היסטאָריע" אויפן חשבון פון קולטור און ציוויליזאַציע. אין אָט דעם ווידעראַנאַנד צווישן היסטאָריע און קולטור קלייבט זיך צונויף די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע; אָט די סתירה איז עלול צו צעשטערן די גאַנצע מאַרקסיסטיש-באַקוניסטישע מעטאָדע בכלל. דאָס, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קולטורעל-ציוויליזאַטאָרישע רעסטאַוראַציע, דער אַזוי אָנגערופענער נייער עקאָנאָמישער קורס אין דער סאָוועטן-מלוכה איז שוין אַ רמז דערויף, אַז בכלל גענומען האָט די רוסישע אימפּעריע אויפס ניי געפונען איר היסטאָריש-פּאָליטישן באַזיס. איצט דאַרף זי נאָר אָפּטון נאָך אַ זאַך: ברענגען איר עקסיסטענץ אין הסכם מיט דער עקסיסטענץ און מיטן לעבן פון די איבעריגע וועלט-מלוכות. ס'איז אַ שווערע אויפגאַבע, וואָס וועט נאָך ברענגען צו גרויסע איבערקערענישן אין לעבן פון דער רוסישער מלוכה.

אַפילו די אַנטי-באָלשעוויסטישע קאָנטררעוואָלוציע, ווי זי איז געפירט געוואָרן פון די ווייסע גענעראַלן, סקאָראָפּאַדסקי, קאָלטשאַק, דעניקין, וראַנגעל, יודעניטש — די באַוועגונג פון אַלעקסעיעוו-קאָרנילאָוו האָט דערמיט נישט געהאַט וואָס צו טון, זי איז מער ניט געווען אַ צווישן-שפּיל ביים איבערגאַנג פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע צו דער באָלשעוויסטישער — טראָגט אויך אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אַלרוסישן אימפּעריאַליזם. און זי האָט דערפאַר טאַקע געליטן אַ מפּלה, ווייל די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציאָנערע מאַכט האָט צום זעלבּיגן פּאַטריאָטישן ציל געשטרעבט מיט היסטאָריש בעסערע מיטלען. אויב די רעוואָלוציע האָט זיך ביז איצט אַרויסגעוויזן פאַר אַן איין-אויגיגן קיקלאָפּ, ווי אַ היסטאָריש פּראָגרעסיווע און קולטורעל-ציוויליזאַטאָריש רעאַקציאָנערע מאַכט, איז די קאָנטררעוואָלוציע געווען בלינד אויף ביידע אויגן. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז זי וועט

דערגרייכן צום פּאַטריאָטישן ציל אויפן גערירשענטן, פאָלקסטימ־ליך און נאַציאָנאַל ענגהאַרציגן יסוד פון דער אַלטער פּעטער־בורגער אימפּעריע, און האָט, פאַרשטייט זיך, געענדיגט מיט אַ פולקומענער מפּלה. זי גופא איז אַ באַשעפעניש פונם אינערציע־געזעץ, אַ פאַרשפּעטיגטער רעזולטאַט פון דער פאַררעוואָלוציאָ־נערער תקופה.

די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציאָנערע מאַכט האָט גענומען איויף זיך די היסטאָרישע עובדה פון זאַמלען און אויפריכטן די רוסישע אימפּעריע — אַ געשעהעניש, וואָס קערט זיך פּריאָריש אום אין דער רוסישער געשיכטע און וואָס האָט שוין געקראָגן דעם טראַדיציאָנעלן נאָמען „זאַמלונג פון דער רוסישער ערד“. די רעוואָלוציאָנערע מאַכט איז לכתחילה גאָרניט געווען באַוואוּסט ביי זיך ווענן דאָזיגן הויכן באַרוף אירן. אָבער דער כאָר, דאָס פּובליקום, די מאַסע האָט שוין אָפן אַרויסגעזאָגט דעם דאָזיגן געדאַנק, נאָך איידער ס׳איז עפּעס געטאָן געוואָרן אין דעם זין, דעמאָלט ווען די דייטשע אַרמיי האָט געהאַט פאַרנומען אוקראַ־ינע און האָט געזוכט זיך אויסצושפּרייטן ביז צום קאַווקאַז. אין יענער צייט איז דאָס טון און ניט־טון פון די באָלשעוויקעס געווען אָפּהענגיג פון דער צוועק־לאָגיק פון דעם אַלגעמיינעם קריגס־רע־וואָלוציאָנערן געשעהען. די מאָראַלישע און מיליטערישע מפּלה פון דער אימפּעריע האָט אַרויסגעבראַכט די רעוואָלוציע, און די רעוואָלוציע האָט צוליב איר אייגענעם שוץ גענויטיגט זיך אין אַן אייגענער אַרמיי. די טראַדיציאָנעלע פאָרמירונגס־כחות פון דער רוסישער מלוכה האָבן אָט דער אַרמיי פון דער רעוואָלוציע אָנגעוויזן אַ ברייט אַרבעטס־פעלד.

אַז דער שטרענגער ווינטער פון יאָר 1918 איז געגאַנגען צום סוף, האָבן אַלע, וואָס האָבן פריהער געהערט צו דער געזעל־שאַפט און האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער ווירטשאַפט אָדער מלוכה, אָנגעהויבן בשתיקה צו פאַרלאָזן פּעטערבורג און מאָס־

קווע. קיעוו און ראָסטאָוו ביים דאָן זיינען געוואָרן די זאַמל=
פּונקטן פון דער נייער עמיגראַציע. אין דיווינטער=חדשים האָט
מען נאָך אויף די פּעטערבורגער גאַסן געקאָנט באַגעגענען מיט
אַ געפיל פון בושה הויכע אָפיצירן פון דער אַלטער אַרמיי פאַר=
קויפנדיג ציימונגען און זשורנאַלן. אין פריהיאָר האָט שוין גע=
הערשט די רוה פון אַ בית=עולם. אַלץ, וואָס איז געווען צו=
געגרייט, איז שוין געווען פאַרנוצט, די פאַבריקן זיינען געשטאַ=
נען שטיל, די געשעפטן פאַרמאַכט. כלערליי קרייטאַכצער און
גראָזן האָבן באַדעקט די גאַסן, די שטאָט האָט גענעהנט צום
שטאַרבן. אויך די מאַסן האָט עס געצויגן אין דער פּראָווינץ
אַרויס, אין די דערפער, ווי ווייט זיי זיינען שוין פריהער ניט גע=
וואָרן צוגענומען אין דער רויטער אַרמיי. און אפילו די נעווא,
וואָס איז זינט פעטערס טויט געוואָרן די בענקשאַפט פון אַ סך
דורות, אַן אמתער מופת, וואָס האָט אויך אַ חלק אין מיין אייגע=
נער פיין, אין מיין אייגענער „היסטאָרישער" בענקשאַפט, אויך
זי האָט אויסגעזעהן ווי מיד פון איר געשיכטע, האָט זיך אין
פאַרבאָרגענער שיינקייט איינגעהילט, אַזוי ווי בדעה געהאַט
אויף אייביג אַנדרימלט צו ווערן.

עס איז אויך פאַר מיר געקומען די העכסטע צייט צו פאַר=
לאָזן די אין טויט געלייטערטע שטאָט. דער וועג איז געגאַנגען
קיין דרום, קיין אוקראַינע. ניט אַלע האָבן געקאָנט, ניט אַלע
האָבן געוואָלט זיך לאָזן אין אומבאַקאַנטן וועג אַריין. זיי האָבן
זיך צוגעוויינט צו דער בית=עלמין=שטילקייט און זיינען שטענ=
דיג געווען עפּעס ווי איבערגעשראָקן, ווען עמיצער האָט זיך
דערוועגט אויף אָט דער דרייסטער נסיעה. קנאה און רחמנות
האָט זיך אויסגעמישט אין זייער אויסגעלאָשענעם בליק, און
קיינער האָט מער קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, ניט אויפצומונ=
טערן און ניט צו וואָרענען. מען האָט געטראַכט דורך און דורך
אָבערגלויביש=פאַטאַליסטיש, מען האָט זיך געהאַלטן פאַר פאַר=

לאָזן פון גאָט און וועלט, מען האָט זיך געפילט ווי געוועזענע מענטשן, וואָס גאָר טייוואָלאָנים אין געשטאַלט פון מענטשן טוען פון צייט צו צייט וועגן זיי עפּעס אַ קלער. מען האָט ווייטער גע־פירט דעם אכזריותדיקן פּרימיטיוון קאַמף פאַרן קיום, און ווער עס איז ניט אַריבער אינם לאַגער פון די זיגער, אָדער האָט ניט פאַרשטאַנען צו באַנוצן די סאָציאַלע מימיקרי, אָדער האָט גאָר ניט געקאָנט אַרויסגעפינען קיין פּאָליטיש קוואַל אינם נייעם לעבן, דער איז אונטערגעגאַנגען. איך וויל דאָ דערמאָנען נאָר איין אַדל־מאַן, איין גליד פון אונזער ענגן קרייז, וואָס האָט דאָרט געפונען דעם הונגער־טויט: זיין לעבן, דער בייט פון זיינע מיי־נונגען און זיין טויט זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט.

איוואַן פּעאָדאָראָוויטש סטאַוראָוויטש איז געווען אַ מאַן פון סוף פערציגער, און אונטערן אַלטן רעזשים האָט ער פאַרנו־מען דעם פּאָסטן פון אויבער־פּראָקוראָר פון פערטן דעפּאַרטאַ־מענט פון סענאַט, דאָס הייסט נאָר מיט איין מדרגה נידעריקער פאַרן יוסטיץ־מיניסטער. שטענדיק נאָך אונזערע פיל־שעה׳־דיקע שמועסן איבער פילאָסאָפישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע פּראָבלעמעס האָב איך געמוזט זיך שטעלן די פראַגע: צי איז טאַקע דער מאַן איינער פון די מייסטערס אין דער יורידישער פאָרמאַליסטיק, ווי עס באַדאַרף צו זיין אין סענאַט? אָבער מענטשן, וואָס מוזן דאָס וויסן, באַשטעטיקן דאָס. בכלל פלעגן פּסיכאָלאָגישע איינפאַלן און מעטאַפיזישע בליצן כסדר אויפ־פלאַקערן אין זיינע רייד. ניט אין זיין גאַנצן באַנעמען זיך, ניט אין זיין רעדן האָט עפּעס דערמאָנט אָן דעם יוריסט. אים האָט ניכער אויסגעצייכנט קאַטוילישע חניפה און געמיטפול אַריינדרינ־גען אין דעם אַנדערנס נשמה. ער האָט די פּאָליטיק ניט ליב געהאַט, און דאָך האָט ער געשילדערט וואונדערפולע בילדער וועגן „קונסט פון הערשן״. ער איז קיין מאָל ניט געווען אין

אויסלאַנד און האָט דאָך פּסיכאָלאָגיש געטריי כאַראַקטעריזירט דייטשן, ענגלענדער, פראַנצויזן, איטאַליענער. ער האָט געוואוסט אויך זייער ליטעראַטור און פילאָסאָפיע. צו זיינע באַליבטע טעמעס האָבן געהערט ביבל-קריטיק און דער אָרטאָדאָקסישער אַלטפרענקישער ייד, ווי ער האָט אים געקענט פון זיין ליטווי-שער היים. דערביי פלעגט ער אויף אויסוועניג זאָגן אין אַ שיין קלינגענדיגן העברעאיש גאַנצע זייטן פון תנך. אַ זון פון אַ פאָלקסשול-אינספּעקטאָר פון ווילנער ראַיאָן, איז ער געווען גוט בהבנט אין די מנהגים פון יידן, און אפילו אין זייערע תפלות. ער האָט גענוי געוואוסט די געשיכטע פון די ישיבות און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אויסצואַרבעטן פון נאָטיצן איבער דער באַוואוסטער וואָלאָזשינער ישיבה, וואָס זיין פאָטער האָט איבערגעלאָזט, אַ פּעדאַגאָגיק פון גייסטיגן לעבן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. קיינער פאַרשטייט ניט דעם באַ-טייט פון די ישיבות — פלעגט ער כסדר טענען — דאָס איז דאָך די איינציגע שולע, וואו עס ווערט געלערנט אָהן אויפהער צו לעבן אין גייסט, אַרויסצוברענגען גייסטיג לעבן; העגעלס אַב-סאָלוט, וואָס לאָזט אַרויס פון זיך די ווירקליכקייט, בכדי זי צוריק אַריינצונעמען אין זיך אַ געלייטערטע — איז אין די ישיבות פאַרקערפּערט געוואָרן.

די רעוואָלוציע האָט אים געמאַכט פאַר אַן אָרימאַן. אָנ-שטאָט דער סטילפול איינגעאָרדנטער דירה האָט ער געוואוינט אין איין שטיבל ווי אַ סטודענט, און האָט אַליין געזאָרגט פאַר זיין אויסקומען. מיט ווייסנשאַפטליכער פּינקטליכקייט פלעגט ער שילדערן די לעבנס-כחות, וואָס עס קאָן געבן אַ ביין פון אַן אָקס, וואָס ער האָט ערגייץ וואו געפּאַקט, אַ וואָך לאַנג האָט ער זיך געשפּייזט פון דער יויך, וואָס ער האָט אָפּגעקאָכט פון אָט דעם איינציגן ביין. די רעוואָלוציע האָט אין אים אויפגעוועקט אַ באַזונדערס שטאַרקע גייסטיגע אַקטיוויטעט און דורך די נעכט

האָט ער געאַרבעט איבער אַ ווערק וועגן „רעכט פון כלל=אייגנטום“. פון קיעוו האָט מען אים איינגעלאַדן צו אָרגאַניזירן אויף גרויסאַרטיגע תנאים דאָס אוקראַינישע יוסטיץ=מיניסטעריום, נאָר ער האָט זיך דערפון אָפגעזאָגט. ער האָט פעסט געגלויבט, אַז רוסלאַנד וועט אויפגעריכט ווערן, און מיר זיינען מיט אים געווען איינשטימיג, אַז די מלוכה, וואָס פאַרשטייט ניט אונטערצובריינגען עטליכע פעלקער אונטער איין דאַך, פאַרדינט גאָר ניט צו טראָגן דעם נאָמען מלוכה. די מלוכה, וואָס באַשטייט פון איין נאַציע, איז נוטה צום עגאָאיסטישן נאַציאָנאַליזם, וואָס אין אים ווערט דערשטיקט די אידייע פון דער מלוכה. נאָר פאַר יידן האָט ער, אַפנים, געוואָלט מאַכן אַן אויסנאַם. ראשית, ווייל דער רוב יידן פאַרבלייבן דאָך, גאָט צו דאַנקען, סיי ווי אין אַלע לענדער, און ממילא וועלן זיי דאָך שטענדיג שטעלן פאַר דער מלוכה די אויפגאַבע צו זיין אַ מלוכה פון פאַרשיידענע נאַציעס, והשנית, וועלן יידן אין ארץ=ישראל לאָזן אויפבליהען דאָס „אַבסאָלוטע“ אין זייערע הערצער און באַנייען די ישיבות אין לעבן. שטענדיג האָט ער געזעהן דאָס יידישע פאָלק דורך די ברילן פון אַ לעבעדיגער גייסט=פעדאַגאָגיק.

איוואַן פעאָדאָראָוויטש איז קיין אוקראַינע ניט געגאַנגען. ער האָט, פאַרקערט, זיך ווייטער געגריזע'ט זיין מופת'דיגן ביין און האָט געאַרבעט איבערן רעכט פון דער קומענדיגער אייגנטומס=פאָרם. באַקאַנטע האָבן מיר שפעטער געבראַכט קיין קיעוו די טרויעריגע בשורה, אַז דער אויבער=פראָקוראָר סטאַוראָוויטש איז געשטאָרבן פון הונגער. בעת די פעטערבורגער רעוואָלוציע=יאָרן זיינען סטאַוראָוויטש און דר. זעמעל געווען די אין געמיט צאַרטסטע און גייסטיג פיינסטע מענשן, וואָס איך האָב געהאַט דאָס גליק צו באַגעגענען.

היסטאָרישע צייטן זיינען שלעכטע צייטן און ביטער איז דאָס געטראַנק פֿון געשיכטלעכער אומשטאַרבלעכקייט. אין שאָטן פֿון דער געשיכטע ווערן צייטיג גרויסע נשמות, וואָס וואָלטן אַנדערש קיין מאָל ניט דערגרייכט צו דער ליכטיגקייט, וואָס זיי האָבן נייטיג. דער היסטאָריע גופא פֿעלט אָבער דער כח אַרויסצוברענגען אָט די נשמות, וואָס זיינען שטענדיג אויסגעוואַקסן אויף ערגיץ אַ קולטור-גרונט. נאָר די בענקשאַפֿט נאָך געשיכטע, נאָך דער היסטאָרישער געשעהעניש איז גרויס און געהויבן, די היסטאָרישע צייט אָבער, ווי זי לעבט און שוועבט, געפֿינט שטענדיג פֿאַר זיך אַ קליינמוטיגן דור, מאַכט שטענדיג אַ פּיצינקען מענטשן פֿאַר איר יורש. און דאָס מוז אַזוי זיין, ווארום גראָד דער היסטאָרישער פֿליה וואַרפֿט אַראָפּ דעם יחיד צום אויספֿירער פֿון אַ פֿרעמדן ווילן, איז אים מקריב ווי אַ שטומען קרבן. מען האָט דעריבער, און מיט רעכט, אַרויסגעזאָגט אַ ספֿק, צי די אַזוי אָנגערופֿענע היסטאָרישע פֿעלקער, בפֿרט די פֿעלקער, וואָס שטייען אין געדראַנג פֿון היסטאָריש-פּאָליטישן קאַמף, זיינען טאַקע די גליקלעכסטע.

אונז, דעם דור פֿון אַ „היסטאָרישער צייט“, וואָלטן אפֿשר געקאָנט מאַכן גרויס אין דענקען און גרויס אין טון, אַזוי אַז די גרויסקייט וואָלט געקאָנט אפֿשר שקול כנגד דעם גליק, נאָר די גרויסע מענטשן, די היסטאָרישע מוסטער-מענטשן. און גראָד דערין האָט די „גרויסע געשיכטע“ פֿון היינטיגן טאָג פֿון אונז צוגענומען איר ברכה. ניט געקוקט אויף דער וועלט-מלחמה, ניט געקוקט אויף די וועלט-רעוואָלוציאָנערע כוונות פֿון דער צייט, ניט געקוקט צולעצט אויפֿן וועלט-קריזיס, וואָס מיר לעבן אַלע איבער, האָבן מיר פּאָרט ניט אַרויסגעבראַכט קיין מענטשן מיט אַ וועלט-שם, וואָס זאָל זיין בכח צו באַצווינגען פֿולקום די געשעעניש, האָבן מיר ניט אַרויסגעבראַכט קיין נאַפּאָלעאָן. און אין גאַנצן קרייז פֿון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע האָבן מיר

נאָך פאַרן אָנהויב פון אונזער קריגס=רעוואָלוציאָנערער תקופה געפּאָרשט און געזוכט די סיבה פון אָט דעם טרויעריגן צושטאַנד. צי איז דאָס אַ ראיה אויף אונזער קולטורעלער שטאַרקייט אָדער ווייזט זיך דאָ אַרויס שוואַכקייט, פעלן פון מענשליכער פּראָדוקטיוויטעט?

אונטער דעם איינדרוק פון אַזאַ רעסיגנאַציע האָב איך זיך געגרייט צו פאַרלאָזן פּעטערבורג. עס האָט זיך אין מיר טיף איינגעגעסן דער געדאַנק, אַז געשיכטע און קולטור זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכן, און איך האָב מיר אָפט געשטעלט די פראַגע, צי זיינען ניט שוין אָפּגעלעבט אָט די אַלע „געשיכטעס" פון דער געשיכטע, וואָס קאָסטן אַזוי טייער און וואָס זיינען אין עצם מהות אַזוי ניט שעפעריש. צי שטייען ניט פאַרקערט די היסטאָרישע פאַראַד=געשטאַלטן פון דער געשיכטע, דאָס מאַכן געשיכטע אין מאַסן, אין וועג דער אמתער געשיכטע פון דער קולטור? איך האָב ניט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן חוץ פּעטערבורג, האָב איך פול מיט האָפענונג פאַרלאָזן האָב און גיטס און זיך אַריבערגעקליבן 1918 מיט ווייב און קינד קיין אוקראַינע. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז מיר וועלן קאָנען אַנטלויפן פון דער „געשיכטע", בעת אירע אַפּאָקאַליפּטישע רייטערס האָבן אונז נאָכגעיאָגט פוס=טריט.

# VI. רינגען.

ווער עס וויל אין רוסלאַנד עפּעס זעהן און אַפּשיטא שוין עפּעס אויפטון, דער מוז זיין באַשאָנקען מיט אַ רוח הנבואה. דאָס רוסישע פאָלק פאַרלאַנגט נביאים, וואָס זאָלן ווייזן הימלישע זעהונגען, נאָכיאָגן אַפּאָקאַליפּטישע רייטערס און מבשר זיין די מלכות־השמים. ווער עס האָט אַזאַ רוח הנבואה ניט, דער האָט אַפילו אין דער רוסישער ליטעראַטור קיין דויערהאַפטיגע השפעה ניט געקאָנט האָבן. נאָר דונער און בליץ, שטורעם און ווינט זיינען בכח צו באַלייכטן און צו באַלעבן די רוסישע מדבר, וואו די פאַרכישופטע שטאָט קיטעזש איז אין חושך פאַרהוילן. איידער דער דונער שלאָגט, קרייציגט דער מוזשיק זיך ניט. שטשאַפּאָוו, אַ פאַרגעסענער רוסישער דענקער פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט פון אָט דער אייגנטימליכקייט פונם רוסישן מענשן אַרויסגעדרונגען אַ באַזונדער פיזיאָלאָגיע. דער רוס ליידט קערפּערליך פון טעמפּקייט פון די חושים. נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס שטייגט אַריבער די גרעניצן פון געוויינליכן, נאָר געשעהענישן פון אַן איבערמענשליכן כאַראַקטער זיינען בכח אריינצובלאָזן אין אים לעבן, איבערלאָזן אַן איינדרוק. אַזוי פלעגן טון די עלטער־זיידעס פון די מאָסקאָוויטער: פון דער אָנגעהיצטער באָד אַרויס און תיכף אין דעם מיט אייז פאַרפלייצטן מאָסקוואַ־טייך אַריינשפּרינגען. און ווידער אַמאָל: אויב שוין טראָגן „די משא פון דער הערשאַפט", דאַרף דאָס געשעהן

אינם גייסט פֿון איוואַן דעם אַכזר; אויב מען מוז זיך פֿירן מי־ליטאַריסטיש, דאַרף דאָס געשעהן לויטן נוסח פֿונם אַראַקטשע־יעוון; און אויב זיי ווילן אַנטלויפֿן פֿון בייז, נעמען זיי זיך פֿאַרן בעטלער־שטעקן פֿון פֿעטער וולאַס, וואָס צו אים האָט טאָלסטאָי צייט זיין לעבן אַרויפֿגעקוקט מיט מאָראַלישער קנאה. מאַכן זיי, אַשטייגער, רעוואָלוציע, גייען זיי נאָך פֿוס־טריט פּוגאַטשאָוון, סטענקאַ ראַזין און מיכאַל באַקונין; זוכן זיי אָבער גאָט, זוכן זיי אים אַזוי, ווי דאָסטאָיעווסקי האָט דאָס געטאָן. אין צאָרן און ליבשאַפֿט, מיט שנאה און קאַמף. דער רוסישער גייסט, וואָס ליידט פֿון שוואַכקייט אין די חושים, טראָגט קיין מעטאַפֿער ניט אַריבער; אַלעגאָריעס און סימבאָלן האָט ער פֿיינט. ער וואָלט גערן געוועזן אַריינצוקוקן אין אָהנגערעגיגן פּנים פֿון דער לעצטער הויה, ווי זי ווירקט אין דער נשמה ווי די לעצטע רע־אַליטעט, און אַט די לעצטע הויה דאַרף אויך זיין דער אינהאַלט פֿון די חושים, פֿון דער קערפּערליכער אויפֿנעם־פֿעהיגקייט. אין אַן אימאַטעריאַלישקייט פֿון אַן אַנדער מין קאָן ער ניט גלויבן. מיסטישער עמפּיריזם איז דער אויסדרוק פֿאַר אַזאַ באַוואוסט־זיין.

נאָר ניט קיין אַלעגאָריעס, קיין מעטאַפֿערן און סימבאָלן. האַלט מען דאָס וואָרט קריסטוס אין מויל, מוז מען זיין איבער־צייגט, אַז אין דעם און דעם יאָר איז טאַקע דער נביא ישו פֿון נצרת פּשוטו כּמשמעו לייבליך אויפֿגעשטאַנען תּחית המתים. עס איז זיי, אמת, ניט פֿאַרבאָטן, ווי עס האָט געטאָן וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, צו באַגרינדן קריסטוסעס אויפֿלעבונג מיט די מע־טאָדן פֿון דער דאַרוויניסטישער אָפּשטאַם־טעאָריע: גאָט־מענש איז אַ נייער מין, וואָס איז ביז איצט נאָך ניט געוועזן, אין דעם נאַטור־אָפּקלייב.

דורך אַ צופֿאַל בין איך פֿערזענליך געשטעלט געוואָרן פֿאַר דער דאָזיגער פֿאָדערונג. בעת די מלחמה־יאָרן האָב איך

געהאַלטן אַ פֿאָרטראַג איבער „רעליגיע און מלוכה" אין דער „פֿעטערבורגער רעליגיאָנס־פֿילאָסאָפֿישער געזעלשאַפֿט". אין די ויכּוחים איז אויף מיר שטאַרק אָנגעפֿאַלן איינע אַ טעאָלאָגין, די דאָזיגע דאַמע, אַ טאָכטער פֿון אַ רוסישן דאָרף־גייסטליכן, וואָס האָט, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, שטודירט אין דער פֿרייבורגער אוניווערסיטעט (אין דער שווייץ) און איז דאָרט בכּוד אַריבער צום קאַטוילִיציזם, האָט געפֿאָדערט, איך זאָל עפֿנטליך ערקלערן, וואָס האַלט איך וועגן קריסטוסעס אויפֿלעבונג. ווער עס קאָן ניט תּופֿס זיין די קערפּערליכע אויפֿלעבונג, דער האָט קיין רעכט ניט צו רעדן וועגן קריסטנטום. מיט די גלייכע טענות איז שפּעטער די דאַמע, בעצם אַ זעהר ליבער מענש, געקומען עטליכע מאָל צו מיר. נאָר אַ דאַנק דעם פֿיינעם טאַקט פֿונם פֿאָרזיצער, דעם שפּעטערדיגן מיניסטער פֿאַר קירכליכע ענינים, קאַרטאַשעוו, איז דער „סקאַנדאַל" איינגעשטילט געוואָרן.

מיט דונער און בליץ, מיט אַלגעמיינע השגות מיט אַ מיטאָלאָגישן מוסטער מוז מען אין רוסלאַנד פֿילאָזאָפֿירן, פּאָליטיזירן און אַפֿילו לעבן. פֿאַר אַ דיפֿערענצירטן געדאַנק, פֿאַר ניואַנסן און רמזים איז אין תּוך אַריין קיין תּפֿיסה ניטאָ. ווען איר האַלט פֿון קריסטוסן און פֿון דער עוואַנגעליע, איז פֿאַר אייך אַ חוב צו גלויבן אין דער רעאַל־עמפּירישער גאָט־מענשהייט. דער פֿילאָסאָפֿישער אָריגינאַל פֿעדאָראָוו, וואָס טאָלסטאָי האָט שטענדיג וועגן אים גערעדט מיט גרויס דרך־ארץ, באַווייזט אייך אין זיין „פֿילאָסאָפֿיע פֿון שותּפֿישן טון" בחוש, ווי אַזוי די קערפּערליכע אויפֿלעבונג איז געדרונגען פֿון דעם פֿיזישן טויט פֿון יעדן איינציגן מענשן. די פֿרוי שמידט, סאָלאָוויאָווס אַ לאַנגיעריגע פֿריינדין, מאָלט אייך בפּרוטרוט דאָס הימלישע בילד, אַפֿילו די לאַגע, וואָס עס פֿאַרנעמען דאָרט די מוטערס און די קינדער, ווען זיי באַגעגענען זיך דאָרט, ווייס אָט די מיסטיקערין

אין דער פּראַוואָסלאַווישער קירך אָנצואווייזן. אָפן, אָהן שום מורא, כמעט אהן צניעות רעדט מען וועגן גאָט און וועגן די סודות פון דער הויה, אַזוי ווי דאָס וואָלטן געווען טעגליכע ענינים פון לעבן. ריין גשמיות׳דיג, קערנדיג, דורכגענומען און אָנגעזאַפּט מיט פּסיכישער מיטאָלאָגיע, פורימט זיך דאָ אויס דער געדאַנק.

ביי אָט דעם גאַנצן הימלישן פּאַראַד און דעם אינעווייניגסטן רעש קאָן מען אָבער ניט פּאַרזעהן די מערקווירדיגע נאַאיוווקייט פון כמעט היידנישער אומשולד, וואָס נעמט דורך זוי עס איז די אַטמאָספער. נעבן דער צו געלער ביזאַנטינישער הלבשה פונם קירכן-דינער—דער מונטערער קול דממה דקה פונם קירכן-גלעקל. פון קירך צו קירך, פון דאָרף צו דאָרף צעטראָגן די גלעקלאַך די פרייליכע בשורה ווייט אין לאַנד אַרויס. וואָס וואָלט געוואָרן מיט דעם דאָזיגן פליין, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט עצבות, אויב ניט אָט די מונטער-פרייליכע טענער. ביי זייער קלאַנג גלייכט דער רוס אויס דעם רוקן און עס ווערט אים היימליך צו מוט. אין דער „כראָניקע פון מיין לעבן" דערציילט דער גרויסער מוזיקער רימסקי-קאָרסאַקאָוו וועגן דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכן די טענער פון די קירכן-גלעקער אויפן רוסישן פּויער. אַ באַקאַנטער עטנאָגראַף האָט עס אים געשילדערט. צוערשט ווערט דער פּויער אַזוי ווי פּאַרחידושט און בלייבט גאָר שטיל. דערנאָך ווערט ער פּאַרכאַפּט פון עקסטאַז און לאָזט זיך אַוועק טאַנצן. צולעצט בלייבט ער שטיין און באַקרייציגט זיך. אַנדערש-גלויביגע אָבער כאַפּט אַרום ביי אָט די גלעקערקלאַנגען אַ פּאַרטרויערטע בענקשאַפט נאָך אַ לאַנד, וואָס מען האָט ערגיץ וואו און ערגיץ ווען פּאַרלאָזן, וואָס מען ווייס מער ניט זיין נאָמען און וואָס מען קאָן עס ניט מער געפינען. עס איז דאָס זוכנדיגע געפיל פון אַ מענשן, וואָס שטאַמט אָפּ, אָהן דאָס אַליין צו וויסן, פון עטליכע פּאַרשיידענע ראַסעס, און פּאַרשיידענע כחות און גורלות ציהען אים צו זיך. די קירכן-

גלעקלאַך פון דער מדבר קלינגען פאַר אים ניט, ווי אַ קול פון דער היים, אָבער דער מופת, דאָס אָרימע לאַנד, איינגעהילט אין הושך און אין שניי, וואָס ווערט באַלעבט פון די גלעקער־קלאַנגען, ציהט ביי איינעם אַרויס טרערן פון רחמנות צו אַנדערע און צו זיך אַליין, פאַר זיינע אויגן מיניעט זיך די סכנה פון מסירת נפש. אָט די גלאָקן־שפּיל פונם רחבות׳דיגן פליין, וואָס קלינגט אַזוי מאָנאָטאָן אין די אויערן פון אַנדערש־גלויביגע, האָט געבראַכט ניט איין ניט־רוסישן יונגען מענשן צום פאַררעוואָלוציאָנערן פּאָליטישן קדושים־וועג. די מאַכט פון דער עצבות׳דיגער אָרימקייט, דער דראַנג צו רעליגיעזער מסיע זיינען דאָס געווען די כּחות, וואָס האָבן אַ סך פון צווישן די אַנדערש־גלויביגע, בפרט פון די רוסישע יידן, געוויזן אָט דעם וועג פון אַליין־פאַרטיליגונג. די רוסישע שטילקייט, איר רעליגיעז־מוזיקאַלישע אידיליע פאַרבאַהאַלט אין זיך גרעסערע סכנות, ווי דער גאַנצער אַפּאָקאַליפּסיס פון רוסנטום. „יענע אָרימע דערפער, — יענע קאַרגע נאַטור — די היימלאַנד פון לאַנגמוט, די לאַנד פון רוסן־פאָלק! ניט באַנעמט און ניט דערקענט דעם פרעמדן פאָלקס שטאָלצער בליק, וואָס עס בליצט און לייכט פאַרבאָרגן אין דיין עניוותדיגער נאַקעטקייט. אונטער משא פון קרייץ געבויגן און ווי אַ קנעכט באַקליידט שיקט די ברכה הימלשער קיניג, ביי זיין דורכגיין דיר, דו היימישע ערד“*).

די רעליגיעזע אידיליע און די אָפּגעהיטקייט ביז צו מסירת־נפש, די צוגעבונדקייט צו ביידן ביזן לעצט, לעבט אויפן דעק פון דער רוסישער נשמה. און קומט עס דאָרט צו אַ ווידעראַנאַנד, איז ער לחלוטין ניט גלייך צו אַ קאַמף צווישן „מזרח“ און „מערב“. צפון און דרום, צפונדיגע מיסטיק און דרומדיגע מונטערקייט, אַ מונטערקייט אין טרויער איינגעהילט, מיט סם דורכ־

---

*) פון טיוטשעוו.

געזאַפּט — דאָס איז דער צייכן פון דאָזיגן רוסישן צווייענדיגן געפיל. אַ היידניש=עמפּירישער זין פאַר רעאַליטעט און צוגלייך אַ ביטול צו אַלץ, וואָס איז פאַראַן, וואָס ווערט געוואויגן און געמאָסטן, אַ מיטאָלאָגיש ניט=וועלן=זיך=רעכענען מיט דער גאַנצער עמפּיריע: די דאָזיגע צוויי עלעמענטן שפּראָצן, וואַקסן אין דער רוסישער נשמה, און פון זיי וואַקסט אַרויס אויך דער געפילס=שטייגער, דער „כאַראַקטער". די כלומרשטע שטרעבונג צום אידעאַליזם און העראָיזם איז אַ באָבע=מעשה, וואָס די אַזוי אָנגערופענע מערב'ניקעס האָבן אויסגעקלערט. דער אידעאַליסטישער אויפבוי פון דער וועלט און פון לעבן האָט דאָ קיין מאָל ניט געקאָנט זיך איינוואָרצלען, ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון געקינצעלטקייט, פּניות'דיגקייט און אין תוך אַריין ניט=אמתדיגקייט. דעם העראָאיזם נעמט מען אָן נאָר ווי אַ מיטל פון מוותר=זיין, ווי אַן אַקט פון מסירת=נפש, פון אַליין=פאַרטיליגונג. אַ מיסטעריע און אַ מופת איז דאָס לעבן, און נאָר דאָרט, וואו מען איז דעם פּאַטוס פון דער הויה תופס מיט די חושים, מיטאָלאָגיש, וואו מען טאַפּט אים כמעט אָן, דאָרט ווערן אַנטשוויגן אַלע ספקות און דער ערנסט שטעלט זיך איין אין דער נשמה, נאָר פּונקט אַזוי ווי דער אידעאַליזם האָט דאָ קיין שליטה ניט, אַזוי איז אויך די עמפּיריע פון טעגלעכן לעבן ניט בכח עמיצן צו איבערצייגן אָדער אויסצוניכטערן אויף אַ לענגערער צייט. דעם גאַנצן „אמת", ווי ער איז איינגעשלאָסן אין מיטאָס, פאָדערט דער רוסישער גייסט — אָדער ער וויל גאָר ניט און איז מוותר אויף אַלץ.

איך האָב אפּטמאָלס געמוזט זיך שטעלן די פראַגע, צי קאָן אויפן יסוד פון אַזאַ פּסיכישער קאָנסטרוקציע אויסוואַקסן דער ווילן צו קולטור, ד. ה. דער ווילן צו בילדן און פורימען אַזעלכע לעבנס=פאָרמען, וואָס עקסיסטירן פאַר זיך, וואָס זיינען אַ צוועק פאַר זיך, וואָס אַנטפּלעקן נאָר די אייגענע כוונה, די

צילן פון אַנטוויקלונג, דעם עטאָס אהן שום הוספות. צי איז דען ניט געדרונגען פון אָט דעם אויספעלן פון אידעאַליזם אין פילאָסאָפישן, פלאַטאָנישן זין פון דעם וואָרט, פונם שוואַכן גלויבן אין דער עקסיסטענץ פון אַ גייסטיגן כח — די אַלגעמיינע, קולטורעלע אָהנמעכטיגקייט? נאָר ס'איז ניטאָ קיין איינדייטיגע נשמה, וואָס דריקט זיך אויס אין טויזנט לשונות. איטליכע אמת לעבעדיגע, אַקטיווע נשמה איז לכל הפחות צווידייטיג, בכדי עס זאָל פאַרווירקליכט ווערן אַ קאָמפּענסאַציע, א לעבעדיגע עקאָנאָמיע פון די געשעהענישן אין איר. אויב דער רוסישער מענש פאַרמאָגט צו שוואַכע חושים אויף צו רעאַגירן מיט גלייכער קראַפט אויף אַלץ, וואָס איז געשאַפן אין דער צייט פון דער נאַטור און פון מענשנס הענט, אַזוי אַז צייט־שאַפונגען ווייזן אויס בכלל ווי גאָרנישט, — דערפאַר אָבער זוכט זיך אָט די נשמה אַ פאַרגיטיגונג, אַ קאָמפּענסאַציע אין דער רעליגיעז־מוזיקאַלי־שער אידיליע, אינם לעבן מיט זיך אַליין, אין תופס זיין דעם אייגענעם „איך“. דער געניוס פון רוסנטום, דאָרט וואו ער ווייזט זיך אַרויס פּאָזיטיוו, שעפעריש, איז ער אינטים־רעליגיעז, מוזיקאַליש־מאָלעריש באַפאַרבט. דער ווילן צו אַרכיטעקטור און צו דער דראַמע האָט דאָ אַרויסגעוויזן נאָר ווינציג כח און כשרונות. דאָס דראַמאַטישע לאָזט זיך מערקן אין דער רו־סישער ליטעראַטור נאָר דאָרט, וואו מען דאַרף באַקעמפן די קולטור־שאַפונגען און ציוויליזאַטאָרישע אַרבעט, און באַווייזן זייער נישטיגקייט. אַזוי טוט טאָלסטאָי, לויט אַן ענליכער מע־טאָדע אַרבעט דאָסטאָיעווסקי, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס דאָס פּאָזיטיווע, די קאָמפּענסאַציע ווערט ביי ביידן פאַרשיידן באַ־טאָנט. פאַר דאָסטאָיעווסקין איז דער פּאָזיטיווער מענש — ער האָט עס אַליין אַרויסגעזאָגט אין אַ בריוו, וואָס איז ניט לאַנג פאַרעפנטליכט געוואָרן — דער „אידיאָט“ פירשט מישקין, וואָס שטעלט פאָר אין קאָנצענטרירטער געשטאַלט די ווּיסנדיגע גע־

ניאַלישקייט פון אַלע הייליגע, פון אַלע „שטילע“ אין לאַנד, אויך פון זאָסימאַ. ביי טאָלסטאָי זיינען די טרעגער פון דער לעבע־דיגער געניאַלישקייט די קיינעם ניט באַוואוסטע קאַראַטאַיעוום און דער פעלדמאַרשאַל קוטוזאָוו, דער גרויסער סבלן און מאמין אין געטליכער השגחה. אַלץ איבעריגע ווערט פאָרגעשטעלט ווי אַ וויץ אָדער ווי אַ פּאָזע, ווערט אויסגעלאַכט און דערנידעריגט. טאָלסטאָי קאָן זיך ניט געווענען אָנלאַכן, בעת ער שילדערט נאַפּאָ־לעאָנס מלחמה־צוג קיין רוסלאַנד אין יאָר 1812. מען מוז קענען דעם גייסט פון דער רוסישער שפּראַך, אויף צו פאַרשטיין, וואָס דאָס באַטייט, ווען טאָלסטאָי שרייבט כסדר באָנאַפּאַרטע אָנ־שטאָט באָנאַפּאַרט, ווי עס דאַרף זיין אין רוסיש. נאַפּאָלעאָן, די פאַרקערפּערונג פון דער גאַנצער קולטור און פון גלויבן אין דער מענשליכער מאַכט ווערט באַטראַכט מיט די אויגן פון אַן איינגעפונדעוועטן, קלוגן פויער, וואָס אים קומט אויס דער גרויס־שטאָטישער מענש מיט גאָר זיין הילוך און גלאַנץ, מיט זיין גאַנצן טועכץ, ווי עפּעס, וואָס האָט קיין ממשות ניט, וואָס איז לעכעריג־אויסגעקלערט, אויפגעבלאָזן. שוין גאָגאָל, דער גייס־טיגער פאָטער פון טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי — דאָסטאָיעוו־סקי האָט אַ גרויסן טעות, ווען ער מיינט, אַז ער שטאַמט אָפּ פון פּושקינען — האָט דער ערשטער אויפן גלענצענדסטן אופן אויסגעמאָלט די ביטער־איראָנישע באַציהונג צום „ציוויליזירטן“ מענשן. דער „רעוויזאָר“ איז ניט קיין אַזוי אָנגערופענע נאַציאָ־נאַלע פּיעסע, ער איז טיף פאָלקסטימליך, אַל־רוסיש און זאָגט אַרויס דאָס, וואָס לעבט אויפן טיפסטן גרונט פון דער נשמה ביי איטליכן רוס. אַלע מאַכטהאָבער, אַלע געשטאַלטן פון דער קולטור און ציוויליזאַציע זיינען חוזק׳דיג, האָבן ניט קיין רעאַלי־טעט און זיינען אינעווייניג ניט אמת. דער אוקראַינישער „כאָ־כאָל“ גאָגאָל לאַכט אויס דעם „שקר“ פון גרויסן קולטור־לעבן, דער אַריסטאָקראַט טאָלסטאָי מאַכט אים מבוזה און דער „דע־

מאָקראַט“ דאָסטאָיעווסקי פאַלט אַריין איבער אים אין נביאישן גרימצאָרן. אַפילו דער גרויסער היידניש=פרייליכער פושקין רעדט איראָניש וועגן „פראַנצויזישן“, פונקט ווי דאָסטאָיעווסקי וועגן „דייטשל“, „פאָלאַקל“ א. ז. וו. קעגן יידן האָט דאָסטאָיעווסקי ניט קיין איראָניע און ער רופט אים אָן „זשיד“. זיסט פאַרהאַלט זיך דער רוס צו אַלע מערב=מענשן איראָניש=ביטולדיג: דייטשל, פראַנצויזל, יידל, פאָלאַקל. קיין אַנדערע מערב=פעלקער קען ער ניט.

דער רוס איז ניט צוגעבונדן צו די זאַכן פון דער וועלט, ער זעהט זייער אייגענעם ווערט ניט און פאַרזעהט אויך דאָס אַווטאָנאָמע לעבן און דעם אייגענעם צוועק פון דער פעולה. זיין קולטור איז קולטור פון געפיל און פון שפירונג, געווענדט צום אינעווייניגסטן, וואָס שטויסט זיך אָן אויף אַ טייוול אָדער געפינט אַ גאָט. אָט דער קולטור=כשרון מיט אַ שוואַכן ווילן, וואָס רעאַגירט אויף גרויסע צעטרייסלונגען און געשעהענישן, איז, פאַרשטייט זיך, לחלוטין ניט פעהיג צו ציוויליזאַטאָרישער אַרבעט. די קולטור האָט דאָ ניט די טבע אַרויסצוברענגען ציוויליזאַציע, ד. ה. אַ מעטאָדישע איינשטעלונג פון אַקטיווע באַציהונגען צווישן זאַכן און מענשן, און אַפשיטא שוין אז זי קאָן ניט דער ציוויליזאַציע געבן אַ מעטאַפיזישע הייליגונג. וואָרום מען מוז געדענקען: פאַראַן קולטורן, וואָס האָבן מער ציוויליזאַטאָרישע כחות, און פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאַרמאָגן זיי ווינציגער. אַ ביישפיל פון אַ קולטור, וואָס שאַפט דירעקט ציוויליזאַציע, ווייזט אונז די קולטור, וואָס די רעפאָרמאַציע האָט אַנפלעקט און וואָס עס האָבן איבערגענומען די אבות פון דער אימיגראַציע, די באַשעפער פון „ניי=ענגלאַנד“ אויף יענער זייט אָקעאַן, און געמאַכט זיי ווירקן ציוויליזאַטאָריש, פראַקטיש=טעכניש. דאָ האָבן קולטור און ציוויליזאַציע, אָדער דער קולטור=מעטאַפיזישער (קינסטלערישער) און דער קולטור=קינסטליכער פאַזיס פון מענש=

ליכן געשעהן און טון געלעבט נאָהענט בײ אַנאַנד. אויך די יידישע קולטור אין אַ סך תקופות פון איר התגלות שטעלט פאָר אַן ענליכע פאַרקניפּונג פון ביידע. פאַרקערט, פון דער מיטאָלאָגיש באַגרינדעטער אינעװײניגסטער קולטור פונם רוסנטום פירט קיין דירעקטער װעג ניט פון דער קולטור אין עצם זין צו אַן אַקטיװער ציװיליזאַציע. און אַזוי װעט דאָס נאָך בלייבן װייטער, כּל זמן דער אַלגעמיינער, פּרינציפּיעלער לעבנס־ און קולטור־סדר װעט בלייבן שטיין אויף דער פּאָזיציע פון איראָניזירן איבער די װירקלעכקייט, פון מגטל. זיין דעם אַנטװיקלינגס־כּח. כּל זמן דאָס רוסנטום װעט ניט זיין בכּח אַרויסצוגעפינען קיין נשמה און עטװאָס אין דעם טעגליכן טון און שאַפן, אין דער געשיכטע פון אייגענעם קיום, װעט עס ניט קאָנען געפינען קיין װעג צו אַ זעלבסטשטענדיגער ציװיליזאַציע.

די ציװיליזאַציע, װאָס האָט פאַקטיש עקסיסטירט אינם פאַררעװאָלוציאָנערן רוסלאַנד און װאָס אירע סימנים זיינען נאָך עד היום ניט אין גאַנצן פאַרמעקט, איז לחלוטין ניט קיין שאַפונג פון דער רוסישער קולטור, נאָר אַ פּראָדוקט פון דער רוסישער היסטאָריע, פון איר מלוכה־מאַכט און פּאָליטיק. דער װאָס קוקט סאָציאָלאָגיש, דעם דוכט זיך אויס אָט די קנאַפּע רוסישע ציװיליזאַציע װי אַ פּראָדוקט פון אַסימילאַציע פון ניט־רוסישע אַרבעטס־קראַפט. אָבער אויף איינצופלאַנצן מעטאָדן פון ציװיליזאַציע דאַרף מען האָבן הענט און צוליב דער אַסימילאַציע גופא דאַרף מען האָבן אַ װילן. די פעהיגקייט צו אַסימילאַציע געהער אויך צו אַ שעפערישער אַקטיװיטעט. און די רוסישע היסטאָריע און איר מלוכה, די נויטװענדיגקייט צו פּראָדוצירן היסטאָריש לעבן און אַזוי אַרום זיך אַװעקצושטעלן װי אַ גאַנצקייט, װי אַ קיבוץ מיטן אייגענעם גורל, האָבן אין דער רוסישער אימפּעריע געמאַכט אויסװאַקסן די ציװיליזאַציע, להכעיס דעם אייגענעם קולטור־סדר.

מען וועט עס אפשר ניט גלויבן, אָבער עס איז אַזוי און ביי גענויערער באַטראַכטונג ווערט עס אויך פאַרשטענדליך: די שוואַכע אַנטוויקלונג פון די חושים ביי דעם רוסיש-סלאַווישן עלעמענט, וואָס רעאַגירן נאָר אויף איבערמענשליכע געשעענישן, פאַרבונדן מיט אַ קולטור-סדר, וואָס איז געווענדט אינעווייניג אַריין, גראָד דאָס האָט דאָס רוסישע פאָלק באַזונדערס געמאַכט פעהיג פאַר אַ גרויסער פּאָליטישער געשיכטע. די איבערקערענישן אין גאַנצן פאָלקס-לעבן, וואָס קומען פאָר פּעריאָדיש, די איבערטראָגונג פונם פּאָליטישן צענטער פון איין אָרט אויפן אַנדערן, וואָס איז עטליכע מאָל דורכגעפירט געוואָרן, האָבן געמוזט איבערלאָזן אַ טיפן רושם, האָבן געווירקט היסטאָריש-ערציהעריש. זאָל מען זיך דערמאָנען די געשיכטע, וואָס האָט געהאַט איר צענטער אין וואָלין, די קיעווער, מאָסקווער, פּעטערבורגער געשיכטס-בילדונגען; זאָל מען דערביי ניט פאַרגעסן די „היסטאָריעס", וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט פּאַראַלעל און דורכאַנאַנד אין דער פּעריפעריע פון דער אַלגעמיינער געשיכטע, למשל, נאָווגאָראָד, דעם טאָטערן-יאָך און אַז. וו. — דעמאָלט וועט מען זיך מוזן זאָגן: די אַנטוויקלונג פון רוסישן פאָלק און פון דער רוסישער אימפּעריע איז רייך מיט פעסט-אַרומגעגרענעצטע „געשיכטעס", איז ביז גאָר באַשאַנקען מיט היסטאָריש-פּאָליטישע כחות. דאָ האָבן זיך גראָד גוואַלדיגע געשעענישן און צעטרייסלונגען פאַרגעשטעלט לרוב, און זיי האָבן אפילו דעם פאַרשלאָפענעם גייסט פון די רוסן דערוועקט צום לעבן און טון. אוודאי האָט דאָס טון זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דער אומבאַגרעניצטער, אַלץ-כוללדיגער נשמה-ווענדונג פונם אינעווייניגסטן מענשן. די היסטאָרישע גורלות און צעטרייסלונגען האָבן פונקט אַזוי געמוזט דערציילן וועגן גזר-דין און וועגן דער מאַכט פון השגחה, ווי דאָס טוט די אינעווייניגסטע קולטור, דער אַלגעמיינער קולטור-סדר אין גבול פונם יחידם לעבן. און

דער וואָס גלויבט אין אַ השגחה און דער וואָס געטרויט איר זיין לעבן און דענקען צום סוף, דער פּאַסט זיך גוט צו דינען ווי אַ מאַטעריאַל פאַר היסטאָרישע מעשים און אַמביציעס. דער גלויבן אין דער השגחה איז דאָך דאָס האַרץ פון דער גרויסער באַליטישער געשיכטס־בילדונג, און אין איר ווערן די איינציגע ווילנס מגולגל צו איין מאַסן־ווילן, וואָס באַטייט אין תוך אַריין אַ מיטאָס, אַ געשיכטס־מיטאָלאָגיע. אַזוי חברט זיך מיט דער נשמה־מיטאָלאָגיע די געשיכטס־מיטאָלאָגיע, ביידע ווי אַ רעאַקציע פון דער אינדיווידועל שוואַכער חושים־נאַטור, פונם אינדיווידועל שוואַכן ווילן קעגן דעם גוואַלדיגן און אומגעהייערן, ביידע געפינען זיי זייער באַרוהיגונג אין דעם איבערגעבן זיך אין רשות פון דער השגחה, פונם פאַטום.

מיט שטורעם און דראַנג, וואָס שטאַמט פון אַן עמפּירישער וועלט, וואָס ליידט פון אָרימקייט און קאָן ניט געשטילט ווערן, וואַרפט זיך די געשיכטע אַריין אינם לעבן פון די מאַסן. די היסטאָריע שניידט זיך אַריין ווי אַ בליץ אין דער נשמה, צווינגט דאָס פאַרשנייטע דאָרף, וואָס ליגט פאַרלאָרן אין מדבר, זיך צוצוהערן. פּאַוואָליע גייט זיך דער פויער צו צום פענסטערל, וואָס איז פון פראָסט באַמאָלט: דרויסן יאָגט פאַרביי, קיין מיה ניט געזשאַלעוועט, די „טראָיקע“, דאָס דריי־געשפּאַן. און מיט אַמאָל נעמט עס קנאַקן און קלינגען און פייפן. דער פויער קרייציגט זיך און שטעלט זיך אויף. איצט וויים ער, דער וואונדערליכער גאָגאָל האָט עס שוין פאַר אים פאָראויסגעשפּירט: דאָס שטורימט „רוס“ פאַרביי, „רוס“ וויל זיין, ווערן, דאָס איז די רוסן־מלוכה, וואָס זיצט פעסט אין דריי־געשפּאַן און יאָגט און איילט זיך. וואוהין, וואוהין יאָגט די „טראָיקע“? וואוהין טרייבט עס דיך, דו רוסלאַנד? וואָס וועט דיין סוף זיין?

ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל שטעלט מען זיך אין רוסלאַנד אָט די רעטענישפולע קשיא, און מען באַקומט קיין באַ-

פרידינגדיגן ענטפער ניט. דער געדאַנק פון אַ היסטאָרישן זיין און ווערן ווי אַ צוועק פאַר זיך גייט כנגד דעם אמת־אינהאַלט פונם רוסישן קולטור־סדר. אויב שוין געשיכטע, זאָל זיין געשיכטע פאַר אַלעמען, פאַר גאָר דער וועלט. אַ געפיל פון אוניווערסאַלישקייט לעבט געווים אין די טיפענישן פון רוסישן נאַציאָנאַליזם. דערפון נעמט זיך זיין אויסוויינגסטע אָהנפאָרמדיגקייט און זיין אינעווייניגסטע קראַפט און סכנה. די רעוואָלוציע אַנטפלעקט אויך אָט דעם טיף־רוסישן מאָטיוו. אונטערטעניג די אונטערערדישע כחות און טראַדיציעס פון דער רוסישער געשיכטע, שטרעבט אויך די רעוואָלוציע צו נאַציאָנאַלער אוניווערסאַלישקייט, און אויך איר מלוכה־אָרגאַן פרובט דורך דער פאַרכאַפטער מאַכט איינצופירן ציוויליזאַציע, אָהן אַרויפצוטרעטן אויף אַ וועג פון אַנטיקער קולטור. דאָ אָבער שטויסט זיך באַלד די רעוואָלוציאָנערע מאַכט אָן אויף דער קולטור און געשיכטע, וואָס קלייבן זיך אין דער פעריפעריע פונם רוסנטום און פון דער רוסישער אימפעריע און וואָס זיינען געווענדט אין אַן אַנדער זייט. און קודם כל איז אוקראַינע אַ גלענצנדער ביישפיל דערפאַר, ווי אַזוי די רעוואָלוציע קעמפט פאַר איר נאַציאָנאַלן אידעאַל, ווי אַזוי זי איז געצוואונגען צו קעמפן קעגן אַ קולטור־סדר פון אַן אַנדער טיפ. מען מוז נעמען אין אַכט די מעטאַפיזיק פון דעם געשעהענעם, ממעמקים, מעטאַהיסטאָריש מוז מען דאָ און דאָרט אַ קוק טון, בכדי תופס צו זיין דעם זין פון דער קולטור־היסטאָרישער דראַמע, וואָס שפילט זיך דאָ אָפ.

---

## VII. דער טייוולס־בריק.

אוקראַינע דעקט זיך לחלוטין ניט מיטן רוסנטום — דאָס האָט אונדז די רעוואָלוציע אויפֿס ניי געלערנט. זי אַנטפּלעקט איר אייגענעם פּנים. רעדן וועגן איר אין אַפּאָקאַליפּטישע בילדער, אין מיטישע אויסדרוקן וואָלט הייסן פֿאַרלירן די אוקראַינע אויף אייביג פֿון די אויגן. די מלחמית פֿון אירע קאָזאַקן דאַרפֿן באַזונגען ווערן אויף באַנדורעס. גענוג אַרויסצורעדן דאָס וואָרט „אוקראַינע“, בכדי זיך צו דערפֿילן אַ קרוב מיטן פּאָעט. אַ הפֿלאידיג לאַנד, וואָס איז נאָך קיין מאָל ניט צייטיג געוואָרן, וואָס גרינט און בליהט נאָך אַליין און טראָגט קיין פּירות נית. איטליכער טריט אירער צו אַ זעלבסטשטענדיגן היסטאָרישן לעבן רופֿט אַרויס ערדציטערנישן, שאַפֿט ווידעראַגאַנדן: אוקראַינע — מאָסקווע, אוקראַינע — פּוילן, אוקראַינע — ליטע, רופֿט אַרויס אין זכרון הילות גאַנצע, מחנות פֿון פּעטשענעגן, כאַזאַרן, אונגאַרן, טאָטערן, טערקן ביז צו די אייגענע באַרבאַרן אין דער געשטאַלט פֿון כמעלניצקי און די האַידאַמאַקעס. ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל ווערט זי אין איר גאַנג צוריקגעשטופּט דורך אַ פֿרעמדער געשיכטע, בכדי אַזוי זיי געטריי צו בלייבן איר אייגענעם נאָמען „אוקראַינע“, וואָס באַטייט אַ „ראַנד“, אַ „טייל“. נאָר איין מאָל, אין דער צייט פֿונם אזוי אָנגערופֿענעם אייראָפּעאישן מיטלאַלטער, בפֿרט אין X—IX יאָרהונדערט, ווערט קיעוו די „מוטער פֿון די רוסישע שטעט“. דאָס איז אָבער

געשעהן ווי דער פועל=יוצא פון אַ מפּלה, וואָס זי האָט געליטן אין קאַמף קעגן די באַרבאַרישע וואַנדער=שבטים פון סטעפּ. דעמאָלט האָבן די נאָרמאַנען, וואָס האָבן אין יענער צייט, ווי באַוואוסט, געהאַט אַ דויערהאַפטיגע ווירקונג אויך אויף די היסטאָרישע גורלות פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען, געהאָלפן אַויפשטעלן אויף די פיס אוקראַינע. אָבער דאָ טראָגט אוקראַינע אַ פרעמדלענדישן נאָמען, זי הייסט „רוס“, רוסן=לאַנד *). דאָ איז זי כמעט אַן אייראָפּעאישע מלוכה. ביי דעם ווייטערדיגן אומשטעל פונם רוסישן היסטאָרישן לעבן, אַז זיין פּאָליטישער צענטער איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן, ווערט זי צוריק אוקראַינע, און סוף כל סוף פאַרזינקט זי גאָר אונטערן באַגריף „קליינרוסלאַנד“. אייגענע אוקראַינישע געשיכטע, ווי ווייט זי פאַרדינט דעם דאָזיגן נאָמען, ווערט שטענדיג געצייכנט דורך הריגות און שחיטות, דורך קריגערישע מהומות און איבערגעוואַלדיגער ראַסן=מישונג.

א מערקווירדיג לאַנד איז די דאָזיגע אוקראַינע, אויף קיין פלעק אייראָפּעאישע ערד איז מסתמא ניט פאַרגאָסן געוואָרן אַזוי פיל מענשן=בלוט, אויך אומשולדיג יידיש בלוט, אָבער קיים ענדיגט זיך די באַרבאַרן=שחיטה, בליהט אַליץ, אין איין כהרף עין, ווידער אויף, מענשן פון פיינטליכע ראַסן און שבטים קוקן ווידער געטריי איינס דעם אַנדערן אין די אויגן און עס קערן זיך ווידער אום צוריק די העלע לאַכנדיגע טעג און די טיף אויסגעשטערנטע בענקעניש=פולע נעכט. פונקט ווי נאָך אַ שטורעמדיגער קיהוער נאַכט, ווען עס דוכט זיך אויס, אַז די מאַמע=ערד ווערט פון אירע גרונטפעסטן אַרויסגעהויבן, שמייכלט ווידער

*) לויט די נייסטע פאָרשונגען פון די רוסישע היסטאָריקער איז דער נאָמען „רוס“ געקומען פון די נאָרמאַנען. ער שטאַמט ניט פון סלאַווישׁ.

דעם צווייטן טאָג די זון צו זיי און איטליבס קאַרשן־בוימל שאָ־
קלט צו זיי גרוסן. דער קריגערישער רעש איז אַנטשטומט, און
מאָסקווע רעגירט און באַפעלקערט די שטעט, דער כאָכאָל אַר־
בעט בשלום אויפן פעלד, און נאָך אַ פריידן־טרער פון דער
טונקל־אויגיגער מיידל שפירט זיך דער בחור אַ „האַר איבער
האַרץ", מער פאַרלאַנגט ער ניט. אַפילו די ל"ו צדיקים פון
דער יידישער עדה, פאַרקליידט פאַר אוקראַינישע פויערים,
פירן ווייטער זייערע שמועסן מיט גאָט פון ישראל אין שטילע
נעכט און אין פאַרבאָרגענע ווינט־ און וואַסער־מילן. דער באַר־
דיטשעווער רב טענה'ט זיך אויס מיטן רבנו של עולם אויף אוּ־
קראַיניש, און דער חסיד, פאַרזונקען אין זיין ספר, ברומט פאַר זיך
דעם זעלביקן ניגון, וואָס די אוקראַינישע מיידל ביי אירע טעפּ:
„אמר אביי — וו סערעדו נאַסטיאַ, מיטוואָך נאַסטיאַ, מיין האַרץ,
מיין בלאָה טייבל"... ווער זאָגט זיי, וואו עס ענדיגט זיך נאַ־
טור און וואו עס הויבט זיך אָן מענש, וואו אוקראַינע און יידיש־
קייט איז ניט איין און דאָס זעלביגע?

די אוקראַינע האָט ערשט אין ווערן און מיר האָט זי
דערמאָנט, בפרט די רעוואָלוציע, ווי זי האָט זיך דאָרט אָפּגע־
שפּילט פאַר מיינע אויגן, אָן אַ בילדל פון אַ שווייצער מאָלער,
וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק געזעהן. אַן אמת'ער טייוול, אויס־
געשטרעקט צווישן צוויי אָפּגרונטן, געווענדט מיט זיין שדישן
פנים אַראָפּ־צו, שטעלט פאַר אַ בריק־מענשן. פרידליכע דאָרפס־
לייט, מוטערס און קינדער מיט שאָף און רינד שפּאַנען זיך מיט
הרחבת הדעת איבער דעם בריק, און הויבן ניט אָן צו וויסן, אַז
דאָס איז דער רוקן פון אַ טייוול, און זעהען ניט דעם בייז־לאַכנ־
דיגן פנים פונם שד. זאָל זיי גאָט אָפּהיטן אויך ווייטער פון דער־
קענען דעם וועג, וואָס זיי גייען אויף אים, וואָס זיי מוזן נאָך לאַנג
אויף אים גיין. איין בליק אַריין אין אָפּגרונט — און אויף אייביג
אַ סוף צו זייער מונטערער רוה און געזאַנג־פולן לעבן.

ווי מיר זיינען אין זומער 1918 אָנגעקומען קיין קיעוו, איז שוין דער ערשטער אַקט פון דער אוקראַיניש־רוסישער רעוואָלו־ציע געווען אָפּגעשפּילט. אויף דעם כּסא־המלוכה, אויפגעריכט מיט דער הילף פון די האָהענצאָלערנס, איז געזעסן דער רו־סישער גענעראַל סקאָראָפּאַדסקי, ווי דער העטמאַן פון גאַנץ אוקראַינע. דער באַשערטער מאַסן־פירער פּעטליוראַ ווידער איז געזעסן אונטערן שלאָס. די ראַדע, דער אוקראַינישער פאָלקס־פּאַרלאַמענט, אַ שאַפונג פונם גאַליצישן פּראָפעסאָר גרושעווסקי, מיט איר גאַנצן פּאַראַד־דעמאָקראַטיזם, מיט איר דעמאָקראַטישן פּאַפּיר־געלט, וואָס איז געווען באַמאָלט מיט אוקראַינישע, רוסי־שע און יידישע אותיות, האָט שוין געהאַלטן אין וועלקן. מוראַ־וויאָוו, וואָס איז געקומען בראש פון דער באָלשעוויסטישער אַרמיי מיט האַרמאַטן־שאָסן און שראַפּנעל־קוילן, בכדי צו פּאַראייני־גן די ווידערשפּעניגע אוקראַינע מיט ראַטן־רוסלאַנד, האָט גע־מוזט באַלד נאָכן איינגעמען קיעוו אָפּטרעטן מיט גאָרנישט אַנט־קעגן דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע־אַרמיי. דער בריס־קער שלום האָט אַ געוויסע צייט איינגעהאַלטן דעם באָלשעוויס־טישן אויסשפּרייטונגס־דראַנג. דאָך האָט מוראַוויאָוו איבערגע־לאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק. די אוקראַינישע, יידישע און אַפילו רוסישע פּאַרטייען האָבן געשוואָרן אייביגע פיינטשאַפט צו מאָסקווע. בלויז אין די רייהען פון קיעווער לומפּן־פּראָלעטאַ־ריאַט האָט מוראַוויאָוו געוואונען נייע פריינט. דער העטמאַן גופא האָט געגעבן צו פאַרשטיין די רוסישע גענעראַלן ארום אים און די פאַרטרעטער פון דער גרויסער אינדוסטריע, אַז ער שטייט פאַר אַ גרויס רוסלאַנד, קעגן די דייטשן האָט ער געמאַכט אַן אָנ־שטעל פון אַ געטרייען וואַסאַל פון ווילהעלם II און די אוקראַ־יִנער האָט ער געוואָלט איינרעדן, אַז ער איז אַ דורכגעטריבענער כאָכאָל, וואָס וועט צו דער רעכטער שעה שוין פאַרשטיין צו פאַריאָגן וואו פעפער וואַקסט די מאָסקאָוויטער אין איינעם מיט

די פרייסן. אויף אַזאַ אופן האָט סקאָראָפּאַדסקיס רעגירונג־
פּועל געווען צו דעמאָראַליזירן פּאָליטיש דאָס לאַנד פולקום.
דאָס ווייטערדיגע האָבן שוין פאַרענדיגט די אויפגעקומענע
מלחמה־גבירים, וואַלוטע־הענדלערס און ספּעקולאַנטן, וואָס האָבן
זיך דאָ צונויפגעקליבן פון אַלע עקן רוסלאַנד, בכדי צו פירן ווײַ־
טער זייערע מיאוסע עסקים מיט דער הילף פון די אָקופּאַנטן.

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס קיעוו
האָט אויף מיר געמאַכט. דער קרעשטשאַטיק (די הויפּט־גאַס)
איז געווען באַדעקט מיט גערדיכטע מענשן־מאַסן, וואָס האָבן אַלע
געהאַנדלט מיט וואַליוטע און אָפּגעמאַכט מיאוסע געשעפט־
לאַך מיט די אָפיצירן פון די אָקופּאַציע־אַרמייען. ניט געקוקט
אויף דער נאַאיווער התפעלות, וואָס האָט אונז, די פיל אָנגעקו־
מענע פעטערבורגער און מאָסקעווער, אָנגעכאַפּט ביים ערשטן
קוק אויף די קראָמען־פענסטער אָנגעפילט מיט ווייסן ברויט, האָט
זיך באַלד שוין אין דער ערשטער שעה צוגעמישט צו דער
שמחה אַ געפיל פון ערגערניש און — פון אומרוהיגקייט. די
גאַנצע פּיין און די גאַנצע לייד, וואָס אָט די בערזע־מענשן האָבן
געהאַט אַריבערגעטראָגן אין רוסלאַנד, איז געווען אויסגעמעקט
פון זייער זכרון. און מיר האָבן עס שוין געוואוסט: די שטראָף
וועט אויף זיך ניט לאָזן וואַרטן. ביי מיר פערזענליך איז נאָך
צוגעקומען דער צער איבער די יידן, וואָס האָבן גענומען אַן
אָנטייל אין אָט די מיאוסע עסקים. מיר אַלע, וואָס זיינען
אָקאָרשט אַנטלאָפן געוואָרן פון דער מיליטער־קאָמוניסטישער
קנעכטשאַפט, האָבן שטילערהייט אָנגעהויבן שפירן דעם יושר־
געפיל פון דער קאָמוניסטישער שרעק־הערשאַפט. אין יענער
שעה איז אין מיר אויפגעשוואוּמען דאָס בילד פונם טייוולס־
בריק.

די שרעק און דער טויט האָבן אויך לאַנג אויף זיך ניט
געלאָזט וואַרטן, זיי האָבן זיך מיט איין מאָל אַ וואָרף געטאָן

און זיינען בסדר ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל צוריק געקומען. דער טויטן-טאַנץ איז געווען אין פולן גאַנג. איך וויל נאָר בקצור דערציילן, ווי אַזוי ער האָט אונז געפּלאָגט אין משך פון צוויי יאָר און אָנגעפילט אונז מיט שרעק.

דער ריין כראָנאָלאָגישער סדר פון די געשעהענישן איז בקיצור אַזעלכער. אויפן העטמאַנס אָרט איז געקומען פּעטליורא, נאָך אים די באָלשעוויקעס, וואָס זיינען ווידער פאַרטריבן געוואָרן פון דעניקינס אַזוי אָנגערופענער פרייהייטס-אַרמיי בשותפות מיט די גאַליציאַנער; דעניקין האָט ווידער געמוזט אַנטלויפן פאַר דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט פון איר זייט געמוזט אָפּטרעטן פאַר די פּאָליאַקן מיט פּעטליורען, און סוף כל סוף האָבן די באָלשעוויקעס ווידער פאַרכאַפּט די מאַכט. דאָס איז אַ טויטע סכעמע, וואָס הינטער איר האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ מאוימ׳דיגע געשיכטע, וואָס האָט נאָך עד היום צו איר סוף ניט דערגרייכט.

שוין ביים ערשטן קוק האָב איך דאָס געוואוסט: די אוקראַינישע באַוועגונג, וואָס איז געווענדט קעגן מאָסקווע, איז לחלוטין ניט צו שאַצן ווי אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערע. נעבן די אָנהענגער פון אַ זעלבסטשטענדיגער מלוכה האָבן זיך געקליבן אויך אַלרוסישע עלעמענטן, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר אַ דעמאָקראַטישן רעוואָלוציאָנערן סדר. אין דער גרויסער טעגליכער צייטונג „נאַש פּוט“ (אונזער וועג), וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון איינגע רוסישע דעמאָקראַטן נאָך אין די טעג פונם העטמאַן און וואו איך האָב אויך מיטגעאַרבעט, האָבן מיר גערעדט וועגן דער צווייענדיגער רעוואָלוציע, וואָס איז אין גאַנג, אַ אימפּעריאַליסטיש-באָלשעוויסטישער און פעדעראַטיוו-דעמאָקראַטישער. אפילו די אַזוי אָנגערופענע אַרמיי פון די פרייוויליגע, וואָס האָט איבערגענומען די ירושה פון קאָרנילאָוו און אַלעקסעיעוו און האָט זיך געקליבן אונטן אין נאָוואָטשערקאַסק,

יעקאַטערינאָדאַר, ראָסטאָוו ביים דאָן, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל דעניקין, האָט אונז לכתחילה אויסגעוויזן ווי אַן אָרגאַן פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

צו מיין צער מוז איך מודה זיין, אַז איך האָב דעמאָלט מיטן אויסקוק אויף דער דאָזיגער אַרמיי אַרויסגעלאָזט דאָס וואָרט וועגן רוסישן גאַריבאַלדי און גאַריבאַלדיזם. מיר האָבן נאָך קיין זאַך אַזוי שטאַרק ניט געגאַרט ווי נאָך פרייהייט, און אפילו די מעגליכקייט אַליין מיט די אייגענע הענט צו קויפן און צו פאַרקויפן האָבן מיר אויפגענומען ווי אַ גוואַלדיגן פרייהייטס־אַקט. אָבער מיט אַ גרויסן אינעווייניגסטן ווידערשטאַנד האָבן מיר געמוזט נאָכגעבן דער אויסניכטערונג, וואָס איז זעהר גיך אָנגעקומען. חוץ אייניגע אויסנאַמען, האָט זיך די „גאַריבאַלדישע“ אַרמיי צונויפגעשטעלט פון אַוואַנטיוריסטן און ספעקולאַנטן פון ערגסטן סאָרט, און באַלד בין איך געוואָר געוואָרן: די פאָליטיש אַקטיווע עלעמענטן פון רוסלאַנד, אין אַלע לאַגערן, זיינען לויט דעם טעמפעראַמענט און לויט די מעטאָדן, דורך און דורך באָלשעוויסטיש געשטימט. באָלשעוויסטישער צעשטער־גלוסט, פאַרבונדן מיטן קולט פון דיקטאַטור־מאַכט, אָבער אָהן דער באָלשעוויסטישער אידעאָלאָגיע, האָט דורכגעזאַפט די פרייוויליגע אַרמיי.

די ריין אוקראַינישע באַוועגונג און אַרמיי, אונטער פעטליורעס אָנפירונג, האָט נאָך אַ געוויסע צייט זיך געהאַלטן פאַר די טראַדיציעס פון דער פאָלקס־פרייהייט און איז באַלד געשטאַנען צווישן צוויי פייערן, צווישן דעם אַלרוסישן מאָסקאָוויטיש־באָלשעוויסטישן און דעם אַלרוסיש־דעניקינשן. די מיט מיה אויפגעשטעלטע שוואַכע אוקראַינישע מלוכה האָט גיך אָנגעוואָרן דעם „איראָפעאישן“ פנים און האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט דעמאַגאָגישע מיטלען. מיט איין אויג האָט זי געקוקט אין דער זייט פון מאָסקווע, און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער

קיִעווער פֿאַרלאַמענט האָט זיך דערנעהנטערט צו אַ מין פּויערים-ראַט. די אוקראַיִנישע אַרמיי ווידער, וואָס האָט אין זיך אַריינגענומען אויך אַ סך עלעמענטן פֿון די „עכט רוסישע לייט", האָט געגומען אַרבעטן אויף דעניקינס שטייגער. אויף איין זייט דער דראַנג צו די פֿיערן-ראַטן, פֿון דער אַנדער זייט — די ערשטע שחיטות פֿון יידן אומעטום אין לאַנד.

די יידן האָבן געמוזט אָפּקומען סיי פֿאַר דער אָנשטייענדיקער סכּנה מצד דער באָלשעוויסטישער מאָסקווע און סיי פֿאַר די אַלרוסישע אַספּיראַציעס פֿון דעניקינס פֿרייוויליקער אַרמיי. די פּאָגראָם-באַוועגונג האָט לכתחילה ניט געטראָגן דעם כאַראַקטער פֿון אַ פֿאָלקס-באַוועגונג. שטענדיק זיינען דאָס געווען האַלב-געבילדעטע עלעמענטן, על פּי רוב באַאַמטע, וואָס האָבן געגעבן דעם סיגנאַל צו די שחיטות פֿון יידן. די גרויסרוסן, וואָס זיינען געווען שטאַרק פֿאַרביטערט איבער דער ענערגישער אוקראַיִניזירונג פֿון דער פֿאַרוואַלטונג און בילדונג, האָבן מיט בייזפֿרייד געטייט מיט די פֿינגער: אָט נאַט אייך די אוקראַיִנישע מאָלקס-באַשטימונג, וואָס קאָן זיך האַלטן נאָר מיט דער הילף פֿון פּאָגראָמען; אויף קיין אַנדער זאַך דאַרף מען זיך טאַקע ניט ריכטן מצד די כאָכלעס. די שנאה פֿון די רוסן צו די אוקראַיִנער איז באַזונדערס שטאַרק אויסגעוואַקסן, אַז מען האָט, לויטן באַפֿעל פֿון דער מאַכט, אין איין טאָג איבערגעביטן אַלע רוסישע שילדן פֿון געשעפֿטן אויף אוקראַיִנישע. קיִעוו האָט מיט אַמאָל געקראָגן אין רוסישע אויגן דאָס אויסזעהן פֿון אַ סערבישער אָדער בולגאַרישער שטאָט. דער שטאָט האָט מען פֿון פּנים אַראָפּגעריסן דעם גרויס-אימפּעריאַליסטישן צייכן און זי איז אין די אויגן פֿון אַלע רוסיש געשטימטע דערנידערט געוואָרן צו אַ פּראָווינץ-שטאָט.

די מורא פֿאַרן באָלשעוויזם האָט אַ געוויסע צייט פֿאַראייניקט אַלע פֿעלקער און פּאַרטייען פֿון אוקראַיִנע. פֿאַרבאָרגענערהייט

אָבער האָט דאָס גרויס-אימפּעריאַליסטישע געפֿיל פֿון די רוסן געפֿירט צו אַן אָהנרחמנות'דיגן קאַמף קעגן דעם אוקראַינישן דאָרפֿס-לערער, וואָס האָט כּל ימיו גערעדט קליינרוסיש אָדער אוקראַיניש און געהאַלטן זיך פֿאַר אַן אוקראַינער. און איצט האָט ער מיט דער הילף פֿון די גאַליציאַנער אָנגעהויבן זיך שפּירן ווי אַ בעל-הבית אין אוקראַינע און ווי אַ „מערב-אייראָפּעער". די געבילדעטע צווישן די אוקראַינער האָבן זיך אָפֿן אָפּגעזאָגט פֿון די „באַרבאַרן" טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי, מען האָט אויסגעלאַכט דעם „ברייטן" רוסישן גייסט, וואָס איז האָבן איצט באַדאַרפֿט פֿאַרבייטן דאָס אוקראַינישע פֿאָלקס-ליד און דער „אייראָפּעאישער" האַרטמוט. מען האָט זיך דערמאָנט די עוולות, וואָס עס איז באַגאַנגען די רוסישע מלוכה פֿון אַלטן רעזשים קעגן די אוקראַינישע ליטעראַטור, וואָס זי האָט אונטערדריקט און פֿאַרבאָטן די ביבל און צייטונגען אויף אוקראַיניש. עס האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט אַלטע קאַטויליש-אוניאַטישע שטרעבונגען. אפֿילו דעם גאָטס-דינסט אין די קירכן, וואָס דער קאָמוניזם האָט ניט געוואָלט אַריינמישן זיך דערין, האָט מען איבערגעמאַכט אויף אוקראַיניש.

די פּאָגראָמען אויף יידן און דער פּאָגראָם אויפֿן רוסישן גייסט, פֿאַרבונדן מיט דער אומפֿעהיגקייט פֿון דער יונגער אוקראַינישער מלוכה איינצופֿירן אַ פֿאַרוואַלטונג, האָט פֿאַר מאָסקווע גרינגער געמאַכט צו דערגרייכן איר ציל. די אָקופּאַנטן זיינען אַוועק, די פֿראַנצויזישע דיפּלאָמאַטיע, וואָס איז געזעסן אין אַדעס און האָט אויסגענוצט די קיעווער רעגירונג לטובת דעניקינען, האָט געוועקט פֿאַלשע האָפֿענונגען און אָפּגעשוואַכט דעם ווילן. די באָלשעוויקעס האָבן ווידער איינגענומען אוקראַינע.

אַן אומהיימליך געפֿיל האָט אונז ארומגעכאַפּט אין יענע שעהן, בעת די אוקראַינישע פֿאָלקס-אַרמיי האָט געהאַלטן אין אָפּטרעטן און די רוסישע רויטע אַרמיי איז נאָך אַ סך געשלעגן

אַריינגעטראָטן אין קיעוו. מיר האָבן איצט געוואוסט דעם הערט פון דער „פאָלקס-פרייהייט“, אָבער אין אונזער זכרון האָט נאָך געלעבט די געדעכעניש פון דער באָלשעוויסטישער „מלוכה פון יושר“. מיר האָבן אויסגעזעהן אין אונזערע אויגן, ווי שול-ייגלאַך, וואָס האָבן אין דער הפסקה שטאַרק געשטיפט און זיך איינע די אַנדערע צעבלוטיגט, און איצט איז די הפסקה פאַרביי, און מיר שטייען ווידער פאַרן אכזריות'דיג שטרענגען לערער.

די געגאָסענע „פרייהייט“ איז געווען פול סכנות, אַזוי אַז מען האָט זיך ניט געטרויט אָפטמאָלס אַרויסצוגיין אין גאַס, און דאָך איז עס געווען איבערמענשליך שווער ווידער זיך אונטערגעבן ווי אַ קרבן אונטער דעם באָלשעוויסטישן גזר-דין. איך פערזענליך האָב פשוט ניט געגלויבט אין דער באַנייאונג פון דעם קנעכטישן יאָך און נאָך דעם ערשטן טאָג פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור האָב איך געשריבן מיינע געוויינטליכע אַרטיקלען „אין שטורעם פון דער געשיכטע“. אין דעם ענטוזיאַזם, וואָס דער געשיכטליכער פליה אין דער הויך, לויט געטעם אַ וואָרט, האָט דערוועקט אין אונז, האָב איך פאַרזעהן דעם גזר-דין, וואָס האָט אונז שוין אַלעמען געהאַלטן געפענטעט.

נאָך היינט קאָן איך ניט פאַרגעסן דעם פאַרוואונדערטן פנים פונם „חבר“ קאָמיסאַר, וואָס איז געקומען צו אונז אין רעדאַקציע, בכדי צו פאַרמאַכן דאָס בלאַט. ער איז מיט אַן אמת געווען געפלעפט, וואָס דאָ איז געשעהן. דער טויט איז צוגעטראָטן האַרט צו די מענשן, און די מענשן זיינען אין זייער לייכטזיניגקייט ניט געווען בכח אים אין שרעקליכן פנים אַריין צו קוקן.

באַלד האָט עס געמוזט אַנדערש ווערן. באַלד האָט די „פרייהייט“ ווי אַ בירגערליכער „פאָראורטייל“ געמוזט מיטן שורש פאַרטיליגט ווערן. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און אַלע געשעפטן זיינען פאַרחתמעט געוואָרן, די לעבנס-מיטלען

זיינען פֿאַרשוואונדן, דאָס געלט איז האַסטיג געפֿאַלן אין ווערט, די גאַסן זיינען געבליבן ווי אויסגעשטאָרבן, עס איז ניט געבליבן קיין וואַסער און קיין ליכט אין די הייזער. דורך די נעכט זיינען מיר ווידער אַמאָל, ווי פֿריהער ביי דער נעוואַ, געשטאַנען אויף דער וואַך פֿאַר דער טיר און האָבן כסדר שיסן געהערט, און מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס רעכנט זיך אָפּ די ניי-געבאָרענע מאַכט מיט אירע אמתע און כלומרשטע פֿיינט.

און אַז די באָלשעוויקעס זיינען אָפּגעטראָטן, און אויף זייער אָרט זיינען געקומען דעניקין אָדער פּעטליורע, האָט זיך איבערגעהזרט פּונקט די זעלביגע בייזע שפּיל, עס זאָל נאָר פֿעלן אַ האָר. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער מאָדנער מנהג, אַז איטליכס מאָל, ווען אַ וואָסער עס איז מאַכט האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט, פֿלעגט זי ארויסלאָזן פֿון די טורמעס די קרימינעלע פֿאַרברעכערס, און די פּאָליטישע געפֿאַנגענע, וואָס זי האָט ניט געקאָנט מיטנעמען פֿאַר ערבות, פֿלעגט זי צעשיסן אויפֿן אָרט. דערנאָך איז געגאַנגען אַ סדרה פֿון כאַפּן די פֿאַרברעכער און איבערטראַנספּאָרטירן זיי מאַסנווייז, לויטן אויסדרוק פֿון די מאַכטהאָבער, אויף יענער וועלט. און דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי-נאַכט, אין טיפֿער פֿאַרבאָרגעניש און שטילקייט.

אין אַזעלכע נעכט, זאָגט מען, ווערן ביים מענשן די האָר פֿון קאָפּ גראָה. מיין נסיון האָט מיך אָבער געלערנט אַן אַנדער זאַך. עס ווערן, פֿאַרקערט, בעלי-נקמה אויסגעהאָדעוועט, אָדער ביי שעפּערישע נאַטורן עפֿענען זיך אויף נייע טיפֿענישן פֿון דער נשמה, וואו מען וואַרט איבער רוהיג און זיכער, ביז דער שטורעם גייט פֿאַרביי. די מידע און פּאַסיווע אָבער גיבן זיך אונטער דער מאַכט פֿון בלינדן פֿאַטום, ווערן אינעווייניג אַנטשווינן און ווערן געשלאָגן מיט טויבקייט.

דער אוקראַינישער כאָכאָל האָט אַ ווערטל: „ערגער, — אָבער אַנדערש“. שוין דער בייט פֿון דער אויבערהערשאַפֿט

האָט געעפנט בײם קנעכט אַ שפעלטל פאַרן פרײהײטס־געפיל. אין די קיעווער האָבן תמיד געוואַרט אויף אַ בײט פון דער מאַכט, ווײל זײ האָבן געלעכצט נאָך פרײהײט. אין מיר פערזענליך האָט דער אָפטער דעקאָראַציעס־בײט פון דער מלוכה־מאַכט אַרויסגערופן גאָר אַנדערע אַסאָציאַציעס. בעת די לאַנגע צוויי יאָר אין קיעוו האָב איך ניט געקאָנט פטור ווערן פונם געפיל, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ מיראַזש, מיט אַ טיף אײנגעוואָרצלטער פאַרבלענדעניש. די צײטווײליגע מאַכטהאָבער זײנען באַזונדערס ניט געווען בכח צו דערוועקן אַכטונג צו זיך. און די טעג, בעת די מאַכט האָט זיך געביטן, האָבן ערשט רעכט דערמאָנט אַ בילד פון ייִנגלווײז. אין צענטער פון דער קלײנער שטאָט איז אויפגעשטעלט אַ גרויסער צירק, צונויפגעקלאַפט פון ברעטער. עס געענדיקט דער ווינטער. דער צירק ווערט אָפגעריסן. אַ סך פורן ווערן באַלאָדן מיט כלערלײ טשעמאָדאַנעס און פעק. צו די פורן זײנען שוין צוגעבונדן די אײזלען, די מאַלפעס און די פערד. צולעצט באַווײזן זיך די רײטערס און רײטערינס פון צירק, דער דירעקטאָר און די משרתים אַליין פרעמדע, אומבאַקאַנטע פנימער, וואָס מען חידושט זיך נאָר אויף זײ קוקנדיג. מען הערט נאָך, ווי עס קלאַפן די האַמערס און ווי עס פאַלן די ברעטער. אַ סוף צום צירק, באַלד וועט אויף זײן אָרט קומען אַ דראַמאַטישע טרופע. אין די שמאָלע שמוציגע און דאָך אַזוי הײמישע געסלאַך וועט מען ווידער באַגעגענען הערן אין צילינדערס און דאַמען אין היט, אָבער איצט שוין אָהן לאַנגע פעדערן און אָהן בײטשן אין די הענט. דער דעקאָראַציעס־בײט איז פאַר מיר אַ שמחה, און דאָך טוען מיר באַנק אָט די אַלע צירק־לײט. מען ווערט אַמאָל טרויעריג געשטימט, וואָס אין דער וועלט מוז זיך אַלץ בײטן.

אַז די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען פעטליורעס אָרט, האָבן די גרויס־אימפעריאַליסטיש געשטימטע רוסן די ערשטע

טעג מיט פרייד פריי אָפּגעאָטעמט. אַלע, וואָס זיינען געווען כאָטש אַ ביסל געבילדעט, האָבן געקאָנט כאָטש לייענען און שרייבן, זיינען געוואָרן סאָוויעט־באַאַמטע. די אמתע בורזשואַס אובן־אָן. ווי מומחים און ספּעציאַליסטן („ספּעצן") האָבן זיי פאַרנומען אַחריותדיגע פּאָסטנס. דאָס האָט מען קודם כל געוואָלט קעמפן קעגן די אוקראַאינישע סעפּאַראַטיסטן. יענע אָבער האָבן גאָר קיין חשק ניט אַרויסגעוויזן זיך אַרויסצומאַכן פון קאָן. זיי האָבן פאַרנומען פּאָסטנס, געהאַלטן אין זייערע הענט די געבּרויכס־קאָאָפּעראַטיוון און די דאָרפס־לערערס און האָבן אַזוי אַרום פאָרגעשטעלט דעם בריק, וואָס האָט פאַרבונדן שטאָט און דאָרף.

בעת אויסער די שטעט האָט כסדר און אָהן אויפהער געפלאַקערט דער קריגערישער קאַמף מיט די אוקראַאינישע „באַנדיטן", האָבן די באָלשעוויקעס אין פאַרוואַלטונג, שולע און פּרעסע נאָכגעגעבן. צובּיסלאַכווייז האָט זיך געלאָזט מערקן אַן אַרבעטס־טיילונג. די מלוכה־מאַכט מיט דער אַרמיי און דער פּאַרטיי־פירונג איז געבליבן אין די הענט פון די רוסישע און יידישע מאָסקאָוויטער, די אַזוי גערופענע קולטור אָבער, די ליטעראַטור איז שטאַרק אוקראַאיניזירט געוואָרן. דעניקינס רעזשים, וואָס איז געווען בפירוש פיינטליך צו די אוקראַאינער, איז געווען פאַר די באָלשעוויקעס אַן אָנלערעניש. להיפּוך צו דער רעגירונג פון דער פרייוויליגער אַרמיי האָבן זיי זיך סוף כל סוף געשטעלט אויפן צד פון אַ מין „סאָוועט־אוקראַאינע" און עס איז געקומען דערצו, אַז אין ווינטער 21—1920, איידער איך בין אַוועקגעפאָרן פון קיעוו, איז די רעגירונגס־פּרעסע, דאָס הייסט בעצם די גאַנצע פּרעסע פון לאַנד, געווען אין אוקראַאיניש. אפילו די עטליכע ביכער, וואָס האָבן בכלל נאָך דערזעהן די ליכטיגע שיין, זיינען פון איצט אָן געווען נאָר אוקראַאינישע. אויך די לערערס און די סטודענטן פון אוקראַאינישן אוניווערסיטעט זיינען

געווען מאַטעריאַל בעסער פאַרזאָרגט, איידער די רוסישע לערערשאַפט, און די נאָך פריהער געגרינדעטע אוקראַינישע אַקאַדעמיע פון די וויסנשאַפטן האָט איצט לפי ערך גענאָסן פרייהייט. דאָס, וואָס אוקראַינע איז פיל מאָל איינגענומען געוואָרן און וואָס זי איז פאָרט בכח זיך פון אינעווייניג אַנטקעגן צו שטעלן קעגן דער אויסגלייכנדיגער רוסישער פּאָליטיק, האָט געשאַפן די נויטווענדיגקייט איבערצובויען די רוסישע אימפּעריע אויף נאַציאָנאַל-פּאָליטישע יסודות. די אוקראַינישע געזעלשאַפט האָט אַריינגעלייגט אַ רעאַלן זין אין דעם פעדעראַטיוון געדאַנק.

די אַזוי אָנגערופענע היסטאָרישע צייטן, ווען איטליכער ביַיט פון דער מאַכט איז גורם צו ראַדיקאַלע שינויים אפילו אינם טאָג-טעגליכן לעבן פון איטליכן יחיד, לאָזן איבער אַ מערקווירדיגן איינדרוק. אַלץ, וואָס די מאַכטהאָבער „שאַפן“, און זאָל אפילו דאָס דאָזיגע „שאַפן“ אָנרירן אייער גאַנץ לעבן, זעהט אויס ניט רעאַל, ווי אַ בילד פונם כח הדמיון. אפילו דער פּשוטסטער מענש פון פאָלק לאָזט זיך ניט פאַרפירן פונם „מאַכן“, פון דער מאַכעריי פון די הערשער און געוועלטיגער. מען שפירט ניט קיין עצם שאַפן, קיין וואַקסן, דאָס לעבן זעהט אויס ווי אַ דריי-שטורעם, וואָס מען ווערט דורך אים געהויבן און אַרומגעשליידערט אַהין און אַהער. אַלצדינג, וואָס דער מענש טוט און טוט אויף, און זאָל עס אפילו ברענגען צום ערדישן טויט, מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויגן-פאַרבלענדעניש, פון אַ שאָטן, וואָס גייט פאַרביי. דער מענש קאָן אָבער אָננעמען פאַר אַ ווירקליכקייט נאָר דאָס, וואָס ער באַנעמט ווי רעאַל. די מאַכט פון די באָלשעוויקעס, וואָס איז אין פלוק געווען אַ צו ממשותדיגע מאַכט, האָט זיך דאָך געפילט ווי עפּעס ניט רעאַלס. אָט דאָס געפיל איז גענוג אויף צו דערקלערן דעם אינעווייניגסטן ווידערשטאַנד, וואָס די אוקראַינישע באַפעלקערונג האָט אַרויסגעשטעלט און שטעלט נאָך איצט אַרויס קעגן

דער קאָמוניסטישער ממשלה. מען דאַרף לחלוטין ניט באַטראַכטן אוקראַינע ווי די וואַנדייע פֿון דער אַלרוסישער רעוואָלוציע. און אפֿילו די וואַנדייע-העלדן פֿון אַ רעוואָלוציע זיינען אויך ניט על פּי רוב מורדים איבער עקשנות און מוטוויליגקייט, גייערט ווייל זיי שפּירן די ניט-רעאַלקייט פֿון די כּחות, וואָס אויף זיי שטיצט זיך די רעוואָלוציע. גראָד דער דאָזיגער תהום, וואָס האָט זיך ניט ווילנדיג געעפֿנט צווישן דער פּאָליטיש-קריגערישער „רעאַליטעט" פֿון די מאַכטהאָבער און צווישן דעם רעאַליטעטס-געפֿיל פֿון דעם יחיד און פֿון די פֿאָלקס-מאַסן, האָט אויף אונז געבראַכט אַלע די גרויסע פּורעניות, וואָס מיר זיינען אויסגעשטאַנען.

אין דער אמתן איז אומעטום, וואוהין עס האָט דערגרייכט די רעוואָלוציאָנערע מאַכט מיט איר רויטער אַרמיי, דאָס לעבן געוואָרן אַ מדבר. נאָך אַ קורצער קריגערישער צווישן-שפּיל און נאָך די אָפּט זיך איבערחזרנדיגע גוואַלד-געשרייען: דער „שונא", די „באַנדיטן", די „קאָנטררעוואָלוציע" קלאַפּט אין די טויערן פֿון קיעוו און אַדעס, איז אָנגעשטאַנען אַ בית-עולם-שטילקייט. די אכזריותדיגע און איינטאָניגע „וואָך" האָט פֿאַרכאַפּט דעם גאַנצן מענשן. דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן 6 פֿריה מיט טראָגן וואַסער, האָלץ האַקן און פֿייער מאַכן. בכדי ווי עס איז צו קאָנען פֿיזיש עקסיסטירן, האָט מען געמוזט כּסדר אויסבייטן ביי די פּויערים בגדים אויף שפּייז-מיטלען, חוץ דער אייגענער פּראָפֿעסיע, פֿאַרנעמען לכל הפּחות נאָך צוויי שטעלעס ווי אַ קאָנסולטאַנט אָדער עקספּערט פֿאַר זאַכן, וואָס מען האָט אין זיי קיין שום ידיעה ניט. און נאָך אַלעמען האָט מען כּסדר, אָהן אויפֿהער, אין דער היים, בעת די געצוואונגענע באַגעגענישן מיט מענשן, ביי דער אַרבעט און ביי די פֿיל אָנשטרענגונגען, ביי די פֿאָרלעזונגען, וואָס מען האָט געהאַלטן, געמוזט זוכן גובר צו זיין אינעווייניג דעם הונגער, די קעלט און אַמאָל אויך

די פינסטערניש. דאָס גאַנצע בילד פון לעבן איז געוואָרן גראָה, אָהנפאַרביג. איך פערזענליך, וואָס מיר איז שטענדיג דערווידער אַל דאָס בונטע און קאָלירטע, האָב געקראָגן אַ הייסן פאַרלאַנג נאָך פאַרבן. איך פלעג דעריבער ניט זעלטן זיך אַוועקלאָזן אַרומשפאַצירן איבערן מאַרק, בכדי צו זעטיגן די אויגן מיטן בילד פון די פאַרשיידענע גרינסן.

דאָס דאָרף, וואָס איז נאָך שוואַך געווען פאַרבונדן מיט דער אויסווייניגסטער וועלט דורכן סחורות־אויסבייט, האָט זיך געלעבט אָפּגעשלאָסן, פאַר זיך. אַז די נויט האָט מיך געצוואונגען זיך צו פאַרשטעלן אויף עטליכע חדשים פאַר אַ מומחה (קאָנסולטאַנט) אין אוקראַינישן דערנערונגס־מיניסטעריום, האָב איך געהאַט גענוג געלעגנהייט צו זעהן, ווי ווייט דאָס דאָרף לעבט אָפּגעזונדערט. דאָס דערנערונגס־מיניסטעריום האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אַרויסצובאַקומען וואָס מער תבואה פון די פויערים. צוליב דעם צוועק האָט עס אָנגעווענדט די געוויינטליכע דעמאַגאָגישע הערשאַפטס־מעטאָדע. עס האָט מיט אַלע כחות געזוכט פונאַנדערצובלאָזן דעם בירגער־קריג אין דאָרף. דאָס פויערטום איז איינגעטיילט געוואָרן אין אַ קלאַס פון אָרימע און אַ קלאַס פון רייכע, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די אָרימע (דער אַזוי גערופענער „קאָמבעד”), וואָס אונטער זיין ממשלה איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די גאַנצע דאָרפישע באַפעלקערונג. דעם קאָמיטעט פון די אָרימעלייט איז געשטעלט געוואָרן די אויפגאַבע צוצונעמען דאָס ברויט ביי די פאַרמעגליכע און עס צו צעטיילן צווישן די מיטגלידער פון דעם אייגענעם סאָציאַלן שיכט און צווישן דער מלוכה.

בכלל גערעדט האָט אָט דער פאָליטישער קונץ זיך אויסגעלאָזט מיט אַ פולער מפלה. די אחדות צווישן אַלע איינוואוינער אין דאָרף איז געבליבן פעסט באַשטיין, און עס זיינען נויטיג געווען מיליטערישע עקזעקוציעס, בכדי אַרויסצוקריגן

כאָטש אַ קליינעם טייל פון די אַרויפגעלייגטע אָפּצאָלן. אַ סך פאַרשטייער פון די פויערשע קאָמבעדן, וואָס איך האָב מיט זיי פּריוואַט געשמועסט, האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די סאָוועט־מלוכה איז אַ וואוילע זאַך, כל זמן זי לאָזט צו רוה דאָס דאָרף. דאָס פויערטום וויל טאַקע מער קיין צאַר ניט האָבן, עס וויל אָבער אויך ניט אַריבערטראָגן קיין ממשלה פון די באָלשעוויסטישע קאָמיסאַרן. עס האָט געקאָנט אַ געוויסע צייט אויסדוכטן, אַז אין אוקראַינישן דאָרף איז מקוים געוואָרן דער חלום פון די אַנאַרכיסטן: מען האָט געוואָלט אויסקומען אָהן דער מלוכה בכלל. די הערשאַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט איבערן דאָרף איז געבליבן נאָר אויף פּאַפּיר. און דאָס איז געבליבן אויך דעמאָלט, ווען די מלוכה האָט פאַרלאַנגט סאָלדאַטן און האָט באַשטימט, אַז דאָס דאָרף איז ערב פאַר איטליכן אַנטלאָפענעם רעקרוט. ניט איין האָב און גוטס האָט די „אַרבעטער־פויערים־רעפּובליק“ אויף אַזאַ אופן חרוב געמאַכט. אָבער דער אוקראַינישער פויער איז געבליבן איינגעשפּאַרט און איז ערשט דעמאָלט אויפגעשטאַנען, ווען די צאַרישע אַרמיי פון דעניקינען האָט אים געצוואונגען צו פאָלגן לויט איר איינגעשטעלטן נוסח.

דאָס געפיל, אַז דאָס אַלץ, וואָס קומט פאָר, איז ניט רעאַל, האָט אונז אַלעמען אַרומגעכאַפּט, און קעגן אָט דער מעטאַפיזישער הנחה איז אפילו די רעוואָלוציאָנערע מאַכט, וואָס האָט פון קיין רחמנות ניט געוואָלט וויסן, ניט געווען בכח עפּעס צו טון. באַזונדערס בולט האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי ווייט אָט דער גאַנצער סדר האָט קיין אחיזה ניט אויפן געביט פון בילדונג, וואָס איז מיר געווען בעסער באַקאַנט. די פון מאָסקווע אַראָפּגעשיקטע, האַלב־געבילדעטע קאָמיסאַרן — האָבן אונז, לערערס פון די הויך־שולן, צונויפגעקליבן אין „קאָמיסיעס צונויפצושטעלן נייע פּראָגראַמעס פאַר די הויך־שולן“ און האָבן געפּרובט איינ־

טענען מיט אונז, אַז אַלע וויסנשאַפטן, דערין אויך די נאַטורוויסנשאַפטן, דאַרפן ווערן צוגעפּאַסט צום ווילן פון דער נייער צענטראַליזירטער מלוכה. די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־מלוכה — האָבן די קאָמיסאַרן ערקלערט — דאַרף דינען פאַרן מאַסשטאַב פון זיין און ניט־זיין, פון אמת און שקר. די חברה־לייט האָבן געהאַט די חוצפּה צו פאָדערן, אַז אפילו די מאַטעמאַטיק און פיזיק, שוין אָפּגערעדט פון די נאַטור־ און גייסט־וויסנשאַפטן וועגן מענשן, זאָלן זיך אָריענטירן לויט די „אינטערעסן" פונם פּראָלעטאַריאַט. די שלעכט פאַרדייטע קולטור־קאָנצעפּציע פון מאַרקס האָט געדאַרפט דאָ פּראַקטיש אָנגעווענדט ווערן אין אַ קולטור־ און בילדונגס־פּאָליטיק. און אַז איך האָב איינער פון די ערשטע עטליכע מאָל געפּרובט פּראָטעסטירן קעגן אָט דעם באמת מיטלאַלטערליכן שטייגער צו מאַכן די וויסנשאַפט פאַר אַ דינסט פון אַ פּאָליטישער טעאָלאָגיע, האָט דער קאָמיסאַר איטליכס מאָל פּשוט ביי מיר אָפּגענומען דאָס וואָרט. וויסנשאַפטס־מענשן וועלן מיט מיר מיטפילן, וואָסערע מאָראַלישע יסורים מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין. די מורא צו פאַרלירן דעם לעצטן אָנהאַלט אינם טרויעריגן שטיקל לעבן האָט, צום באַדויערן, ניט זעלטן אָפּגענומען דעם מוט ביי אַ טייל פון מיינע קאָלעגן, און די פּראָטאָקאָלן פון דער אָנגערופענער קיעווער קאָמיסיע האָבן אין זיך ניט ווייניג שטותערייען, וואָס קאָנען זיך אויסגלייכן מיט דער מיטלאַלטערליך־קאַטוילישער וויסנשאַפט.

אַ טיפער טרויער האָט אָנגעפילט אונזער גאַנצע נשמה, און ניט איינער פון אונז האָט זיך ווידער אַמאָל אויסגעמאָלט אין דער אומדאַנקבאַרער ראָלע פון אַ יוליאַנוס אַפּאָסטאַטאַ (אָפּטריניגער), וואָס מיהט זיך אומזיסט צו קעמפן קעגן די פּאָראורטיילן פון דער „קירך", וואָס ווערט דאָ ניי אויפגעריכט. אָבער דער גייסטיגער דרוק פון די קאָמיסאַרן האָט סוף כּל סוף געהאַט אויך זיינע קאָמישע זייטן, און באַלד האָבן מיר איינגעזעהן, אַז

מיר האָבן דאָ לחלוטין ניט צו טון מיט אַ מין אַלט־קריסטליכע ביסקופּן, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים. אַזוי האָט מען אונז פאָרגעלייגט רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף אַלגעמיינע זיצונגען פון רוסישע, אוקראַינישע און — דער עיקר — באַשקירישע פּעדאַגאָגן. די באַשקירן אין דער ראָלע פון קרבנים פון דער „בורזשואַזער" וויסנשאַפט און באַשעפער פון דער „פּראָלעטאַרישער" וויסנשאַפט!

דערווייל האָט די ראָד פון דער געשיכטע ניט אויפגעהערט זיך צו דרייען. די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט געהאַלטן אין אָפּציהען און דעניקינס אַרמיי האָט דאָס מאָל מיט אַן אמת געקלאַפּט ביי די טויערן פון דער פיל־געפּרובטער שטאָט. דער בייט פון דער מלוכה־מאַכט האָט שטענדיג איבערגערוקט פון גרונט אויס אונזער גאַנץ לעבן. די מאַכט, וואָס האָט געדאַרפט אַוועקגיין, האָט זיך געוואָלט אויספּיינען און האָט גענומען פאַרטיילן „כל טוב" פון די אָנגעקליבענע און „רעקווירטע" זאַכן צווישן יענע, וואָס האָבן פאַרנומען עפּעס אַ שטעלע, און קודם כל צווישן דער „אַרבעטנדיגער" באַפעלקערונג. איך פּערזענליך האָב באַקומען — איך בין דעמאָלט געווען אַן עקספּערט ביי אַ גרויסן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו — זיבן פּאָר שטיוול, 100 קעסטלאַך שוועבעלאַך, פעטס, צוקער, איינגעמאַכטס. פון אָט דער אומגעריכטער עשירות האָבן מיר שפּעטער זיך געשפּייזט עטליכע וואָכן, דורכדעם וואָס מיר האָבן עס לאחדים פאַרקויפט די פויערים. דער פּרימיטיווער פּראָדוקטן־בייט האָט ווידער געקאָנט פריי גיין.

אָבער מיט דער גוטער זייט פונם מאַכט־בייט איז שטענדיג געווען פאַרבונדן דאָס בייז און די סכנה. באַזונדערס שווער איז דורך די איבערגאַנגס־צייט. דאָס געלט פון דער אָפּטרעטנדיגער מאַכט איז מיט אַמאָל געוואָרן ניט גילטיג, און אויפן פויערים־מאַרק האָבן זיך איינגעשטעלט עטליכע מינים געלט

צוגלייך. מען האָט נאָך ניט געהאַט אין גאַנצן אָנגעוואָרן דעם
צוטרוי צום ראָמאַנאָווישן געלט און צו קערענסקיס געלט, ווען
מען איז אויך געווען געצוואונגען צו נעמען דאָס געלט פֿון דער
אָנקומענדיגער רעגירונג. איטליכע קויף=אָפּעראַציע פֿלעגט אָפּ=
געדויערן שעהנווייז. מען האָט צונויפֿגעשטעלט קורס=צעטלען
און מען האָט גערעכנט לויט עטליכע קורסן.

אין די איבערגאַנגס=טעג האָט מען זיך נאָר מיט גרויס
סכנה איינגעשטעלט צו באַווייזן זיך אויף דער גאַס. די באַנ=
דיטן, וואָס זיינען אַרויסגעלאָזט געווען פֿון די טורמעס, און די
באַנדיטן פֿון דער זיגרייכער אַרמיי האָבן געבושעוועט אין שטאָט.
מען האָט זיך אַריינגעריסן אין די דירות און מען האָט גענזלט
און געהרגעט. עס האָט זיך איינגעשטעלט די „פֿרייהייט“ פֿונם
נאַטור=צושטאַנד. הינטער פֿאַרריגלטע טירן און פֿאַרשלאָ=
סענע טירן, פֿול מיט שרעקעניש און גרייט זיך צו באַשיצן, האָבן
מיר צוגעקוקט די בייזע שפּיל. אָבער טיף אין האַרצן איז יעדע=
רער געווען זיכער, אַז דער זעלבסטשוץ, וואָס איז אָרגאַניזירט
פֿאַר איטליכער שטוב, איז פּונקט אַזאַ מכלומרשטער, אויף=צו=
פֿלייסנדיגער, דמיונדיגער, ווי די אַלע געשעהענישן אַרום, וואָס
זייערע שטומע קרבנות זיינען מיר געוואָרן. נאָר אַ צופֿאַל האָט
געקאָנט ראַטעווען, נאָר אינם מזל האָט מען געגלויבט. און נאָר
איינציגע האָבן זיך אין זיך פֿאַרבאַהאַלטן און האָבן אין דער
שטיל מתפּלל געווען: זאָל פֿאַרבייגיין...

מיך פּערזענליך האָט אָט דער שדים=טאַנץ שטענדיג פֿאַר=
הידושט. צווישן אַלע סאָציאַלע ערשיינונגען פֿון די גרויסע אי=
בערקערענישן איז מיר טיף אין זכּרון געבליבן ביים אָנהויב
פֿון דער רעוואָלוציע די אַנטפּלעקונג פֿון דער אַזוי אָנגערופֿענער
פֿאָלקס=סוווערעניטעט—מיט איין מאָל איז מיר קלאָר געוואָרן, וואָס
איך האָב פֿריהער ביזן גרונט קיין מאָל ניט געקאָנט תּופֿס זיין:
איך האָב געזעהן מיט ערדישע אויגן און האָב כּמעט ממש מיט

די הענט אָנגעטאַפּט אָט יענס גוואַלדיגע, וואָס ווערט אָנגערופן פאָלקס=סואווערניטעט. און איצט בעת די קיעווער מאַכט=בייטן האָב איך אויך געזעהן מיט ערדישע אויגן און אָנגעטאַפּט מיט נשמיותדיגע הענט דעם כאַאָס פונם נאַטור=צושטאַנד און ווי אַזוי פון אים איז געבאָרן געוואָרן צוערשט אַ פּאָליציי און דערנאָך אַ מין מלוכה=מאַכט. מיר, אין דעם פאַל די נייטראַלע, האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן און האָבן אָפּגעדיט און געהאָדעוועט אין אונזער נאָהענסטער סביבה אַ באַוואוסטזיין פון רעכט און אַן אָרדענונג פון רעכט; די אַנדערע אָבער, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען מיט ביקסן און האַרמאַטן, וואָס האָבן געקעמפט און פאַקטיש פאַרמאָגט דעם פיזישן כח, זיי האָבן געבילדעט די מאַכט, די „פאָלים". אינם צענטער פון כאַאָס און פון דער אַלגעמיינער שחיטה איז אָנגעווענדט געוואָרן צולעצט די פּאָליטישע מעטאָדע מיט איר קאָנצענטראַציע=אַפעקט, און אַרום אין דער פּעריפעריע פון די כחות, וואָס האָבן זיך אין שטורעם געדרייט, האָט דאָס רעכט זיך איינגעשטעלט אַרויסצוטרעטן אָפן און פאָדערן אָנערקענונג. פאַרשטייט זיך, אויך אין אונזער נייטראַלער ספערע, הינטערן פאַרריגלטן טויער האָבן זיך אַנטפּלעקט פּאָליטישע, מאַכטהאָבערישע איבערלעבונגען.

אַזוי דערמאָן איך זיך, אַז עטליכע חדשים האָב איך פאַרנומען דעם פּאָסטן פון פאָרזיצער פון אונזער הויז=קאָמיטעט. בעת איינעם פון די פיל מאַכט=בייטן זיינען איין מאָל ביינאַכט אָנגעפאַלן אויף אונזער הויז 5—6 סאָלדאַטן. די 2 שכנים, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך אונטן ביי דער טיר, וואָס איז געווען פאַרדעקט נאָר מיט גלאָז, האָבן מיך געלאָזט רופן. רוהיג, מיט געמאָסטענע טריט האָב איך זיך געלאָזט גיין אַראָפּ פון זעקסטן גאָרן און אונטערוועגס איז אין מיר פּלוצים לעבעדיג געוואָרן דאָס שטאַרקע געפיל: מיט מיר קאָן קיין בייז איצט ניט טרעפן, וואָרום איך בין באַקליידט מיטן כח פון אונזער גאַנ=

צן הויז, אין מיין פערזאָן איז פאַרווירקליכט אַ מאַכט, וואָס מען מוז איר פאָלגן. דאָס האָט מיר געגעבן אַ רוהיג געפיל פון זי־כערקייט. ווי קאָמיש עס זאָל אויך אויסזעהן, געקוקט פון אויס־ווייניג, ווען איך פּרוב איצט געטריי צו שילדערן מיין מאַכט־געפיל, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין יענער מסוכנדיגער שעה, אָבער איך פאַרשטיי דורכאוים אַזוי דעם אומבאַדינגטן אַווטאָריטעט פונם פּאָליטישן מאַכט־האָבער. דורכגעדרונגען אַזוי מיט אַ גע־פיל, וואָס שאַפט מוט, האָב איך דורכן פענסטער־שויב אָנגעהוי־בן אַ שמועס מיט די באַוואָפנטע זעלנער, וואָס האָבן געפּאָ־דערט, מען זאָל זיי אַריינלאָזן, מיטן אויסרייד, אַז דאָ אין הויז זאָלן זיך האָבן אויסבאַהאַלטן „ווייסע" גענעראַלן. איך האָב גענומען סטראַשען און שרייען אויף זיי. די באַנדיטן האָבן פאַרחידושט מיך אָנגעקוקט, ווי איך האַלט זיך ווי עמיצער, וואָס האָט אַ דעה, און האָבן זיך פּאַמעלאַך אָפּגעטראָגן. הפלא־דיגע זאַכן האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאַר אונזערע אויגן. און אונז איז באַשערט געווען צו זיין עדות פונם דאָזיגן נס און דאָך בלייבן לעבן.

אַ שווערן נסיון מאַכן שטענדיג דורך די מענשן, וואָס האָבן די זכיה איבערצולעבן דעם „נס". קיינער איז ניט גענוג שטאַרק, בכדי אַ צווייט מאָל אים אַריבערצוטראָגן, אפשיטא שוין צו שפּירן אַ פאַרלאַנג נאָך אים. און זאָל ער, דער אויבערשטער זאָל היטן, קומען א צווייט מאָל, וואָלט ער אונז געוויס דער־שטיקט. און אַז איך קלער איצט צוריק וועגן יענע שטורעמ־דיגע טעג פון איבערקערענישן בעת דער רעוואָלוציע, קאָן איך מיר דערקלערן אונזער אינעווייניגסטע שטאַנדהאַפטיגקייט נאָר מיט דער הילף פון יענעם אירעאַליטעטס־געפיל, וואָס איך האָב אויבן געשילדערט. אַלע פיר אַפּאָקאַליפּטישע רייטערס האָבן מיר געזעהן פּנים אל פּנים, מיר זיינען געווען אין סאַמע גיהנום

און האָבן אים ניט געגלויבט. אונזער ניט־גלויבן האָט אונז גע־ראַטעוועט.

עס זיינען אָבער אויך געקומען צייטן, ווען מען האָט אונז גע־וויזן בחוש. דאָס, וואָס עס זיינען ניט געווען בכּח אונז אויסצו־לערנען פעסט, הונגער, קריג און טויט, האָבן דאָס געטאָן די שרעקליכע רייטערס אין זייער לייבליכער געשטאַלט. ניט דער־ווענגן זיך זאָלסטו מער אונז צו באַטראַכטן נאָר ווי אַ שאָס־בילד — אַזוי זיינען די שדים צו אונז צוגעשוטסאַנען — מיר זיי־נען פאַראַן, מיר ווערגן און פייניגן און פאַרלענדן. ביסטו אויך איצט ניט מרוצה צו גלויבן אין אונזער רעאַלקייט?

אויף אַ פאַרשיידענעם אויפן האָט דער קלאַפּ פון די טויט־פערד דערגרייכט דעם אָרימען מענשן. צו איינעם זיינען די שרעקליכע רייטערס געקומען אין דער געשטאַלט פון דער באָל־שעוויסטישער „טשעקאַ", צום צווייטן אין דעניקינס „קאָנטר־ראַזוועדקאַ", אָדער גאָר ווי אַ יידישער פּאָגראָם, און ווי אַן אָנ־פאַל אין מיטן העלן טאָג, און ווי אַן אַקט פון סאָציאַלער נקמה. אַ גוטער מזל האָט מיך אָפּגעהיט פון די ציניש עינויים פון דער „קאָנטר־ראַזוועדקאַ" און פון דער אכזריותדיגער גלייכגילטי־קייט פון דער „טשעקאַ", הגם מיר איז אויך אויסגעקומען צו זעהן די צום טויט געפּייניגטע קרבנות. דאָס איז געשעהן דעמאָלט, ווען די אַוועקגייענדיגע מאַכט האָט אין אייליניש קיין צייט ניט געהאַט מקבר צו זיין אירע קרבנות. אָבער אַזוי גליקליך איז, ווייזט אויס, מיין ערדישער מזל ניט געווען, אַז איך זאָל אויך פּטור זיין פון די פּאָגראָמען און נקמה־אַקטן.

דאָס איז געשעהן בעת די ממשלה פון דער פרייוויליגער אַרמיי פון גענעראַל דעניקין, וואָס אויף אים האָט מען געוואָלט אַרויפלייגן די ראָלע פון אַ רוסישן גאַריבאַלדי. חוץ אַ הייפל פּאַטריאָטיש געשטימטע אָפיצירן, איז דער רוב נייע אָקופּאַנטן באַשטאַנען פון אָנגעלאָפענע „עכט רוסישע לייט", בדלות גע־

שטעלטע גרויסע פּריצים, פון טשערקעסן און אַנדערע שבטים, וואָס האָבן אפילו קיין רוסיש ניט פאַרשטאַנען. זיי אַלע האָבן געזוכט זיך צו באַרייכערן אויף גיך דורך גזלה און רציחה, בכדי זיך דערנאָך אָפּצוקערן פון דער „פרייהייטס=באַוועגונג“.

פון די פיל עפּיזאָדן פון דער דאָזיגער רויב=פרייהייטס=מלחמה נעם איך אַרויס איינעם, וואָס וועט בלי ספק אַמאָל פאַרשטעלן אַ גלאַנץ=קאַפּיטל אין דער כראָניק פון די רוסיש=אוקראַינישע יידן=רדיפות. דאָס איז געשעהן אין האַרבסט 1919. אַ געוועזענער מיטאַרבעטער פון דער פּעטערבורגער קאַדעטישער צייטונג „רעטש“, אַ געוויסער סאָקאָלאָוו, דאָצענט פון יוריספּרודענץ, איז געשטאַנען בראש פון דער פּראָפּאַגאַנדע=אָפּטיילונג פון דער דעניקינשער רעגירונג. לויט ווי מען האָט מיר געזאָגט, איז זיין מיטהעלפער געווען פּראָפעסאָר פילענקאָ, אַ לאַנג=יעריגער מיטאַרבעטער פון דער אַנטיסעמיטישער „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“. אין קיעוו גופא האָט געפירט די עפנטליכע מיינונג הער שולגין, דער פריהערדיגער אָנפירער פון די נאַציאָנאַליסטן אין דער דומע און דער מחבר פון ניקאָלאַי II=נס אָפּזאָג=אַקט פון טרוין. אַ גלענצנדער פּובליציסט, דורכגעטריבן, אהן געוויסן, קאָנסערוואַטיוו און מורד אין איין פּערזאָן. פון שולגינען מעג מען מיט רעכט זאָגן, אַז ער האָט געליטן פון זיין „ירושה“: ער איז אַן איידעם פונם באַרימטן רעדאַקטאָר פונם אַנטיסעמיטישן „קיעווליאַנין“ פּיכנאָ און דער יורש פונם דאָזיגן בלאַט, וואָס האָט אין דער צייט פאַר דער רעוואָלוציע געהאַט אַ גרויסע השפּעה. אין די עטליכע חדשים פון דעניקינס ממשלה האָט ער זיך געמיהט מיט אַלע קונצן פון שקר און סאָפיסטיק אויסצומעקן אינם זכרון פון די מאָנאַרכיסטן דאָס געדעכעניש פון זיין אייגענעם מורדישן אויפטו. בעת די פּאָגראָם=פּראָפּאַגאַנדע האָט אַרויסגעבראַכט אירע פרוכטן און מעשים=תעתועים, האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצוגעבן נאָר איין איינציגן נומער פון דער

צייטשריפט „אונזער שטים“ („נאַש גאָלאָס“) קעגן דער העצע. אינם לייטאַרטיקל האָב איך דעמאָלט דערמאָנט הערן שולגין זיין גרויסן מאָנאַרכיסטישן אויפטו, וואָס איז באַשטאַנען אין אַראָפּזעצן פון שטול דעם לעצטן ראָמאַנאָוו. אָט דער פאַרשוין, וואָס אין דער צייט פון דער עמיגראַציע מאַכט ער ווידער דורך אַ גלגול, האָט אויף זיין געוויסן אַ סך יידיש בלוט און פיין.

דאָס איז אַלץ געשעהן אין האַרבסט פון יאָר 1919. אויף להכעיס יעדער סכנה האָט זיך דעמאָלט אַן אָפּגעריסענע דיוויזיע פון דער רויטער אַרמיי דורכגעשלאָגן אַ וועג קיין צפון דורך קיעוו. פינף טעג האָט געדויערט דער קאַמף אין דער סביבה פון דער שטאָט און די גאַסן. דער פרייוויליגער אַרמיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי האָט דאָ צו טון מיט אַ גרויסן אָנפאַל פון די באָלשעוויקעס און איז אָפּגעטראָטן איבערן בריק קיין דאַרניצאַ. מיט דער דאָזיגער אַנטיבאָלשעוויסטישער אַרמיי זיינען מיטגעגאַנגען אַ סך בירגער, צווישן זיי אויך יידן און יידישע סאָציאַליסטן, מענשעוויקעס. פונדעסטוועגן האָט מען שוין אין דאַרניצאַ אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען פון מיליטער, וואו „עדי־ראיה“ האָבן דערציילט: די יידן שיסן פון די פענסטער, זייערע ווייבער גיסן זודיג וואַסער אַראָפּ אויף די פרייוויליגע און כדומה נאָך אַזעלכע מעשיות. אין דער שטאָט גופא האָבן די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרס געעפנט עטליכע שטאַב־קוואַרטירן, פון וואַנען זיי האָבן געפירט די פּאָגראָם־באַוועגונג. מיר זיינען שוין ווידער געזעסן הינטער פאַרריגלטע און פאַרהאַקטע טירן און אין פאַרזאַמלונגען פון אַלע איינוואוינער פון אונזער הויז נר׳ 68 אויף דער וולאַדימיר־גאַס האָבן מיר זיך עצות געהאַלטן, וואָס פאַר אַ מיטלען קאָנען מיר אָננעמען אויף צו באַשיצן זיך קעגן אַן אָנפאַל. דעמאָלט האָט גענומען דאָס וואָרט אונזער אַ שכן, וואָס האָט זיך ניט לאַנג געהאַט אַריבערגעקליבן צו אונז אין הויף און האָט זיך אָנגערופן פּראָפעסאָר טשאַאַדאַיעוו,

און האָט אונז גענומען איינרעדן, מיר זאָלן למען השם צוגרייטן זודיג וואַסער און פאַרזאָרגן זיך מיט ביקסן. דער דאָזיגער פאַר־שוין האָט אונז אויסגעוויזן זעהר חשודיג, בפרט וואָס ביי אים זיי־נען געווען אָפטמע איינגייער צוויי אָפיצירן, וואָס האָבן גערעדט פּויליש, און וואָס ער האָט זיי פאָרגעשטעלט ווי זיינע סעקרעטאַרן. אָט דער טשאַדאַיעוו האָט אויך געהייסן קאָגאַן און איז געווען, לויט ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, אַ משומד און האָט געהערט צו די אָרגאַניזאַטאָרן פון די יידן־הריגות.

איין מאָל אין אָוונט, בעת דער דאָזיגער פאַרשוין האָט אַנט־וויקלט פאַר אונז זיין „סטראַטעגישן" פּלאַן, איז אונז אַלעמען, אפילו אונזערע קריסטליכע שכנים, געוואָרן שווער אויפן האַרצן. איצט האָבן מיר געוואוסט: דער ערגסטער שונא זיצט צווישן אונז, און קיינער האָט זיך ניט דערוועגט דאָס אפן אַרויסצוזאָגן. אין די דאָזיגע פינף שרעקליכע טעג זיינען טשאַדאַיעוו־קאָגאַן מיט זיינע מיליטערישע באַגלייטערס געווען די איינציגע, וואָס זיינען אָפּט פון שטוב אַרויסגעגאַנגען. אונזער חשד האָט דורך דעם געקראָגן אויך אַ דירעקטע באַשטעטיגונג.

דערווייל האָבן די פּרייוויליגע זיך צוריק אומגעקערט אין שטאָט, און די אויסראַטונג פון די יידישע שטיבער האָט זיך איצט אָנגעהויבן אין גרעסטן מאַסשטאַב אהן שום שטער. שול־גין האָט דעמאָלט אויף די שפּאַלטן פון זיין ציימונג אָנגעהויבן אַן אָפענע מלחמה קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. אין הריפותדיגע חקירות האָט ער אַרויסגעדרונגען, ווי אַזוי מען האָט געקאָנט שיסן דורך די פענסטער, אַראָפּגיסן זודיג וואַסער. ביינאַכט האָבן זיך אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף הייזער, וואָס זיינען געדיכט באַזעצט מיט יידן. מען האָט צעבראָכן שויבן פון פענ־סטער, געשלאָגן ווייבער און קינדער, דערהרגעט מאַנסבילן און אומעטום געראַבעוועט און געגזלט. בכדי ווי עס איז זיך צו ראַטעווען פון די עינויים — די באַפעלקערונג האָט דעמאָלט

נאָך ניט אין גאַנצן אָנגעוואָרן די אמונה אין אַ „געזעצליכער“ מאַכט — האָבן גאַנצע גאַסן אָנגעהויבן צו שרייען און צו רופן צו הילף. מיר האָבן די ליכט אויסגעלאָשן און אָפּהענטיג און פֿון יאוש האָבן מיר זיך צוגעהערט, ווי עס רעשט די שחיטה, ווי עס פֿאַלן די שויבן.

עס קאָן שוין קיין זאַך ניט אויסמעקן פֿון באַוואוסטזיין דאָס געדעכניש פֿון יענער נאַכט, ווען עס זיינען אויסגערויבט געוואָרן די פּאַראַלעלע קוזנעטשנאַיאַ גאַס און די נאָהענטע בלאַגאָוועשטשענסקאַיאַ. דער לאַרים און דער רעש זיינען אַריינגעדרונגען צו אונז ביזן זעקסטן גאָרן און זיינען כּסדר אַליץ נעהענטער געקומען. קיינער האָט ניט געוואוסט קיין וועג, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. נאָך דעם זעלבּיגן טאָג איז געקומען צו אונז מיט סכנות נפשות אַ באַפריינדעטע רוסישע דאָקטערשע ניקאַנאָראָוואַ מיט דער דעה צו באַהאַלטן ביי זיך אונזער משפחה. מיין פֿרוי און איך האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט פֿון אָט דער פֿרייגטשאַפטליכער טובה. אַלע טענות פֿון דער איידעלער פֿרוי, וואָס איז געקומען אונז צו ראַטעווען, האָבן ניט געפּועלט, וואָרום מיר האָבן ניט געהאַלטן פֿאַר פּאַסיג אין די דאָזיגע שווערע טעג פֿון נויט זיך אַרויסצומאַכן אויף אַזאַ אופן פֿונם גורל פֿון אַלע איבעריגע שכנים פֿון הויז 68. אונזער ייִנגל איז געשלאָפֿן, מיין פֿרוי און איך זיינען געשטאַנען ביים פֿענסטער און האָבן זיך צוגעהערט צום פּאָגראָם-רעש. מיר האָבן מער קיין איין וואָרט ניט גערעדט צווישן אַנאַנד. מיר האָבן נאָר געוואָרפֿן איין בליק איינס אויפֿן אַנדערן און מיר האָבן אַליץ פֿאַרשטאַנען.

עס איז שוין ניט געווען קיין שום געדאַנק פֿון ווידערשטאַנד און אויסלייזונג. אויך די שרעק-געפֿילן האָבן אָנגעוואָרן אין גאַנצן זייער כּח. מיין גאַנץ באַוואוסטזיין האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטן גאַנצן כּח נאָר פֿאַר איין געדאַנק: דעם געדאַנק וועגן גאָט. טיף אין זיך האָב איך אין יענער שעה, ווען גורלות ווערן בא=

שטימט, געוואוסט: אפילו גאָט קאָן זיך דאָ ניט אַריינמישן, עס וואָלט געווען אויך קליינליך צו בעטן ביי אים הילף. ניטאָ מער גאָר קיין אויסוועג. מיין מוח האָט געאַרבעט פיבערהאַפטיג, דער גאַנצער פחד איז פאַרשוואונדן, עס האָט מיך נאָר אַרומגענומען אַ נשמה־וויטאָג.

און דערנאָך האָט זיך ווידער אומגעקערט דער קלאָרער בליק, עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ מוטיגע מנוחה און אַ גרויס וויסן איז צו מיר געקומען: פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט און עס פאַסט ניט צו בעטן ביי אים הילף. וואָס עס זאָל אויך געשעהן, גאָט איז פאַראַן און מיט אים איז תמיד עפּעס פאַראַן, און די פּאָזיטיווע עקסיסטעניץ פון גאָט איז געננג. זאָלן זיי נאָר קומען, זאָלן זיך אָנהויבן די עינויים און די פאַרטיליגונג אָהן ווידערשטאַנד, זאָל זיך די רציחה פייערן דעם נצחון, — אויף להכעיס דעם אַלעמען איז פאַראַן אַ גאָט, און גענוג דערמיט.

די פרייד מיט דער דאָזיגער דערקענטעניש, דאָס דירעקטע וויסן, אַז גאָט עקסיסטירט, זאָל זיין, אַז אים גייט גאָר ניט אָן איך מיט מיין גאַנץ האָב און גוטס, קלעקן שוין, זיינען פאַר מיר געננג. עס איז געפונען געוואָרן אַן אויסוועג, וואָס איז מער ניט אָפּגעהאַנגען געווען פון אַ מענשנס־האַנט און איז ניט פאַרבונדן געווען מיט אַ מענשנס גורל.

ערשט שפּעטער, נאָך אַ סך, אַ סך חדשים, בעת איך האָב אָפטמאָלס געטראַכט וועגן אָט דער מיט גאָטס־דערקענטעניש געבענשטער שעה, האָט מיר אויסגעוויזן, אַז דער אויסוועג, וואָס איך האָב דעמאָלט געזוכט און געפונען, איז גאָר ניט קיין ערדישער אויסוועג, אַז איך האָב זיך פאַרקערט שוין געזעהן און געשפּירט פּלוצים אויף יענער זייט פון אונזערע רוים־צייטליכע גרעניצן, אפשר אין אַ וועלט, וואו אונטער גאָטס השגחה ווערט אַנטשטומט איטליכע סוביעקטיווקייט. אַן איינוואוינער פון אַזאַ וועלט האָט פאַרשטייט זיך קיין איין מענש, — און זאָל ער האָבן

די געשטאַלט פון טייוול אַליין, — קיין שום בייז ניט געקאָנט טון.

די יאוש־פולע הילף־געשרייען, וואָס זיינען איצט געקומען פון טויזנטער און טויזנטער מענשן־העלזער, דאָס קלינגען פון די צעבראָכענע שויבן, די שטאַרקע קלעפּ און שיסערייען, וואָס האָבן אַליין פון דאָס ניי געהילכט און זיינען אַליין שטאַרקער אַריינגעדרונגען צו אונז אין די אויערן, האָבן אונז שוין ניט גע־רירט. איך בין געבליבן אין גאַנצן פאַרזונקען אין מיין נייער דערקענטעניש. דערווייל איז די אָקטאָבער־נאַכט פאַרביי, דער טאָג איז געקומען, די טויט־רייטער, געפירט פון די „פרייוויליגע" אָפיצירן, זיינען אַוועק.

דעם אַנדער טאָג, און אויך די שפּעטערדיגע טעג, האָט מען געקאָנט לייענען אין „קיעווליאַנין" שולגינס גלענצנדע חקירות איבער די „עינויים דורך שרעק" („פּיטקאַ סטראַכאָם"). ניט טייוולאָנישער רשעות האָט שולגין געמאַכט חוזק פון דעם אומ־עסטעטישן קאַמף קעגן די פּאָגראָמען מצד די פסיכיש און אויך פיזיש געפייניגטע יידן. די אומפאַרשעמטע יידן, ווי האָבן זיי דאָס געשריען און געלאַרימט ביי איטליכן אָנפאַל. דאָס ערגסטע דערביי איז, וואָס ער, שולגין, מיט זיין גאַנצער הייליגער משפּחה פונם „קיעווליאַנין" האָבן שלעכט געשלאָפן. דער „קיעווליאַ־נין" און די וואוינונג פונם דעמאָלטיגן גובערנאַטאָר דראַגאָמי־ראָוו זיינען געלעגן בשכנות פון דער באַרימט געוואָרענער קוז־נעטשנאַיאַ־גאַס.

עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז גאָר אין גיכן איז שולגין אַליין געטריבן געוואָרן דורך די טויט־רייטערס. אין זעקס וואָכן ארום איז די רויטע אַרמיי ווידער אַריין אין קיעוו, ווען ער האָט געמוזט אַנטלויפן קיין דרום און דערנאָך ווייטער אין דער פרעמד. דאָ האָט אָט דער פּאָליטיקער און זשורנאַליסט געפרובט אָפּ־געבן זיך אַ דין וחשבון וועגן זיינע גרויסע פּאַטריאָטישע אויפ־טואַכצן. פאַרשטייט זיך, עס ווערט שוין קיין וואָרט ניט דער־

מאָנט וועגן דער אייגענער אַנטדעקונג פון „עינויים דורך שרעק“. הער שולגין גלויבט, משמעות, שוין איצט אויך ניט מער אין די מעשיות וועגן דעם, אַז ייִדן זאָלן האָבן פון די פענצטער געשאָסן אין רוקן פון די פרייוויליגע. אָבער ער איז ניט אַזוי ערליך, זיך מודה צו זיין דעריין אָפן פאַר דער וועלט. בכדי פשוט און ערליך אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס מען האָט געזעהן און איבערגעלעבט, מוז מען האָבן מאָראַלישע כשרונות, און דאָס וועט איר ביי אַזעלכע פאַרשוינען פון שולגינס שניט קיין מאָל ניט געפינען. שולגין דערמאָנט זיך נאָר, אַז שפּעטער אין אַדעס, וואו עס זיינען אויך פאָרגעקומען גאַסן־געשלעגן צווישן די שוואַרץ־ווייסע און רויטע באָלשעוויקעס, האָט ער אַליין מיט די אייגענע אויגן געזעהן, ווי אַ קויל, וואָס עס האָט אויסגעשאָסן איינער אַ פרייוויליגער, איז אָפּגעשפּרונגען פון דער וואַנט, און עס האָט געקאָנט אויסווייזן, אַז דער שאָס איז געקומען פון אָפענעם פענסטער. צו אָט דער טעכנישער אַנטדעקונג, וואָס ער האָט געמאַכט, איז ה' שולגין נאָר מוסיף: איצט האָב איך אַ סך זאַכן פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב פריהער ניט געקאָנט תופס זיין... דאָס זאָל זיין אַ רמז, אַן אָנצוהערעניש אויף די קיעווער געשעהענישן. אָבער קיין איין וואָרט ניט פון חרטה, קיין ערליכער ווידוי. הער שולגין איז אַ דורכגעטריבענער חברה־מאַן. מען קאָן דאָך ניט וויסן, וואָס פאַר אַ ראָלע עס איז אים באַשערט אין דער צוקונפט: אַראָפּצוזעצן מאָנאַרכן אָדער ווידער ווערן אַ פירער פון נאַציאָנאַליסטן און הויפּטמאַן פון אַנטיסעמיטישע באַנדיטן ביי זיך אין דער היים אין „קיעווליאַנין“.

די אונטער־שמשים צווישן די פּאָגראָם־מאַכערס זיינען פּשוטערע חי־וקימס. דער כלומרשטער „פּראָפעסאָר“ און אמתער משומד טשאַדאַיעוו־קאָגאַן איז שפּעטער געשטאַנען בראש פון אַ פּאָגראָם־ביוראָ אין דער שכנישער וואַסילקאָווער גאַס. עס זיינען געווען אַ סך סימנים דערויף, אַז דער דאָזיגער

אויפגעבלאָזענער פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט אפילו ניט פאַר־מאָגט די געוויינטלעכע אומגאַנגס־פאָרמען פון אַ קולטור־מענטש, האָט צוגלייך געדינט אין דער דעניקינשער „קאָנטר־ראַזוועד־קאַ" ווי אַ שפּיאָן. בעת עס איז אויסגעריבן געוואָרן דער צו־קער־פאַבריקאַנט ל—ן, האָט מען זיך געווענדט צו אים. ער האָט אויך גערן אָנגענומען „מתנות".

נאָכדעם ווי מען האָט „זיגרייך" באַקעמפט די באָלשעוויס־טישע דיוויזיע, איז די שטאָט אַ צייט לאַנג איבערגעענטפערט געווען אין רשות פון אַזעלכע פאַרשוינען. אויך אונזער הויז איז ניט געבליבן פאַרשוינט אין גאַנצן. איין מאָל זיינען אין מיטן העלן טאָג אַריינגעדרונגען דריי אָפיצירן אין דער דירה פון אַ שכנישער משפּחה, וואו איך האָב געהאַט פאַר זיך אַן אַרבעטס־צימער. זיי האָבן שטרענג געפאָדערט, מען זאָל זיי אַרויסגעבן די יידן, וואָס האָבן געגאָסן זודיג וואַסער פון די פענ־סטער אַרויס און געשאָסן. זיי זיינען אויך אַריין צו מיר אין צימער, און איינער פון זיי, אַ מיאוסער פאַרשוין מיט אַ ציניש אויסדרוק אויפן פּנים, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ פּאָלאַק, האָט מיר אונטערגעטראָגן אַ רעוואָלווער צום פּנים און האָט גענומען שרייען: „ביסט אַ ייד, זאָג, און האָסטו גע־שאָסן?" דער הויז־קאָמיטעט, דאָס מאָל מיט אַן אוקראַינער בראש, האָט זיך צוגעקוקט צו דער סצענע שווייגנדיג און אין איין ציטערניש. די צוויי אַנדערע רוסישע אָפיצירן האָבן דעם פּאָלאַק באַרוהיגט און געהייסן לאָזן צו־רוה דעם „קאַראַאים" און פּראָפעסאָר פון אוניווערסיטעט. ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ קאַראַאים, איז מיר נאָך ביזן היינטיגן טאָג אַ רעטעניש. די אָפיצירן פון דער פרייוויליגער אַרמיי זיינען דערנאָך געבליבן אַ ווײַלע ביי מיר אין צימער און האָבן זיך נאָכגעפרעגט, וואו עס וואוינען דאָ אין הויז „רייכע יידן".

מיר האָבן אָבער, אַ דאַנק גאָט, ניט געהאַט קיין צייט זיך לאַנג צו פֿאַרנעמען מיט אונזערע איבערלעבונגען. אין זעקס וואָכן אַרום איז קיעוו ווידער געווען באָלשעוויסטיש. די געשעפֿטן און רעסטאָראַנען זיינען פֿאַרמאַכט געוואָרן, אַ סך הייזער באַקלעפּט מיט פֿוטוריסטישע פּלאַקאַטן, און אויף איינינגע פּלעצער זיינען אויפֿגעשטעלט געוואָרן, אומגעלומפּערט אויסגעאַרבעט פֿון ווייסן גיפּס, די הייליגע פֿון דריטן אינטערנאַציאָנאַל. מ׳ט אַ באַזונדער רציחה זיינען איצט אַרויסגעטראָטן די יידישע קאָמוניסטן קעגן די אייגענע גלויבנס=ברידער. ניט איין ייד האָט דעמאָלט געמוזט אַוועק פֿון דער וועלט, מחמת ער איז „חשוד אויף ספּעקולאַציע“. מען האָט די גאַנצע ליטעראַטור אין העברעאיש באַשולדיגט אין „קלעריקאַליזם“ און אין גאַנצן פֿאַרבאָטן. מען האָט געמאַכט הויז=זוכונגען אין יידישע געזעלשאַפֿטן און ביי אַזאַ געלעגנהייט איז קאָנפֿיסקירט געוואָרן אויף שטענדיג מיינע אַ גרעסערע רעליגיאָנס=פֿילאָסאָפֿישע אַרבעט, וואָס איך האָב איבערגעגעבן צו איבערזעצן אין העברעאיש. עס האָט זיך מיר בשום אופֿן ניט איינגעגעבן צו באַקומען זי צוריק.

אָבער די ראָד פֿון דער אוקראַינישער געשיכטע האָט אַליין ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן און האָט זיך ווייטער געקייקלט. אין משך פֿון זעקס וואָכן האָבן די פּאָלאַקן מיט דער הילף פֿון אוקראַינישע באַאַמטע באַהערשט אַ גרעסערן טייל פֿון לאַנד. אין מיין טאָג=בוך קאָן מען אונטערן 7 מאַי 1920 לייענען: „נעכטן, אַרום 6 אַזייגער נאָכמיטאָג האָבן זיך געלאָזט הערן 10 ביז 12 שאָסן פֿון האַרמאַטן. צי איז דאָס געווען די באָלשעוויסטישע מאַכט, וואָס האָט זיך אויף אַזאַ אופֿן געזעגנט, אָדער דאָס איז געווען די נייע מלוכה=מאַכט, וואָס האָט געגעבן די ערשטע סימנים פֿון לעבן? מיר ווייסן דאָס נאָך ניט. נאָך אין משך פֿון היינטיגן טאָג וועט זיך דאָס אויפֿקלערן. די יידן, אפֿילו די קרייזן, וואָס געהערן צום שפּיץ פֿון דער קולטור, האָבן די דאָ=

זיגע טעג פֿאַרבראַכט פֿול פּחד און אומזיכערקייט. איצט האָט די נייע מאַכט באַדאַרפֿן אויסהאַלטן איר „מלוכה־עקזאַמען“. איך פֿערזענליך זעה צו באַרוהיגן באַקאַנטע און האָף, אַז אַלץ וועט אַראָפּ גלאַט. זינט נעכטן רעגנט עס. אייניגע זאָגן: „דאָס פֿאַרגיסט די נאַטור טרערן ביים געזעגעניש“, אַנדערע פֿאַרקערט נעמען אָן דעם שלאַקס־רעגן ווי אַ „מיטל צו דעזינפֿעקציע“. ווידער אַמאָל און נאָך אַ מאָל טענה׳ע איך צו זיך אַליין און צו די מענשן אַרום: זעהט איר, איר קטני אמנה! ניט נאָר די נאַטור, נייערט אויך די געשיכטע קאָן ניט אין אַ קליינער מאָס אַרויסרופֿן אַכטונג צו זיך. אויך איבער די שאַפֿונגען פֿון די מענשן הייננט אַ גזר־דין. דער מיראַזש פֿאַרגייט און דאָס געפֿיל פֿון ווירקליכקייט נעמט אונז פֿאַרכאַפֿן“.

„10 מאַי. נעכטן און אייערנעכטן זיינען די פּאָלאַקן אַריינגעטראָטן אין קיעוו. אַ גלענצנדע אַרמיי. אָבער די דאָזיגע מאַכט פֿון די פּאָלאַקן ווירקט איבערצייגנדיג נאָר אויפֿן ערשטן בליק. נאָך אַ פֿערטל שעה צוקוקן האָט מען זיך דערפֿילט, אַזוי ווי אַן אָפּערעטע. די פּאָלאַקן האָבן דעם דאָזיגן איינדרוק נאָך פֿאַרשטאַרקט, דורכדעם וואָס זיי האָבן געלאָזט דורכרייטן זייער קאַוואַלעריע צו עטליכע מאָל אין איין און דער זעלביגער גאַס. איך האָב דערביי זיך געקלערט: דאָס איז גענומען ביי די דייטשן, יענס ביי די פֿראַנצויזן א. אז. וו. — און דאָס איז דאָס אייגענע גוטס פֿון די פּאָלאַקן. אָבער די פֿעהיגקייט אויפֿצונעמען עפּעס פֿרעמדס און צו טון דאָס אויף אַ גרינגען אופֿן געהער געוויס צו די „טאַלענטן“. די רוסישע באַפֿעלקערונג קוקט אויף דער דאָזיגער שפּיל מיט שנאה, די אוקראַינער באַציהען זיך דערצו מיט געמישטע געפֿילן, די יידן, וואָס רעאַגירן דאָ שטורעמדיג אויף יעדער נייס, זיינען מער באַכישופֿט פֿונם הילוך, פֿון דער פּאָזע, פֿון די תנועות פֿון די פּוילישע אדונים. איך בין פֿאַרחידושט: אין זייער גאַנצן באַנעמען איז ניטאָ קיין

רמז פון רעפּובליקאַנישן גייסט. ווי זשע זעהט דאָס אויס ווייטער קיין מערב־צו? מיר דוכט, אַז אין גאַנצן גבול פון אייראָפּע־אישן קאָנטינענט געברויכט מען דאָס וואָרט „רעפּובליקאַניש" ניט לויט רעכט. מיר זיינען מער ניט קיין מאָנאַרכיסטן און די רע־פּובליק זיצט אויך שוואַך אין זאָטל. אַן אַנטליען פרעמד־וואָרט, וואָס דער פּשט זיינער איז פאַרלאָרן געגאַנגען. ווי עס ווייזט אויס, זיינען די מאָנאַרכיעס פון אויבן פאַרביטן געוואָרן דורך רעפּובליקן פון אויבן.

דער המון פון דער שטאָט האָט געמאַכט פאַרגלייכן צווישן דער פּוילישער אַרמיי און צווישן די באָלשעוויסטישע אָפּגערי־סענע־אָפּגעשליסענע זעלנער. די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן האָבן אין גרויסע פּלאַקאַטן מיט בענקשאַפט געפרעגט: „וואו איז ער?" און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז די פראַגע איז שייך צו זייער נאַציאָנאַלן העלד פּעטליורא. די פּאָלאַקן האָבן זיך צעלאָזט אין אימפּעריאַליסטישע חלומות. זיי האָבן גערעדט וועגן דאָן און וועגן קרים און זייערע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער האָבן געפּרובט איינרעדן די יידן, אַז זיי קלערן צו פאַראייניגן אין פּוילן דעם רוב פון יידישן פאָלק. זיי האָבן אָבער אין ער־גייץ קיין פּאָליטישן אָפּקלאַנג געפונען, און דאָס פּויערטום האָט זיך באַצויגן צו זיי דירעקט מיט שנאה. אין די רוסיש־נאַציאָ־נאַליסטישע קרייזן האָט מען אָנגעהויבן אונטערצוברומען: גליי־כער שוין די „אייגענע" באָלשעוויקעס, איידער די פּוילישע באַ־צווינגער. אפילו די „יידישע קאָמוניסטן" האָט מען פאַר איין וועגס מקבל באהבה געווען. די פּאָלאַקן האָבן בכלל גערעדט זיך פאַרהאַלטן קאָרעקט, הגם זיי זיינען ניט געווען בכח צו שטערן, אַז זייער מיליטערישע „יוגנט" זאָל ממש גיין אויף געיעג אויף די לאַנגע בערד פון די רוסישע גייסטליכע און פון די פרומע יידן. ניט איין שטאָלצער ייד האָט געזאָגט: „גלייכער אַ פּאָג־ראָם מצד באַרבאַרן, איידער די דאָזיגע שאַנד מצד די „ציווילי־

זירטע״. איך האָב געפּרובט זיך צו דערקלערן אָט די קעגנגאַ־טירליכע תאווה פון די פּאָלאַקן דורכדעם, וואָס אין פּוילישן חייל זיינען פאַראַן אַמעריקאַנער פּאָלאַקן, וואָס טראָגן קיין בערד ניט״.

אונטער די דאַטע פון 13 ביז 14 יוני 1920 האָב איך גע־שריבן: „איך בין מיט מיינע געדאַנקען ניט געקומען צום טוף, בינתים שוין אַ נייע מלוכה־איבערקערעניש; די גלענצנדע פּאָלאַ־קן זיינען געווען געצוואונגען אָפּצוראַמען דעם אָרט פאַר די באָל־שעוויסטישע וויסע־חברה׳ניקעס. די באָלשעוויקעס זיינען מיט אַמאָל געוואָרן נאַציאָנאַלע העלדן, און דער שם פון די פריי־ווילינע, וואָס האָבן זיך דערוועגט צו קאָאָרדינירן זייערע מלחמה־אָפּעראַציעס קעגן רוסלאַנד מיט די פּאָלאַקן, איז שטאַרק גע־פאַלן״.

דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַל־רוסישער אינסטינקט און דער סאָציאַלער אינסטינקט פון די אוקראַינישע פּויערים (די אַלטע שנאה צום פּוילישן פּריץ!) האָבן אָנגעהויבן צו ווירקן, הגם די קלאַנגען וועגן גענעראַל וראַנגעל און זיין פּאָליטיק, וואָס זאָל כלומרשט זיין מער פרייהייטליך אָריענטירט, האָבן גענומען אָפּשוואַכן דעם ניי אויפגעוואַכטן פּאַטריאָטיזם. קיין קיעוו איז גראָד אָנגעקומען די ידיעה, וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש, אַז די דייטשן האָבן צוגעזאָגט וראַנגעלן הילף. אין יענער צייט האָט מען שוין געהאַט אָנגעוואָרן די אמונה אינם גוטן ווילן פון דער אַנטאַנטע און מען האָט געווענדט דעם בליק צו דייטשלאַנד. איצט, אַז איך שרייב די דאָזיגע שורות, ווייסן מיר נאָך עפּעס מער. דער פּרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק מילעראַן האָט עס ניט לאַנג עפנטליך מודה געווען אין זיין אַפריקאַנישער רעדע: „פראַנקרייך האָט אין יאָר 1920 אָנערקענט די רעגירונג פון גענעראַל וראַנגעל, נאָר בכדי דורכ־דעם צו ראַטעווען פּוילן״.

און פוילן איז טאַקע געראַטעוועט געוואָרן, מיר אָבער אין אוקראַינע זיינען ווידער אַרונטערגעפאַלן אונטערן באָלשעוויסטישן יאָך. די פּאָלאַקן האָבן אויפגעריסן דעם גרויסן בריק איבערן דניעפער, האָבן אונטערגעצונדן די סחורות, וואָס זיינען געלעגן אויפן וואָקזאַל, און זיינען זיך אַוועק. גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג האָבן גענומען אָנטייל אין ראַבירן דאָס גוטס, וואָס די פּאָלאַקן האָבן איבערגעלאָזט, און האָבן קוים באַמערקט, ווי עס האָבן צו ביסלעכווייז גענומען אָנקומען די באָלשעוויסטישע סאָלדאַטן פון אַלע זייטן אין שטאָט אַריין. דער המון האָט נאָך ניט געגלויבט, אַז די פּאָלאַקן גייען אין גאַנצן אַוועק, און האָט זיך געהאַלטן לפי ערך רוהיג.

אַרום מיטאָג=צייט בין איך געשטאַנען נאָך מיט עטליכע שכנים פאַרן טויער פון הויז און האָב זיך צוגעקוקט צו דער פרידליכער אַנאַרכיע. מיט אַמאָל באַווייזן זיך, ווי פון אונטער דער ערד, פיר באָלשעוויסטישע זעלנערס. איינער איז דרייסט צוגעגאַנגען צו אונז: „איר דערקענט מיך מער ניט? איך בין דער קאָמאַנדיר ס—ו, וואָס איז געווען פריהער אויף קוואַרטיר ביי אייך אין הויז“. ער האָט נאָך ניט געענדיגט רעדן, איז אַרויס פון אונזער הויז דער פוילישער גראַף פ., אַן אָריגינאַל, וואָס האָט געצויגן זיין חיונה דערפון, וואָס ער האָט אויף די מערק געמסחרט מיט געטראָגענע קליידער. „אַ, אַ!“ — האָט זיך דער באָלשעוויסטישער קאָמאַנדיר ס—ו געווענדט צו פ.: „אַ גוטן טאָג, גראַף פ—י, איצט איז געקומען אייער סוף. זייט אַזוי גוט און גייט נאָך מיר!“ דער ביי זיך אַראָפגעפאַלענער גאַסן=הענדלער פ. איז אין איין כהרף עין צוריק געוואָרן דער מוטיגער גראַף פ.: „איך בין אין אייער רשות, חבר ס—ו!“ ער האָט אפילו מיט די אויגן ניט אַ פינטל געטאָן, נאָר ער האָט גענומען שפּאַנען עטוואָס פאַמעלאַכער און מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל אויף די ליפּן. פאַרקערט, די זעלנער, וואָס האָבן אים אַוועק=

געפירט, האָבן אויסגעזעהן זעהר בלאַס, און אין זייערע הענט האָבן געציטערט די ביקסן, וואָס זיי האָבן פעסט איינגעדריקט אין די פויסטן. איך האָב זיך געווענדט צו ס—ון מיט דער בקשה, ער זאָל דעם אומשולדיגן פ. פריי לאָזן, און האָב דערביי געפילט, אַז דאָס איז אומזיסט, עס איז נימאָ קיין כח אין דער וועלט, וואָס קאָן אָפּווענדן דעם אכזריותדיגן גזר־דין. "חבר ס—וו" האָט אויף מיר עפּעס קרום אַ קוק געטאָן און זיין בליק האָט מיר געזאָגט: וואָס, דיר איז אויך דיין לעבן דערעסן?

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען געזעהן דעם גראַף פּ. ליגן אויף אַ שכנישער גאַס מיט אַ צעשמעטערטן שאַרבן. דער פיינער אַלטער קאָפּ, וואָס אַזוי פיל דורות האָבן אים פּאַוואָליע אויסגעפורימט, האָט קיין וואָרט ניט געפונען אויף איינצובעטן זיינע רוצחים. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ס—וו האָט פריהער זעהר גוט געלעבט מיט פּ., וואָס ער איז ביי אים איינגעשטאַנען קוואַרטיר. ס—וו פלעגט אים אפילו ברענגען מתנות. די לעצטע צייט אָבער איידער עס זיינען געקומען די פּאָלאַקן, האָט דער אָריגינאַל און קמצן פּ. ניט געוואָלט מער פאַרזאָרגן ס—וון מיט וואַסער. און איצט האָט יענער דערפאַר זיך נוקם געווען.

אָט דער אַקט פון נקמה האָט אויף אונז אַלע שווער גע־דריקט. אַ צייט לאַנג האָב איך אויף זיך געפילט אַ טייל שולד פאַר דער דאָזיגער רציחה. איך בין דאָך געווען דערביי און האָב קיין כח ניט געהאַט צו ראַטעווען אַ מענשנס לעבן. נאָך אַ סך אַנדערע פאַרברעכנס, וואָס דאָס אויער קאָן זיי ניט סובל זיין, זיינען באַגאַנגען געוואָרן קעגן די איינוואוינער פון אונזער הויז און קעגן באַקאַנטע. אָבער קיין איינער פון זיי איז ניט אָפּ־געטאָן געוואָרן אין מיטן העלן טאָג, ביי אונז אַלעמען אין די אויגן, אין אַזוי עסטעטיש קלאָרע פאָרמען. דאָס, וואָס אין דעם פאַל איז גראָד אַ ניט־ייד געפאַלן פאַר אַ קרבן, הגם פון דער האַנט

פון אַ גרויס־רוס, האָט שטאַרק באַשווערט מיין געוויסן. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרלירן די אינעווייניגסטע רוה, וואָס איך האָב זיך אַזוי שווער אויסגעקעמפט אין משך פון אָט די באַוועגונגס־פולע יאָרן. טאָג און נאַכט האָב איך זיך פאַרנומען מיט דעם איין געדאַנק, ווי אזוי רייסט מען זיך אַרויס פון אָט דעם טייוולס־בריק. די רוה האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס אומגעקערט צו־ריק, ווען אין צוויי וואָכן אַרום האָט זיך אַריינגעקליבן אין דער דירה פון פ. זיינער אַ לייבליכער ברודער. דער צווייטער גראַף פ. האָט גערירשעט דעם ברודערס האָב און גוטס, אָהן צו זיין באַזונדערס באַטריבט. גיכער פאַרקערט. דאָס איז שוין די טבע פון אַ מענשן: אַ צווייטנס נידעריגקייט מאַכט פריי אונזער געוויסן.

דאָס לעבן איז זיך ווייטער געגאַנגען. איך האָב געגרייט האָלץ און געטראָגן וואַסער, האָב פאַרבראַכט לאַנגע נעכט אין פינסטערניש און קעלט, האָב זיך אַריינגעטאָן מער אין מיין אַקאַדעמישער אַרבעט און געמיהט זיך אַריינצודרינגען אין די מאַיעסטעטיש רוהיגע נשמות פון דעם פרומען כלל־ישראל. בעת דרויסן האָט גערעגנט, בעת עס האָט געבושעוועט ווינט און שטו־רעם, האָב איך אָפטמאָלס געקלערט וועגן „ועד" און וועגן „קהל", וועגן יענע מלוכה־ענליכע אינסטיטוציעס, וואָס מיט זייער הילף זיינען די עלטער־עלטער־זיידעס געווען ביכלת אויסצוהאַלטן אין אוקראַינע. די געדאַנקען האָבן זיך געשפילט מיט בילד'ער פון דער צייט פון די האַידאַמאַקעס און כמעלניצקי, און די פאַנ־טאַזיע האָט מיט חידוש זיך פאַרקוקט אין די געשטאַלטן פון פראַנקיזם און חסידות, וואָס האָט אויפגעבליט גראָד אין יענע קאַנטן. עס האָט נאָר געפעלט די אוקראַינישע פויערשע הלבשה, די ברייטע ווייסע פלודערן, צונויפגעשטשאָבעט פון לייוונט, און דאָס ווייסע שעפסן־פעלצל, וואָס די חסידישע עלטער־זיידעס האָבן געטראָגן, בכדי צו פירן ווייטער, ווי אַ נסתר, זייער באַ־

גייסטערט לעבן. איך האָב זיך געפילט פאַרבונדן מיט יענע קדושים ותמימים, וואָס האָבן זיך באַגעגנט מיט דער אינעווייניגסטער וועלט. און עס איז מיר געוואָרן וואַרים אויף דער נשמה און ליכטיג ארום מיר, אַזוי אז איך האָב נאָך געפונען געגוג כּחות אויף אַוועקצוגעבן אַ ביסל וואַרימקייט יענע מיטמענשן, וואָס האָבן זיך אויף מיינע וועגן באַגעגנט. דאָס סכּנות־פולע, אָרימע לעבן איז אייגגעזונקען אין דער רעליגיעזער פּאָעזיע, און ניט איינעם צווישן אונז איז גרינג געוואָרן.

פונדעסטוועגן איז די שאַפונג פון דער וועלט געגאַנגען ווייטער שטילערהייט פאַר זיך. און אַז די זון האָט געשיינט און איך האָב געזעהן, ווי דאָס גראָז איז געוואַקסן און די בוימער האָבן געבליט, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון מיינע חלומות, האָב פאַרטריבן די פּאָעזיע פון קהל און פון די האַידאַמאַקעס, און אַ שטורמישער פאַרלאַנג איז געבוירן געוואָרן: אַוועק פון דאַנען! צום גליק האָט מיך ניט פאַרלאָזט דער געדאַנק, אַז דעם „אבן שתיה", דעם שטיין, וואָס איז איינגעמויערט אין תהום אונטער דעם אויבערשטנס הייליגטום, קאָן מען געפינען אויך אין די תהומות, וואָס דער טייוול אַליין איז זייער בריק געוואָרן. און איך האָב געגראָבן און געזוכט מיט התמדה, און נאָך איידער ס'האָבן זיך געענדיגט די צייטן, אַזוי אַז מען האָט ערנסט געקאָנט קלערן וועגן אַרויסגאַנג, בין איך זוכה געווען צו דער פרייד צו לעבן נאָך אין לאַנד פון די ענוים און תמימים, וואָס זיינען קיין מאָל ניט, אַזוי ווי איך, געווען געפּענטעט דורכן חלום „איראָפּע". הינטערן טייוולס־בריק פליסן לויטערע, טיפע וואַסערן, און די אוקראַינע וויים נאָך הייגט פון מענשן, וואָס טרינקען פון זיי און שטילן זייער דאָרשט.

## VIII. אין לאַנד פון די תמימים.

פרוב איך איצט פאַר זיך, ביחידות, זיך אָפּצוגעבן דין וחשבון פון דעם, וואָס זיינען געווען די טיפערע מאָטיוון, וואָס האָבן מיך בשעתו באוואויגן צו לאָזן זיך קיין מזרח, מוז איך מודה זיין: ניט די געשיכטע אין פּאָליטישן, מאַכטהאָבערישן זין האָט מיך ווען עס איז געצויגן. די גרויסע געשעהעניש, וואָס די רוסישע וועלט האָט אויף איר געוואַרט, איז פאַר מיר ניט געווען די רעוואָלוציע. נאָך צו צוואַנציג יאָר האָט מיך אָפּגעשראָקן די „אידיי־פיקס“, וואָס שטעקט אין אַלע רעוואָלוציעס. דעמאָלט האָב איך עס אַרויסגעזאָגט אין אַ שריפט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן גייסטיגן אינהאַלט פון דער צייט ערב דער מערץ־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד (די 1840־ער יאָרן!), אויף אַזאַ שטייגער: דאָס, וואָס אין אַזעלכע צייטן קלאַפּט שטאַרק און הויך דער לעבנס־דופק, האָט אפילו גורם געווען צו דער מיינונג, אַז נאָר די מענשן פון די רעוואָלוציע־יאָרן זיינען פון דער געשיכטע מיט אַן אמת באַגליקט, אַנטקעגן זשע ווערט געשטעלט וואָכעדיג און גראָה, פויל און אומעטיג דאָס לעבן פון די אַנדערש באַשאַפענע געשיכטליכע תקופות. דער דאָזיגער לעבנס־באַנעם, וואָס בעצם באַטייט ער אַ יאוש אין וואָסערע עס איז פּאָזיטיווע פאָרמען פונם קולטורעלן קיום, איז אַ דורך און דורך פּעסימיסטישער און מאַכט לכתחילה צו נישט דאָס, וואָס ער שאַפט דורך זיין אַרויסווייז אין לעבן. קוקט מען אַריין צום פּסיכאָלאָגישן גרונט פונם דאָזיגן באַנעם,

באַקומט מען די פאָרמעל: „רעוואָלוציע לשם רעוואָלוציע“, אָדער אין בעסטן פאַל: רעוואָלוציע נאָר צוליב איין זייט פון לעבן. דער הערצאָס פון דער מאַסן־רעוואָלוציע האָט מיך שוין דערמאָלט אָפגעשטויסן, און שטענדיג האָב איך תיקף דערזעהן דעם עזות־פנים און טומלער, וואָס באַלייט יענעם ווי אַ שאָטן, אויף אַלע זיינע פאַרפלאָנטערטע וועגן און שטעגן! איך האָב געוואָלט דעם סאָציאַליזם, ווייל מיר איז געווען דערווידער די רעוואָלוציע מיט איר ניהיליזם. און אַז איך האָב איין מאָל נאָכגעשריבן אָסקאַר אוּאיילד: איך שפיר מיך „איינס מיט יענע הייליגע פון די באַריקאַדן“, בין איך יאָרן לאַנג ניט געווען בכח צו פאַרגעסן דעם צער איבער דעם דאָזיגן חטא. מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט דער מייסטער, וואָס איז שטענדיגביידן, סיי דער רעוואָלוציע און סיי דעם פיליסטער, געווען אַ דאָרן אין אויג, דער מייסטער מיט זיין אויסדערוויילטקייט, ווי זי איז אַרויסגעוואַקסן פונם גייסט פון די רעפאָרמאַציע־צייטן. איך האָב ניט געוואָלט וויסן ניט נאָר פון לאַיאָלאַ און פון ראָבעספיער, נייערט אויך ניט פון ניצשע און פון מאַרקס. אויב העראָאיזם, דאַרף דאָס זיין אַ שטענדיגער, וואָס פאַרקערפערט זיך ווי אַ פעולה און שאַפן אין טאָגטעגליכן לעבן פון פרט און כלל. בשום אופן ניט קיין לעבן מחמת פעסימיזם און יאוש, און זאָל עס אפילו קאָסטן אונזער לעבן גופא! אויב שוין אָנקניפן אָן טראַדיציעס, איז מיר שוין די אייראָפעאישע טראַדיציע פון 16־טן יאָרהונדערט ליבער, ווי די פון 18־טן.

איך האָב, בכן, ניט געבענקט נאָך דער רעוואָלוציע, וואָס איך האָב זי לכתחילה געקענט, פונקט ווי איך בין געווען ביכולת ביזן סוף צו פאַרשטיין אירע שלים־מזלדיגע געגנער. מיך האָט געצויגן גאָר אַן אַנדער זאַך: די האָפענונג אויף אַ רעפאָרמאַציע, וואָס זאָל זיין באַרופן צו שאַפן אַ פאַרבינדונג צווישן דער קולטור־איינשטעלונג און צווישן דעם טאַלענט צו ציוויליזאַציע, צווישן

דעם אינדיווידועלן און דעם סאָציאַלן גייסט, דערפאַר אָבער איז
אין דער רוסן=מלוכה קיין גלייכער וועג ניט געווען אָנגעברייט.
איידער נאָך די רעוואָלוציע האָט פאַר גאָר דער וועלט איר אמתן
פרצוף=פנים אַנטפּלעקט און איז אַרויס אין מלחמה קעגן גייסט —
גייסט באַטייט פאַר דער הוילער אידעאָלאָגיע דאָס זעלביגע, וואָס
אינטעלעקטועלע דעמאַגאָגיע — האָבן שוין די קירך און די
מלוכה געהאַט אַרויסגעטראָטן אין אָפּענעם קריג קעגן אַלץ, וואָס
איז גייסטיג. שטענדיג איז דאָס אַזוי, אַז די אָרגאַנען פון דער
גרויסער כלל=געשיכטע ווערן געבלענדט פון דעם גייסטיגן ליכט,
און זיי זוכן עס אויסצולעשן. אַלע אין רוסלאַנד ווייסן די גע=
שיכטע, ווי אַזוי די קירך האָט ניט אַנדערש געוואָלט אַרומנעמען
אַלצדינג און אַלצדינג אונטער איין פאָרם אַרונטערברענגען — דאָס
האָט שוין דער פּאַטריאַרך ניקאָן אָנגעהויבן. די קירך מיט אירע
מיטן און הייליגע, מיט איר השגחה איבער די נשמות האָט זיך גע=
שטעלט אין דינסט פון דער מלוכה, און די מלוכה איז געווען שוין
גאָר גרייט אַרויסצואַרבעטן אַ מין קריסטליכן „איסלאַמיזם“. דאָס
פאָלק האָט זיך קעגן דעם אַנטקעגנשטעלט און ניט געוואָלט
דערלאָזן, אַז די רעליגיע זאָל אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט
פון דער מלוכה. דאָס איז געשעהן דורכדעם, וואָס אין די איינציגע
דאָרף=געמיינדעס האָבן זיך „רעליגיעזע זוכענישן“ אַקטיוו אַרויס=
געשטעלט, „הייליגע קרייזן“, „רעליגיעזע ראָטן“, פאַרבאָרגענע
סעקטעס האָבן געשטרעבט צו שטילן דעם דאָרשט נאָך רעלי=
גיעזן אמת. דער אייביגער מאמר החוזר פונם דאָזיגן פאָלקס=
גלויבן איז גאָטס נאָהענטקייט, זיין התגלות אין הייליגע עדות,
וואָס זיינען פאַרכאַפּט פון אָרגיאַסטישן ברען. זיי האָבן געגלויבט
צו זעהן דעם אויסלייזער אַליין אין זייער „הייליגן קרייז“.

בעת די קירך איז איבערגעענטפערט געוואָרן אין רשות פון
דער מלוכה, האָט דאָס פאָלק באַהאַלטן די „זקנים“ און די
קדושים פון דער קירך פאַר זיך גופא. צוואַנציג מיליאָן מענשן

האָבּן די סעקטעס אַריינגענומען אין זיך אין דער פֿאַררעוואָלוציאָ=
נערער צייט. „כליסטי“, „סקאָפּצי“, „דירניקי“, „מאָלאָקאַנעס“,
„בעזראַבּאָטניקי“ „שטונדיסטן“ א. אז. וו. און אַז. וו. — דאָס
זיינען די נעמען פֿון די דאָזיגע גאָטזוכער אָהן אַ צאָל. ווער עס
האָט ניט געהאַט אָנגעוואָרן דעם כּח פֿון געהער, האָט געקאָנט
הינטער דעם פֿליגל=געריש פֿונם רוסישן צווייקעפּיגן אָדלער
אַרויסהערן דאָס שטילע בּרומען, זומען און זינגען פֿון די דאָזיגע
מיליאָנען געטרייע דינער צום „הייליגן גייסט“. זיי האָבּן מיט
התלהבות דודס מזמורים געזונגען, געלייענט מיט כּוונה „דאָס
לעבּן פֿון די הייליגע“, אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט האָבּן
זיי זיך אָפּטמאָלס מיט זנות און גילוי עריות פֿאַרנומען, האָבּן
בּשתיקה געבּראַכט מענשליכע קרבּנות אָדער האָבּן זיך גאָר אָפּגע=
זאָגט חתונה צו האָבּן און שיכּור=געטראַנקען צו טרינקען און
האָבּן געזוכט איינצושטעלן זייער לעבּן לויט די חוקים פֿון דער
תּורה, לויט אַ לויטערן, פּאַטריאַכאַליש=פֿייערליכן סדר. געווענדט
אָן דער איינשטעלונג און אָן דער געגנט, איז זייער לעבּן גע=
גליכן געווען אָדער צו אַ מכשפות=טאַנץ אָדער צו דער שטילקייט
און פֿוסטקייט פֿון אַ מעטאָדיסטישער סעקטע. אָבּער אַלצדינג,
וואָס זיי האָבּן געטאָן און וואָס זיי האָבּן אויסגעמיידט צו טון,
איז געווען לעבּעדיג און פֿול ענערגיע. נאָך מיט צוואַנציג יאָר
צוריק, איך בּין נאָך געווען אַ יונגער סטודענט, האָבּ איך גע=
האַט די גוטע געלעגנהייט צו בּאַגעגענען זיך אין פּוילן, וואוהין
די נויט האָט מיך געהאַט פֿאַרוואָרפֿן, מיט גאַנצע מחנות „בּעז=
ראַבּאָטניע“, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט זיי געהאַט אַהין פֿאַר=
שיקט. מען האָט זיי אַריבּערגעפּעקלט אין דער קאַטוילישער געגנט,
בּכדי צו פֿאַרהיטן אַזוי אַרום די פּראַוואָסלאַווישע בּאַפֿעלקערונג
פֿון זייער השפּעה. דאָס זיינען אַלץ געווען אַפּאָסטאָל=געשטאַלטן
מיט לאַנגע האָר און לאַנגע בּערד און מיט זייערע שטאַלטנע
שיינע פֿרויען. זיי פֿלעגן זינגען גייסטליכע לידער, דרשענען גאַנ=

צע טעג פּסוקים פון תנ״ך און פון ברית החדשה און האָבן געטענהט, אַז זיי מעגן לעבן ווי די פויגלען, ניט צו זייען און ניט צו שניידן. שפּעטער האָב איך אין דרום געזעהן די שבת־היטער און די גרים („זשידאָווסטווויושטשיע"). מיר איז אויך אויסגעקומען צו באַקענען זיך מיט די ראַציאָנעל־ניכטערע שטונדיסטן ביי זייער אַרבעט. זיי האָבן ניט געטרונקען קיין שיכור־געטראַנקען און ניט גערויכערט און אויך האָבן זיי קיין קללה פון זייער מויל ניט אַרויסגעלאָזט, און זייערע פעלדער זיינען געווען בעסער באַאַרבעט, ווי די פעלדער פון זייערע אַנדערש־גלויביגע שכנים.

אַזוי אַרום האָב איך שטענדיג געוואוסט — אָהן צו קלערן מכּח דעם אַ סך — אַז ערגעץ וואו אין גרויסן רוסלאַנד, ווייט אָפּגעשיידט פון מלוכה און קירך, לעבן זיך פּשוטע, ערליכע פויערים־נשמות און פירן זיך שטילערהייט אַ געוואַלדיגן קאַמף פאַר אַ רעליגיעזער ווירקליכקייט. זיי האָבן אָבער זייערע אמתן אין דער גרויסער וועלט ניט געקאָנט אַרויסטראָגן. דאָרט האָט די מלוכה און אַליין, וואָס האָט פאַר און קעגן איר געקעמפּט, געהאַט די אויבערהאַנט. דער קריג איז געקומען, און גאָר אַפילע פון די סעקטירערס זיינען גערופן געוואָרן צו דינען פאַר סאַניטאַרן. אין יאָר זעכצעהן האָט מען געהערט דערציילן וועגן אַ סעקטע, וואָס איז מיט ווייבער און קינדער געגאַנגען איבער שטעט און דערפער. זי האָט אירע טריט געווענדט קיין מערב, כּדי צו פּרעדיגן אין די טראַנשייעס: קריג דעם קריג. האָט די מלוכה אַ באַפעל אַרויסגעגעבן זייער גאַנג צו פאַרהאַלטן.

נאָכן קריג איז געקומען דער מוראדיגער חורבן. אָבער אָט די אָרימע און שטילע אין לאַנד זיינען ווינציגער פון אַלעמען דורך אים אָנגערירט געוואָרן אין דער נשמה. גאַנצע מחנות צווישן זיי האָבן צייט זייער לעבן געוואַרט אויפן אַנטיכריסט און שטן, וואָס דאַרף אָנקומען פאַרן גואל. און דער אַנטיכריסט איז געקומען. זיי האָבן געטראַכט עסכאַטאָלאָגיש, און איצט איז

טאַקע געווען דער קץ, דער סוף פֿון דער וועלט. זייערע העָ־ראָען זײַנען געווען און געבליבן די געשטאַלטן פֿון אַלטן און פֿון נײַעם בונד, און אָפּטמאָלס האָט עס געטראָפֿן אין די טראַנשייען, בעת די הפסקות צווישן צוויי אַטאַקעס, האָבן זיי זיך מיט היץ מתווכּח געווען וועגן דעם, וועמעס שטול אין הימל איז העכער — צי אהרן הכּהנס אָדער דעם אַפּאָסטאָל פּוילוס. זיי האָבן בתּמימות נאָכגעפֿאָרשט מכּח דעם, וואָס קאָנען קלערן משה רבנו און קריסטוס וועגן אָט די מענטשן־שחיטות און וואָס קאָנען זיי זאָגן דערצו, וואָס די ערדישע שׂרי צבא און דיפּלאָמאַטן זאָגן און טוען. דאָס איז אין פּלוק פֿאַר זיי געווען גלייכגילטיג. די רעוואָ־לוציע האָבן זיי בעסער תּופֿס געווען: דאָ איז פֿאַר זיי אַרויסגעָ־טראָטן דער אַנטיכריסט בכבודו ובעצמו, אַזוי ווי ער לעבט און לעבט אין זייערע נשמות זינט דורות לאַנג. דאָ איז אַלץ קלאָר און פּשוט.

איבער דעם קריג איז אין דאָרף אַ סך געלט אַריין. די פֿרויען־וועלט האָט מער זעלבשטענדיקייט געקראָגן. עס האָט זיך דערוועקט דער חוש פֿאַר מותרות און לוקסוס. די מאַטעריאַלי־זאַציע פֿון לאַנד איז היפּש אויסגעוואַקסן. דער לאָזונג פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע: „רויב דאָס גערויבטע!" — אַ רוסישע וואַריאַציע פֿון מאַרקסס עקספּראָפּריאַציע פֿון די עקספּראָפּריאַ־טאָרס — האָט דאָס זייניגע געטאָן. אַגראַר־פּאָגראָמען האָבן זיך אויפֿגעריסן אין גאַנצן לאַנד, אויסגעמעקט זײַנען געוואָרן אַלע סימנים פֿון מאָראַל און רעכט. די סאָציאַלע באַציהונגען האָבן זיך אָנגעטאָן אין אַ קריגערישן קלייד. קריגערישע רויב־ווירט־שאַפֿט אויסגעמישט מיט אַ שטאַרקן מערקאַנטיליסטישן ביי־טעם האָט פֿאַרכאַפּט די נײַע מלוכה און אירע איינוואוינער. נאָר ביים דענקען איז דער נײַער סדר פֿון לעבן געבליבן שטיין. די אַזוי אָנגערופֿענע געבילדעטע האָבן ווייטער, ווי פֿריהער, געמאָסטן און געשאַצט דאָס לעבן לויט זייערע אידעאָלאָגישע פּאַרטיי־

כּלים, און די מאַסן פון די אָרימע און קליינע האָבן ווייטער געטראַכט מיטאָלאָגיש און עסכאַטאָלאָגיש. דאָס לעבן אין זיין גאַנצן פאַרנעם ווערט, פּונקט ווי פריהער, באַצוואונגען און באַהערשט דורך די מיטלען פונם מיטאָס און פון דער לעגענדע, פון דעם מעשהלע און פון אָבערגלויבן. איז אין פּעטערבורג, אין ציטאַדעל פון דער „געקרוינטער" רעוואָלוציע, געבאָרן געוואָרן אַ קינד מיט עק און הערנער — אַ שד מיט די ביינער — אַ סך מענשן, אַלע האָבן אים געזעהן. אין אַנדערע ערטער האָבן גאָטס מוטער און אַ סך הייליגע אויף די בילדער מיטן פּנים צו דער וואַנט זיך אויסגעקערעוועט, בכדי דעם שמוץ און די צרות ניט אָנצוקוקן. און אין אַ גרויסער שטאָט אין דרום האָבן די תורה און דער קרייץ וואָכן לאַנג געפירט צווישן אַנאַנד אַן אמתע מלחמה. היינט ביינאַכט איז די ספר־תורה אין אַ שכנישער שול אויף דער פּאָדלאָגע אַראָפּגעפאַלן און איז געבליבן ליגן אויף שטיקער צעריסן, און אין דער זעלביגער צייט האָט דער קרייץ אויפן קירכן־דאַך אין אַ פרישער שיין געגלאַנצט און געלויכטן, אויפס ניי באַגולט ניט דורך אַ מענשנס האַנט. און אויף מאָרגן ווידער איז דער קרייץ אָפּגעבלאַקירט, די פּנימער פון די הייליגע זעהען אויס פאַרחושכט, און די ספר־תורה האָט ווידער פאַרנומען איר בכּבודיגן אָרט אין ארון קודש. די פאָרשטעלונגס־וועלט פון די הייליגע ספרים און פון דער קירך גייט אַרום מיט די קליינע מענשעלאַך, די רעוואָלוציע פונם רייכטום, פונם אייגנס, פון מאַכט און רעכט האָט קיין צוטריט ניט אין דער וועלט פון די האַרציגע מיטן.

מען איז נאָך אַליין פאַרחידושט איבער דער שנאה צום יידן, וואָס באַלייט די צעטרייסלונגען פון דער רוסישער אימפעריע. טייל רעוואָלוציאָנערן — גראָד די ערליכע צווישן זיי — פאַרברעכן די הענט און באַשולדיגן די מאַסן אין אַנטיסעמיטיזם. צי זיינען יענע — טענהן זיי — טאַקע געשלאָגן מיט בלינדקייט, צי זעהען זיי דען ניט, אַז אפילו ביי היינטיגן טאָג האָט נאָך

קיין איין ייד ניט זיין אייגנס אַ שטיקל ערד — דעם טייערסטן אוצר פֿונעם „מוזשיק“, צו דעם האָבן זיי ניט אָנגעגעגנט „בורזשואַס“, געבילדעטע און פֿאַרמעגליכע יידן, ווי זיי האָבן מחנותוויז דאָס לאַנד פֿאַרלאָזן, און צי דען האָבן זיי גופֿא ניט געקעמפֿט זייט בײַ זייט מיט יידישע פּראָלעטאַריער אויף די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע פֿראָנטן קעגן די גרויסע פּריצים און שוואַרץ-ווייסע „גענעראַלן“? וואָס פֿאַר אַ ניט-גוטער דרייט די מאַסן אין ראָד און פֿאַרבלענדט זיי די אויגן, זיי זאָלן צווישן פֿריינט און פֿיינט ניט קאָנען מבחין זיין?

אומזיסט וואַרטן די רעוואָלוציאָנערן אויף אַן ענטפֿער. די פֿאָרשטעלונגען פֿון זייער אייגענעם געדאַנקען-אַרסענאַל זיינען דאָס ניט בכּח צו געבן. ייד איז פֿאַרן פּויער, פֿאַר אָט דער גאַנצער וועלט, וואָס טראַכט אין קירכליך-קריסטליכע השגות, לחלוטין ניט גלייך צו אַ פּאָלאַק, אַ דייטש, אַ פֿראַנצויז א. אַז. וו. דער ייד מאָלט זיך בשום אופֿן ניט אויס אין זיין מוח ווי דער אָדער יענער קאָנקרעטער מענש. ער באַטייט פֿאַר אים דעם פֿאָרשטייער און דעם טרעגער פֿון געגנערישער פּאַרטיי אין מלכות-השמים, אין גאָר דער יצירה. און איטליך וואָרט און איטליך טואַכץ פֿון אַ יידן מעסט ער מיט דער מאָס, וואָס איז גענומען פֿון יענער העכערער פּאַרטיי-פּאָזיציע. פֿאַרן ניט-יידן איז דער ייד אַ סך מער ייד, ווי דער ייד איז דאָס פֿאַר זיך אַליין. ער, דער קריסט, מיינט ער, טוט און לעבט אַזוי, ווי אַ שוואַכער בשר ודם איז געוויינט צו לעבן. ער איז דאָך ניט מער ווי אַ ילוד אשה, און זיין סוף איז שטאַרבן. זאָל אים דער אויסלייזער ביישטיין! פֿון יידן אָבער פֿאַרלאַנגט ער אַ לעבן און טון „איבער די כּחות“, לויט איבערמענשליכן שטייגער.

דער אַנטיסעמיטיזם שאַצט דעם כּח פֿון יידן גיכער צו הויך, איידער צו נידעריג. צום באַדויערן, פֿאַרשטייט דער ייד דאָס ניט אויסצונוצן, זיין זעלבסטבאַוואוסטזיין ווערט דורכדעם ניט געהויבן

און ניט געשטאַרקט. אין דער אמתן גיט זיך אויך דער ייד אונטער
אין זיין טון און ניט=טון די געזעצן פון דער דיפערענצירונג, פון
דער ספּעציפיקאַציע, און נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי דער
ניט=ייד. דעם יידן פעלט אָפטמאָלס אויס אַן אַקטיווער ווירקונגס=
צוזאַמענהאַנג, וואָס מען איז זיך נוהג אים אָנצורופן היסטאָריש=
פּאָליטישער, היסטאָריש=נאַציאָנאַלער. עס זיינען געוויינטליך
פאַראַן עטליכע ווירקונגס=איינהייטן אָדער צוזאַמענהאַנגען, וואָס
אין זיי איז דער יידישער מענש אַריינגעשטעלט אין זיין טאָגטעג=
ליכן שאַפן און לעבן. אָבער דער ראַדיוס פונם אַלין=כוללדיגן
ווירקונגס=צוזאַמענהאַנג איז אַ סך קירצער, ווי ביים ניט=יידן. ער
האָט ניט דעם רעאַלן גרונט פון אַן אייגענער געשיכטס=פאָרמאַציע.
וואָס די געשיכטע טראָגט די אַנדערע אומזיסט, דאָס מוז ער טאָג=
טעגליך, כסדר אויפס ניי פאַר זיך איינעמען. ער מוז עס טון
אין אַ סך פאַרשיידנאַרטיגע ווירקונגס=צוזאַמענהאַנגען. ער ליידט
דערפאַר פון אַ צו שטאַרקער סענסיבּיליטעט, ער מוז זיינע חושים
שטענדיג האַלטן געשאַרפט און געשפּיצט. בעת דער ניט=ייד
ווערט אויפגעוועקט צו אַקטיווקייט נאָר דורך לפי ערך גרויסע גע=
שעהענישן, טוט דער ייד רעאַגירן שטורמיש אויף איטליכער מינד=
סטער קלייניגקייט. און ווייל ער פירט אויס, אַזוי אַרום, זיין לעבנס=
אַרבעט אויף אַזאַ איבּערנאַטירליכן שטייגער, ווערט ער אַליין
אין די אויגן פונם ניט=ייד צו אַ גרויסער — איבּערגרויסער געשע=
העניש, וואָס אפילו אַ באַשעפעניש מיט טעמפּע חושים הויבּט
דערויף אָן שטורמיש צו רעאַגירן. דער ייד איז און בּלייבּט די
גרויסע געשעהעניש פאַרן ניט=ייד, און בפרט איז ער דאָס אין
די אַזוי אָנגערופענע היסטאָרישע צייטן, וואָס דעמאָלט איז דאָס
טון פונם ניט=ייד געווענדט פונם צענטער אַרויס, לויטן באַפעל פון
זיין אייגענער מלוכה= און פאָלקס=געשיכטע, וואָס דעמאָלט, הייסט
עס, טרעט ער צו אויסבויען אָדער אויפצוריכטן אַ כוללדיגן
היסטאָרישן ווירקונגס=צוזאַמענהאַנג. דעריבער איז די שנאה צום

יידן צום שטאַרקסטן דאָרט, וואו די פעלקער מאַכן „געשיכטע“. דער איינציגער חילוק איז, וואָס די ווינציג ציוויליזירטע אינסצענירן אַ פּאָגראָם, די מיטל ציוויליזירטע נעמען זיך פאַר באָיקאָט, און די אַזוי גערופענע העכערע זוכן אַ מיטל אין גייסטיגער פאַרגיפטונג. די אוקראַינישע יידן — צוויי יאָר נאָכאַנאַנד איז זייער גורל אויך מיין גורל געווען — זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטערן לעבנס־געזעץ פון אַ ניט־ציוויליזירטן פאָלק, וואָס האָט איצט ערשט געהאַט צו קעמפן פאַר אַן אייגענעם היסטאָרישן צענטער. עס האָט אַנדערש ניט געקאָנט געמאָלט זיין. אָנפאַלן אויף יידן האָבן געמוזט קומען, און געווענדט אָן צייט און אָרט, האָט מען זיי געשלאָגן, גערויבעוועט, געשאָכטן פאַר וואָס זיי זיינען יידן, פאַרוואָס זיי זיינען אוקראַינער, פאַרוואָס זיי זיינען באָלשעוויקעס אָדער גרויסרוסן — צי איינס נאָכן אַנדערן, אָדער אַלצדינג גלייכצייטיג. פאַר איטליכער געשיכטע פון די פאַרשיידנאַרטיגע געשיכטע־שאַפער האָט דער ייד געמוזט דעם אָפּגאָב צאָלן. ער איז געווען און געבליבן שטענדיג די פרעמדאַרטיגע געשעהעניש, וואָס אפילו דער מיט צו טעמפּע חושים געשטראָפטער האָט שטורמיש רעאַגירט אויף איר.

דאָס אָרימע, געפּייניגטע מענשן־קינד, וואָס די וועלט האָט דעם אויפן פּלייצע דעם געלן קין־צייכן „יוד!“ „זשיד!“ אָנגעקלעפּט, איז לחלוטין ניט יענע ריזיגע בריאה משונה, ווי דאָס פרעמדע אויג וויל דאָס זעהן. אין זיין טון און אין זיין אָפּהאַלט איז ער אַזוי פאַרשיידן, ווי פאַרשיידן עס זיינען די ווירקונגס־צוזאַמענהאַנגען, וואָס אין זיי איז ער אַריינגעשטעלט. זיין חוש פאַר גלייכהייט האָט מער אַ נעגאַטיוון כאַראַקטער. אים האָבן אַרויסגעבראַכט די געגנערשאַפט, די שנאה און רשעות פון דער גרויסער וועלט. קיין אייגענער פּאָזיטיווער כוללדיג־היסטאָרישער ווירקונגס־צוזאַמענהאַנג איז ניטאָ, איז אָפּטמאָלס צעבראָכן אין שטיקער, מוז ערשט אויפס ניי אויסגעבויט ווערן. מיט מיינע אויגן האָב איך

טאַקע געזעהן, ווי אַזוי דער סאָוועט־ייד, על פּי רוב אַ האַלב־גע־בילדעטער יונג, וואָס איז פאַרוואָגלט געוועז פונם קליין־שטעטל פון געוועזענעם תּחום, האָט גערודפט די געבילדעטע, די „קלע־ריקאַלע" און „בורזשואַזע" יידן. איך האָב אָבער אויך געזעהן, ווי אָט דאָס זעלביגע בחורל האָט נאָך די פּאָגראָם־מעשים פון דער פרייוויליגער אַרמיי, ע"ה, זיך מעשה זעלנער אויפן פערד געזעצט און איז מיט מסירת נפש אַנטקעגן שונא אין שלאַכט אַרויס. ניט ווינציג פון די יידישע יונגע לייט, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרשריבן ביי די פרייוויליגע, זיינען נאָך די פּאָגראָמען מחנותווייז אַריבער צו די רויטע, בכדי דורכדעם נקמה צו נעמען פאַרן געשענדטן בלוט פון זייערע מוטערס און שוועסטערס. די געבילדעטע, די „קלעריקאַלן", די „בורזשואַ", זיינען אויך ווייטער געבליבן אָפענע אַנטי־באָלשעוויקעס. און איך אַליין האָב געזעהן בכבודיגע יידן, וואָס האָבן אָנגעשריען אויף די מוטיגע בחורים: פון אייך, ימח שמוניקעס, ווילן מיר ניט געשיצט ווערן. איידער אַזעלכע באַשיצער, שוין גלייכער דער טויט!

אַן אַנדער עלטערער ייד, לויט זיין פּראָפעסיע אַ טאַנדעטניק, וואָס בעת דער באָלשעוויסטישער ממשלה האָט מען אים מיט זיינע זין אַריינגעזעצט אין אַ דירה ביי אונז אין הויז, האָט געהאַט גאָר אַנדערע השגות. ער האָט געקראָגן חשק צו פאַרקויפן פרעמדע זאַכן, און אַז איך, וואָס איך בין דעמאָלט געווען פּאָרזיצער פונם שכנים־קאָמיטעט, האָב אים פאַרבאָטן דאָס צו טון, האָט ער גע־נומען שרייען אויף מיר: וואָס? די „מדינה" האָט מיר דאָס אַליין געשאָנקען פאַר די דריי זין, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אין דער רויטער אַרמיי קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס (איינער איז דערביי גע־פאַלן). וואָס אַרט מיך פאַרן אייגנטומס־רעכט פון די „בורזשו־יעס"? די „מדינה", האָט ער געטענהט, האָט מיר אַלע שטוב־כּלים געשאָנקען. עס איז אָבער געווען גענוג, איך זאָל אים דער־מאָנען, אַז יידן האָבן טאַקע אין אַלע צייטן געליטן פון פּאָג־

ראָמען, אָבער זיי אַליין האָבן, ווערליג איך וויים, נאָך קיין מאָל קיין פּאָגראָם ניט געמאַכט, — בכדי דער אַלטער זאָל אָפּגעבן צוריק אַלע זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט צוגענומען, ביז דער מינדסטער קליינינקייט. שפּעטער האָט ער אויפן נאָס פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, און איטליכס מאָל, ווען ער האָט מיך באַגעגנט, פלעגט ער מיר אַריינשטעקן אַ פּאַפּיראָס, און דערביי פלעגט ער מלא שמחה, מוסיף זיין: איר זייט גערעכט, איך טענה דאָס אויך שטענדיג: יידן ליידן פון פּאָגראָמען, אָבער אַליין מאַכן זיי קיין מאָל קיין פּאָגראָם ניט. און מיט אַ פאַרשפּיצטן שמייכעלע: אַ פּאָגראָם איז ניט קיין יידישע פּרנסה, ס'איז נאָר אַ יידיש אומגליק. — שפּעטער, אַז די באָלשעוויקעס זיינען ווידער געזעסן פעסט אין זאָטל, האָט דער אַלטער ווידער געהאַלטן מיט דער „מדינה“ און האָט שוין ניט אַרויסגעלאָזט מער די זאַכן, וואָס ער האָט זיך אויפּס ניי צוגעאייגנט. די אַלט באַקאַנטע דיאַלעקטיק פון דער מענשליכער קאָמעדיע.

דער „ייד“ זעהט אין דער אמתן גאָר אַנדערש אויס, ווי ער שטייט אויסגעמאָלט אין בוך פון די אַנטיסעמיטן און אויך — פון די אַסימילאַטאָרן. ער איז לחלוטין ניט קיין ריזן־באַשעפעניש מיט נטיות פון אַן איבערמענש. נאָר די וועלט פון זיין איבערלעבן איז גרעסער און טיפער, ווי זיין אַקטיווער אַרויסווייז. צעקאַלטשעט, ווי ער איז, מאַכט ער ביי איטליכן לעבנס־אַרויסווייז גרעסערע אָנשטרענגונגען, ווי מען איז דאָס געוויינט צו זעהן אַנדערשוואו. פונקט ווי דער קאַליקע, בעת ער באַוועגט זיך, לעבט ער איבער אַ סך טיפער אַלע אָנשטרענגונגען, וואָס ער מאַכט. ביים גלייכן טון און ניט־טון לעבט דער היסטאָריש צעקאַלטשעטער ייד איבער מער און אַנדערש, איידער דער ניט־ייד. בפרט געשעהט דאָס דאָרט, וואו דער פולדיג־היסטאָרישער ווירקונגס־צוזאַמענהאַנג האָט געקראָגן פּגימות און איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און איטליכער יחיד איז געצוואונגען אויסצואַרבעטן פאַר זיך אַ

פוללדיגן לעבנס=אינהאַלט. דאָ איז דאָס די עובדא פון דער אינעווייניגסטער געשיכטע צו פאַרטרעטן דעם אָרט פון דער אויסווייניגסטער, פון דער קאָלעקטיווער געשיכטע. און וואו איז דאָס נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי גראָד ביי דער מאַסע פון די מזרח=יידן!

וואו עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער פאַרבונד מיט דער געשיכטע פון אייגענעם פאָלק אָדער מלוכה, אָדער וואו עס איז נאָך ניט איינגעשטעלט געוואָרן קיין פאַרבינדונג מיט וואָסער עס איז גרויסער נאַציאָנאַלער געשיכטע, דאָרט זיינען געווים אַלע תּנאים צוגעגרייט פאַר אינעווייניג=שעפערישע פאָלקס=באַוועגונגען. די רעפאָרמאַציע=באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען די גערמאַנישע לענדער צום סוף פון אייראָפּעאישן מיטלאַלטער, באַווייזט אויך אויף אַ רייסן מיט אַ געשיכטע אָדער אויפן שטרעבן איבערצושאַפן פון דאָס ניי אַ געשיכטע, ניט ווינציגער, ווי די סעקטן=באַוועגונג אין רוסלאַנד. די אָרימע לייט און די תּמימים אין לאַנד זיינען שטענדיג די ערשטע, וואָס גיבן אַרויס דעם לאָזונג: „פּטור פון רוים“, פּטור פון דער קירך אָדער מלוכה, פּטור פון דער ממשלה פון אַן אויפגעצוואונגענער געשיכטע. און אַז זיי גייען שוין אַרויס „מעבדות לחרות“, בלאָנזשען זיי לאַנג אַרום אין פינסטערניש, איידער עס גליקט אָפּ צו דערגרייכן צו אַ נייער ערד און צו נייע ברעגעס. און שטענדיג גייט דאָס פאַרן מענשן אין ווירקונגס=איינהייטן אָדער צוזאַמענהאַנגען, וואָס זאָלן לכל הפּחות אַ טייל פון דער לעבנס=משא נעמען אויף זיך. מען וואַרפט אַוועק די אַלטע אויפגעצוואונגענע לעבנס=חברותא און געשיכטע, בכדי מיט מער ברען זיך איבערצוענטפערן אין רשות פון אַ פרייערער, אַנדערש געבויטער פאַראייניגונג. נאָר איידער זי איז אויפגעבויט, בלאָנזשעט מען אַרום און מען זוכט דאָס ליכט אין דער „פינסטערניש“.

אַזאַ ליכט איז אויפגעגאַנגען פאַרן מזרח=יידישן קיבוץ אין 18 יאָרהונדערט, און איך האָב נאָך זוכה געווען יונגערהייט צו

זעהן די טיפע שאָטנס פון אים. איך האָב דאָ אין זינען דעם חסידיזם און חב״דיזם, וואָס האָבן אין משך פון די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער פון גרונט אויס באַנייט די נשמות פון די יידישע מאַסן. אָנגעהויבן האָט זיך די באַוועגונג מיטן משיח השקר שבתאי צבי. ער און די זייניגע האָבן געהאַט בדעה ווידער איינצונעמען ירושלים. די היסטאָרישע אונטערנעמונג האָט געפּלאַצט, און „ירושלים“ איז אויפגעריכט געוואָרן אין דער נשמה פון איטליכן איינציגן, פונם פשוטן יידן פון פאָלק. די גיכע פאַרשפּרייטונג פון דער חסידות, וואָס האָט געשאַפן אַ נייעם שטייגער, אַ נייע באַציהונג צו גאָט און מענש, איז אַ ראיה דערפאַר, אַז די שבתאי-צבי-באַוועגונג איז געווען נאָר אַן אויסווייניגסטער אויסרייד פאַר אַ טיפער אינעווייניגסטער פאָלקס-באַוועגונג. און דער חסידיזם איז טאַקע גיכער אַ קאַמף קעגן די גערירשעטע היסטאָרישפּאָליטישע אידעאַלן פון יידישן פאָלק, איידער אַ שטרעבונג צו זיי. די לעבעדיג געוואָרענע רעליגיעזע ווירקליכקייט האָט דאָ באַדאַרפט פולקום פאַרבייטן דעם שלעכטן פּאָליטיש-היסטאָרישן און אויך ראַציאָנאַל געבונדענעם סדר. די מאַסן האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום זייערע אויסדערווײלטע „צדיקים“, וואָס האָבן אָנגעהויבן איבערצולעבן די נאָהענטקייט צו גאָט ווי אַן ענליכקייט צו גאָט. די צדיקים האָבן געקראָגן דעם רשות „צו בינדן און צו באַפרייען“, די דעה איבער גאָר דער וועלט איז אין זייער האַנט געגעבן געוואָרן, און די דעה איז פאַרשיכורט געוואָרן פון דעם לעבן, וואָס האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פריי און זיכער, ווי אַ כסדרדיגער מופת. דער סוד איז געוואָרן דער שפּייזער פון לעבן און דער מופת זיין מייסטער. און אַז קיין נס איז ניט געשעהן, האָבן די עדה און דער יחיד זיך גענומען בונטעווען, און אין זייער נאָמען האָט דער צדיק אַרויסגערופן כביכול דעם בורא עולם צום דין און צום קאַמף. און פונקט ווי אין די אַלטע ביבלישע צייטן האָט מען געמיינט צו זעהן די גאָטהייט פנים אל פנים, און די

נשמה איז פול געוואָרן מיט שטאָלץ און מיט הכנעה, מיט בטחון און מיט פרייהייט.

נאָך איצט היטן אָפּ פרומע נשמות אין דער אוקראַינע געטריי מיטן און לעגענדעס אָהן אַ שיעור, וואָס באַווייזן די געטליכע פאַרשיכורטקייט פון יענע דורות, זייער וואונדערליכן קאַמף מיט דער גאָטהייט. דער „באַרדיטשעווער רב", דער „רוזשינער" דער „ליבאַוויטשער", דער „קאָרעצער" און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע פירשפּרעכער פון די פאַרשיכורטע מאַסן, זיינען נאָך לעבעדיג אין פאָלקס באַוואוסטזיין, און ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל ווערן איבערדערציילט די וואונדערליכע מעשיות וועגן די אַלטע, און מיט צאַרטע הענט ווערט ווייטער געשפּונען דער הייליגער פאָדים. אין צענטער הויבט זיך אַרויס דער רבי, דער צדיק, ווי אַזוי ער שאַפט איבערן גורל פון דער גרויסער וועלט, פונם עולם האמת, ווי אַזוי ער טראָגט אויף זיך איר גרויסן צער און באַטיילט אַלעמען מיט הימלישע פריידן, ווי אַזוי ער איז מתפלל, ווי אַזוי ער איז זיך מתדבק צום בורא עולם און קומט צו „התפשטות הגשמיות", צו „ביטול היש", ווי אַזוי ער הייליגט דעם טאָג. און דער חסיד איז גרייט מפקיר צו זיין האָב און גוטס, אָפּצוגעבן די גאַנצע נשמה פאַר איין איינציג וואָרט דעם צדיקס:

פון כאַסלאַוויטש קיין ליבאַוויטש —
און וואָס הער איך אייך!
איך פאָר צום רבין, איך פאָר צום רבין —
און וואָס דאַרף איך אייך!

פון אַ וואָסער עס איז „כאַסלאַוויטש" ביז אַ וואָסער עס איז „ליבאַוויטש" און פון „ליבאַוויטש" ביז „כאַסלאַוויטש" שטורימט און ברויזט דאָס פאַרשיכורטע לעבן פונם חסיד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט דעם אָרגיאַסטישן ברען פונם פרייען, באַפליגלטן גייסט. פונקט ווי אַלע דינט ער צו די נויטן פון טעגליכן לעבן, קלאַפּט צו מיטן האַמער אָדער מסחרט, לערנט תורה און האָט

קינדער. אָבער די נשמה זיינע געהער צום רבין, זיין זין איז גע־ווענדט צו זיין „הוד שבתפארת״, צום אַנטפּלעקטן גרויסן וועלט־כוח. דורך דער נייער התגלות האָט ער אויך, דער בשר ודם, דאָס קליינע פּשוטע מענשל, אַ חלק אין דער דראַמע פון דער הויה, ער איז אַ פולבאַרעכטיגטער שותף אין דער הנהגה פון דער וועלט, און אַז עס איז נויטיג, וויים ער אויך אפילו קענן כביכול צו באַ־שטיין אויף זיין געטליכן רעכט.

און די לעגענדע דערציילט. געטראָפן האָט עס אום יום כפור. אין דער שטאָט באַרדיטשעוו איז די עדה יידן געווען פאַרזאַמלט אין שול אַרום איר באַרימטן רב רבי לוי יצחק און פאַרזונקען אין די יום־כפורדיגע תפלות. עס האָט גענעהנט דער אָוונט, די צייט פון „נעילת שערים״, ווען אויבן אין די הימלען דאַרף אָנגעחתמעט ווערן דער גזר דין, ווער זאָל לעבן און ווער זאָל שטאַרבן, ווער זאָל רייך ווערן און ווער זאָל אָרים ווערן, ווער זאָל האָבן מנוחה און ווער פאַרוואָגלט ווערן דאָס יאָר. און מיט אַמאָל איז די עדה געבליבן שטיין און גענומען זיך צוקוקן און צוהערן מיט גרויס חידוש. דער באַרדיטשעווער רב האָט געהאַט אויפגעהערט אין מיטן דאַוונען און האָט מיט אַ שיינענדיגן פּנים געקוקט צום הימל אַרויף. און פון צייט צו צייט האָט דער צדיק אַ פרייליכן, ליב־טיגן געלעכטער אַרויסגעלאָזט. איז מען געשטאַנען אַזוי און געגאַפט אויפן רבין, ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון זיין ליכ־טיגער צורה. נאָר קיינער האָט זיך ניט דערוועגט ביי אים צו פרעגן, וואָס איז דאָ די מעשה. מען האָט סוף כל סוף געענדיגט די תפלות, געבלאָזן די תקיעה גדולה, אָפּגעדאַוונט מעריב. מען צעגייט זיך אַהיים, מען דאַרף אָפּפאַסטן, דער רבי אָבער איז גאָרנישט ניט טועם. ער הייסט, מען זאָל צו אים ברענגען יאָסל דעם שניידער. לאָזן זיך תיכף דעם רבנס מקורבים אַוועק זוכן, און סוף כל סוף האָט מען געבראַכט צו פירן דאָס אָרימע שניי־דערל, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט קומען פאַרן

רבינס אויגן. איבער געוואַלד האָבן חסידים אַריינגעשלעפּט יאָס־לען, וואָס האָט געציטערט פאַר שרעק און אַוועקגעשטעלט אים פאַרן רבין. און דער רבי האָט זיך צו אים געווענדט מיט ליבליכ־קייט און פול פרייד: — דערצייל, וואָס מיט דיר איז געשעהן. — אָ, רבי, איר ווייסט דאָך שוין אַליין. און דער שניידער האָט אַזוי אָנגעהויבן:

זייַן בין איך אַן אָרימער בעל־מלאכה, נאָר איך האָב קיין מאָל קיין טענות ניט געהאַט צו גאָט און צו דער וועלט. אַליין, וואָס אַ ייד האָט צו טון, האָב איך מקיים געווען ביזן לעצטן פּינטעלע. די גאַנצע וואָך בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער, און מיין עובדא איז געווען צו פאַרריכטן די פּויערים זייערע פעלצלאַך. געגעסן האָב איך ברויט און קאַרטאָפּלעס, און נאָר פרייטאָג, ווען איך פלעג קומען אַהיים, פלעגט מיין ווייב מאַכן שבת פאַרן הויז־געזינד, ווי עס געשיקט זיך פאַר אַ יידן. קיין שלעכטע מחשבה איז מיר קיין מאָל אויפן זינען ניט אַרויף און איך בין שטענדיג גע־ווען שלום מיטן רבונו של עולם. דער רבונו של עולם האָט זיך געפירט די וועלט לויט זיין רצון, מיט אמת און יושר, און איך האָב געקלערט מיין וועלטל אָפּצוקומען לויטן מענשליכן רעכט. איך בין מיטן רבונו של עולם געווען צופרידן און האָב צו אים קיין טענות ניט געהאַט. עס האָבן גענעהנט די ימים־נוראים. האָט מען זיך געדאַרפט צונויפנעמען און מכין זיין צום יום הדין. מאַכט זיך גראָד אַזוי, אַז די פּויערים האָבן קיין אַרבעט פאַר מיר ניט געהאַט. בין איך מיר געזעסן אין דער היים פאַר־זונקען אין רעיונות, און ווייב און קינדער, וואָס האָבן געליטן דחקות, האָבן מיך מיט זייערע אויגן געשטאָכן. איך האָב שטי־לערהייט געליטן, אָבער אין מיין נשמה איז קיין שלעכטע מחשבה, חלילה, קעגן רבונו של עולם ניט אויפגעקומען. ער ווייס כביכול, וואָס ער טוט. נאָר אַמאָל פלעגט מיר איינפאַלן אַ רעיון: עס גייט צו יום טוב, דער יום טוב איז זיינער, ער האָט אים געהייסן

הייליג האַלטן, וואָס קלערט ער זיך? האָב איך געוואַרט. ערשט מיט אַמאָל א רעש פון רעדער און אַ קלינגעריי. דאָס איז געקומען צו פאָרן דער פּאָסעסער, האָט מיך מיטגענומען צו זיך אין הויף אַריין און באַפוילן אים אויסטראָיען אַ טולופּ אויף ווינטער אין איינע צוויי מעת לעת צייט. טראַכט איך בּיי זיך: דער רבונו של עולם ווייס, וואָס ער טוט, און נעם זיך מיט התמדה פאַר דער אַרבּעט. איז אָבער אויסגעקומען אַזוי, אַז פונם געוואַנט איז איבּערגעבּליבּן אַן אַרשין יתור. ניט לאַנג איבּערצוקלערן האָבּ איך גענומען און אַריינגעשטעקט דעם יתור אין שטיוול אַריין. געענדיגט די אַרבּעט, באַלאָדן מיט קאַרטאָפלעס און קרויט און באַשאָנקען מיט געלט, האָבּ איך זיך געלאָזט שפּאַנען אַהיים. אין מיטן וועג — ערשט מען יאָגט מיך אָן מיט אַ רעש, מיט אַ לאַרים. וואָס איז? עס קומט אָנגעלאָפן דער פּאָסעסער מיט אַ כּעס: דו האָסט געגנבעט, יאָסל! — געפונען טאַקע בּיי מיר דאָס שטיקל געוואַנט, צוגענומען בּיי מיר דאָס געלט און די מתנות, וואָס ער האָט מיר געהאַט געגעבּן, מיך נאָך גוט אויסגעפּאַטשט און איז זיך אַוועקגעפאָרן.

בּין איך מיר אַזוי געבּליבּן שטיין אין מיטן פעלד עלנט און צעבּראָכן, קוים וואָס איך האָבּ די פיס געשלעפּט, און האָבּ בּיי זיך געטראַכט: דו האָסט עס כּשר פאַרדינט, יאָסל. דיר קומט דער פּסק. דערמיט איז די מעשה אויס. אָבער פון וואַנען האָט דער פּאָסעסער געקאָנט וויסן, אַז איך האָבּ געגנבעט, ווי אַזוי האָט ער געקאָנט זיך אָנשטויסן? ניט אַנדערש, אַז דו, רבונו של עולם, האָסט אים אויסגעזאָגט. דער טולופּ איז געלעגן ווי אויסגעגאָסן, די אַרבּעט איז געווען געמאַכט, ווי ס׳געהער צו זיין. אַצינד ווייס איך עס. דו, גאָט, האָסט עס אים אונטערגעזאָגט, דו האָסט געמסרט אַ יידן, דו בּיסט א מסור, מסור, מסור! אַצינד וויל איך מער מיט דיר ניט האָבּן קיין מגע ומשא, וויל ניט וויסן פון דיינע ימים טובים. אַזוי בּין איך געקומען אַהיים מיטן ליידיגן.

וואָס ווייטער איז געשעהן, איז דעם באַרדיטשעווער שוין געווען באַוואוסט. ווייב און קינדער האָבן געוויינט און געקלאָגט, יאָסל דער שניידער האָט קיין איבעריג וואָרט פון מויל ניט אַרויס־געלאָזט, האָט אויפגעהערט דאַוונען און אָפּהיטן יידישקייט און איז אפילו ראש השנה אין שול ניט געגאַנגען. יאָסל האָט די „מסירה" ניט געקאָנט פאַרליידן. צווישן שכנים אַרום האָט מען אָנגעהויבן אונטערשמועסן: יאָסל האָט זיך נעבאַך פון זינען גערירט. עס איז געקומען ערב יום־כפור. אַ שטאָט יידן האָבן זיך געאיילט איבערצובעטן זיך, צו בעטן מחילה איינעם ביים אַנדערן. אַפילו מענדל דער שמיד מיט יואל פערדהענדלער, וואָס אַ שטענדיגע מחלוקת האָט געפלאַקערט צווישן זיי, האָבן זיך האַרציג איבערגעבעטן. יאָסל גייט כמעט אויס פאַר צער און קנאה. נאָר פלוצים האָט ער זיך מיישב געווען. אַוועקגעשטעלט אויפן טיש צוויי גלעזלאַך בראָנפן און האָט אַזוי געזאָגט: עס קומט אָן יום כפור. דו, רבונו של עולם, ביסט דער עלטערער צווישן אונז. דאַרפסט דו רעדן. בין איך אָבער ניט ראוי, דו זאָלסט מיט מיר רעדן, וועל איך פאַר דיר רעדן: מאָרגן איז יום כפור, יאָסל, בין איך דיר מוחל, וואָס דו האָסט עובר געווען אויפן לא תגנב. אַזוי האָט געזאָגט יאָסל און האָט מיט איין זופּ אויסגעטרונקען איין גלעזל. דערנאָך האָט יאָסל פאַר זיך גערעדט: אויך איך בין דיר מוחל, רבונו של עולם, וואָס דו האָסט מיך געמסרט — און האָט איבערגעקערט דאָס צווייטע גלעזל. און יאָסל דער שניידער איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועק מיט אַ פרייליכן האַרצן אין שניידערשן קלויז צו כל נדרי.

אַז יאָסל, דאָס אָרימע שניידערל, האָט געהאַט אָפּגעריכט זיין מחילה־בעטן, האָט אויבן ביים בית־דין של מעלה אָט וואָס פאַסירט. כביכול דער בורא איז געזעסן פאַרן אויפגעעפנטן ספר פון דין. רעכטס און לינקס זיינען געשטאַנען מחנות מלאכים און האָבן געוואַרט אויף זיין באַפעל. איז זיין הייליגער פנים

כביכול רויט געוואָרן פֿאַר בושה, ער האָט זיך טיף צוגעבויגן צום ספֿר, וואָס פֿאַר איִם, און אָהן צו וועגן און צו מעסטן האָט גאָט ברוך הוא אָנגעחתמעט אַלע יידן דאָס יאָר אַ חתימה טובה. אָהן חקירות ודרישות האָט דער אויבערשטער מבטל געווען פֿאַר דעם יאָר אַלע גזרות רעות אויף יידן.

דער באַרדיטשעווער רב, זכרונו לברכה, האָט דאָס אַליין צו־געזעהן און האָט דערלעבט נקמה, וואָס אַזאַ יאָסל, אַן אָרים שניידערל איז ביכולת פֿועל צו זיין! כביכול דעם רבונו של עולם אַליין האָט ער געקאָנט פֿאַרשעמען און אַראָפּברענגען או־מעטום מחילה וסליחה. און יאָסל גופֿא האָט זיך ווייטער געפֿירט זיין לעבן, ווי אַ ייד באַדאַרף זיך צו פֿירן, לויט אַלע דינים פֿון שלחן ערוך, און איז געווען פֿרייליך און אויפֿגעלייגט. גאָט ברוך הוא האָט, ווי פֿריהער, רעגירט די וועלט לויט די געזעצן פֿון יושר, און יאָסל האָט רעגירט זיין לעבן לויט געטליכן און מענשליכן רעכט.

אָט דאָס איז די גרויסע געשעהעניש אין דער חסידות, וואָס דערפֿון דערציילן אָהן אַ צאָל מעשיות, מיטן אין לעגענדעס. דער פֿאַטום איז באַצוואונגען, דער איינציגער פּשוטער מענש באַוועגט זיך פֿריי אין גאָטס פֿאַרבאָרגענער וועלט, איז ביכולת צו הייליגן זיין ווילן, אַזוי אַז די גאָטהייט גופֿא מוז זיך מיט איִם רעכענען. דער מענש, וואָס איז דערצו אויסדערוויילט, איז געוואָרן ענליך צו גאָט, און די שייכות צווישן מענש און גאָט איז געוואָרן אינטים־פֿריי, דורך ליבע באַשטימט. דער מעטאַפֿיזישער ווערט פֿון מענשן, זיין ווערט בכלל האָט זיך געהויבן, די שעפֿע־רישע קראַפֿט פֿונם יחיד איז שטאַרק אויסגעוואַקסן. דאָס אויס־וויינינגסטע טון, די „מצוות מעשיות“, זיינען עטוואָס אָפּגעטראָטן אויף צוריק קעגן דעם אינעווייניגסטן קענען און אויספֿירן. דאָ איז מיט אַן אמת מקוים געוואָרן דער פּסוק: עת לעשות לה׳ הפֿרו תורתך — עס איז אַ צייט, ווען צוליב דעם אויבערשטן מעג

מען צעבּרעכן די תּורה. און דער חסיד פֿלעגט טאַקע אַמאָל ניט אַזוי מקפּיד זיין אין אָפּהיטן די אַלע דינים און מנהגים, וואָס דער ראַציאָנאַליסטישער רבּניזם האָט איינגעשטעלט פֿאַר אים. אָבער נאָך מער האָט ער חוזק געמאַכט פֿון דער פֿאָרשטעלונגס־וועלט, וואָס די השׂכּלה האָט געוואָלט אַריינפֿירן בּיי יידן. ער איז פֿריי אַריבּערגעשפּרונגען איבּער די גרעניצן, וואָס די פֿאַר־שטאַנדס־קולטור האָט אָנגעצייכנט, און איז דערבּיי ניט בּאַוו־נ־דערס געווען צוגעבּונדן צו די תּאוות און צו די ערדישע ענינים. שטענדיג איז ער געווען גרייט צו פֿאַרזינקען אין שׂכּרות, תּמיד האָט ער געוואָלט אַרויסגיין פֿון זיך, פֿון דעם ערדישן לבוש, „התפּשטות הגשמיות“ איז זיין געוויינליך וואָרט. און אַז ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין ערנאָס און אין טאַנץ, „עד כּלות הנפש“, איז דערין ניט שווער געווען צו בּאַמערקן אַ מאָמענט פֿון שטילער איראָניע. ליבּע, טרונק, געזאַנג, טאַנץ זיינען פֿאַר אים, ווי ער איז זיך נוהג צו זאָגן, מיטלען „אָנצוטרייבּן“ דעם גייסט, — „אָנגעטריבּן“, אויפֿגעמונטערט וויל זיין דער גייסט — אָבער די אמתע שיכּרות איז נאָר אין גייסט גופא, ווי ער איז פּאַקטיש פֿאַרקערפּערט אין צדיק. אַן אַזוי אָנגערופֿענער אָבּ־יעקטיווער, אומפּערזענליכער גייסט, וואָס האָט ניט דעם לבוש פֿון אַ לעבּעדיגן אויסדערוויילטן מענטשן, האָט קיין ממשות ניט, און ער קאָן צו אים קיין שייכות ניט האָבּן. זיין גאַנצער מהות איז פֿול מיט בּענקשאַפֿט נאָך דעם גרויסן געטליכן מענטשן, נאָך דעם מענשליכן גאָט. און אָט דער אויסערגעוויינטליכער צענטראַל־מענש בּאַדאַרף גאָר ניט זיין בּאַהאַנגען מיט טיטלען און כּיבּודים, ער בּאַדאַרף אויך ניט זיין אָנגעשטאָפּט מיט תּורה און מיט חכמה. און דאָך האָט ער די גרויסע דעה. דער גרויסער סוד אַנטפּלעקט זיך שוין אין אונזער לעבּן, וואָס איז אָנגעפּילט איבּער די בּרע־גען מיט התגלות און מופתים. אפילו די אָפּשפּאָטער און אָפּ־

לאַכער פונם חסיד זיינען ניט בכח אַוועקצונעמען בײַ אים זיין הימלשן קאַפּיטאַל:

ווייסט איר וואָס דער רבי טוט,
אַז ער זאָגט חסידות?
צום הימל פליט ער אין איין מינוט
און עסט דאָרט שלש סעודות. — —

די פאָלקס־באַוועגונג פונם חסידיזם איז ניט געווען ביכולת זיך אַרויסצואַרבעטן צו אַן אַלגעמיינער רעפאָרם־באַוועגונג אין יידישן פאָלק, און דאָך איז עס קיין ספק ניט, אַז די באַנייאונג פונם מענטשליכן מהות, וואָס זי האָט גורם געווען, האָט מער נוצן געבראַכט יידן און דער וועלט, איידער די השכלה מיט איר אַסימילאַציע־רעזולטאַט און מיט אירע ציוויליזאַטאָריש־טעכנישע טאַלענטן. דירעקט פון דער חסידות האָבן זיך אַנטוויקלט היפּשע התחלות פון אַ יידישער מוזיק, מאָלעריי און ליטעראַטור, און קודם כל איז דורך איר אַ נשמה, אַ פרייע, בענקענדיגע און שטאַרקע נשמה אויפגעשטאַנען תחית המתים. און איצט מעג מען דאָס שוין אָפן אַרויסזאָגן: אינם קאַמף פון דער השכלה מיט דער חסידות, האָט די לעצטע, הגם אומדירעקט, געוואונען דעם נצחון. איצט דאַרף מען נאָר ברענגען דערצו, אַז אומעטום אין דער פעלקער־וועלט זאָל מען אויפהערן צו האַלטן דעם פאַר־שטאַנדס־ייד, דעם קהלשן קאָכלעפל פאַרן באַרעכטיגטן פאָר־שטייער פון יידישן פאָלקסטום.

אַזוי איז אין מזרח־יידנטום, פונקט ווי אין רוסנטום ניט גע־קומען צו קיין רעפאָרמאַציע אין זין פון דער אָפיציעלער היס־טאָריע. אָבער דער דראַנג דערצו איז איצט פאַראַן און קאָן זעהר גרינג אויפגעוועקט ווערן. אפילו בײַ די געבילדעטע איז ער לעבעדיג און אויפס ניי אויפגעוואַכט. די אויפקלערונג מיט דער וויסנשאַפט פאַרנעמט ניט קיין פירנדיגע ראָלע אין לעבן פון יהיד, זי האָט זיך געמוזט אַראָפּלאָזן צו דער מדרגה פון אַן

אויסוויינינגסטער מעטאָדע, וואָס מיט איר הילף קאָן מען באַקוועם איינשטעלן דאָס טעגליכע לעבן. אָבער מען דאַרף לחלוטין ניט אָננעמען, אַז די זוכעניש פון אַ לעצט רעאַלער, קאָנקרעט-רעליגיעזער ווירקליכקייט — אומעטום, וואו עס באַווייזט זיך דאָס דאָזיגע שטרעבן — איז אַ פועל-יוצא פון דער קריגס-רעוואָלוציאָנערער אויפטרייסלונג. ענליכע רעזולטאַטן וועלן זיך אַרויסווייזן אפשר ערשט אַ סך שפּעטער. די ניט-שטאַנדהאַפטיגקייט פון איצטיגן לעבן, די אומגעריכטע גרויסע געשעהענישן, וואָס פאַרשטעלן דעם איינגעוויינטן צוזאַמענהאַנג, האָבן דאָ און דאָרט אויפגעוועקט פון דאָס ניי לאַנג דרעמלענדיגע רעליגיעזע כחות. זיי האָבן אָבער אויך, ווי אומעטום אין דער מאָדערנער אייראָפּע, דירעקט באַפרוכפּערט דאָס אויפקומען פון מיטן און לעגענדעס. מען האָט גענומען שפּירן מער דעם צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרבאָרגענער וועלט פון די פאַרשטאָרבענע, און אפילו די דוממים האָט צו רעדן אָנגעהויבן. ווי אומעטום אין דער אויפגעטרייסלטער אייראָפּע האָבן זיך אַריינגעריסן אין די נשמות דער אַנימיזם און דער פעטישיזם, אָבער דער רעליגיעזער אינטימקייט, דער ניי-באַשאַפונג פון דער נשמה איז דערמיט ווינציג געהאָלפן געוואָרן. ניט נאָר דער צעהיצטער קאָפּ פונם רוס איז געשטאַנען דערביי, ווי עס איז געבאָרן געוואָרן אַן אמתער שד, האָט געפירט שמועסן מיט ניקאָלאַי דעם בעל-מופת (אַ הייליגער פון דער פּראַוואָסלאַווער קירך) און האָט געזעהן, ווי עס האָבן זיך געדרייט די הייליגע בילדער אויף די ווענט. אויך דער מיסטישער מהות פונם אוקראַינער יידן האָט זיך גענומען רירן און זעהן זעהונגען.

אַז די קריגס-קאָמוניסטישע קנעכטשאַפט איז שוין געווען ניט איבערצוטראָגן, האָט זיך דעם שמש פון באַרדיטשעווער שול באַוויזן דער גרויסער רב. ביינאַכט האָט אים דער צדיק, וואָס איז שוין לאַנג אַ שוכן עפר, פון שלאָף אויפגעוועקט. געהייסן אים אָנצינדן די ליכט פאַרן עמוד. און דער שמש האָט געזעהן,

ווי דער גרויסער באַרדיטשעווער האָט אין טלית ותפילין תפילה געטאָן. שטענדיג פלעגט נאָך אַזאַ זעהונג די מאַכט, וואָס האָט גראָד דעמאָלט געוועלטיגט איבערן לאַנד, מוזן אָפּציהען. דער רב פלעגט אַזוי אַרום אָנזאָגן איטליכס מאָל די נאָהענטע מפּלה פונם פּאָליטישן פיינגער. פּאָדאָלער יידן (פּאָדאָל איז דער יידישער טייל פון קיעוו) האָבן מיר דאָס דערציילט. און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן האָבן זיי מיר דערציילט.

אַזוי איז די שטאָט באַר אין פּאָדאָליע די גאַנצע צייט פון דער מוראדיגער פּאָגראָם=באַוועגונג געבליבן פאַרשוינט. און דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט אין באַר געוואוינט אַ צדיק — וואָס מען האָט זיין נאָמען אָנגערופן. האָט זיך איין מאָל געטראָפן, אַז דער דאָזיגער באַרער צדיק איז געווען אין וועג און האָט פאָרנדיג צוריק אום פרייטאג פאַרשפּע=טיגט און איז אָנגעקומען אַהיים נאָכדעם ווי יידן האָבן שוין גע=האַט אָפּגעריכט דעם פייערליכן קבלת פנים לכבוד דער מלכּה שבת. איז דער צדיק אַריינגעפאַלן אין גרויס עצבות. אַזאַ גרויסע עבירה איז געלעגן אויף זיין ביז איצט לויטערער נשמה. בכדי אים מפיים צו זיין פאַרן דאָזיגן צער האָט אים גאָט ברוך הוא געגעבן די מאַכט צו פאַרהיטן, אַז קיין מאָל זאָל די שטאָט באַר ניט געשטראָפט ווערן מיט אַ פּאָגראָם. באַנדיטן פון אַלע אַר=מייען און פון אַלע פעלקער זיינען געקומען און זיינען אַוועק, אָבער אויף דער שטאָט באַר האָבן זיי קיין שליטה ניט געהאַט.

דירעקט צו דער שאַפונג פון אַ לעגענדע, גאָר שווידער=האַפטיג צו הערן, האָט גורם געווען אַ באַנדיטן=אָנפאַל אויף אַ שיף באַלאָדן מיט יידן, וואָס איז געשעהן אין פריה=לינג 1919 פון אונזער אייראָפּעאישער צייט=רעכנונג. ניט ווייט פון קיעוו, ביים דנעפּר, האָבן פעטלורעס לייט באמת אויסגעקוילעט אַ פולע יידישע משפחות אויף אַ באַרבאַרישן שטייגער און אַ סך מענשן האָבן זיי לעבעדיגערהייט אין וואַסער

אַריינגעוואָרפֿן. דאָס איז דער פֿאַקט. און איצט גייט די לעגענדע מיט אירע רעזולטאַטן. די פּאָדאָלער יידן האָבֿן גענומען דערציילן, אַז זיי האָבֿן מיט זייערע אייגענע אויגן געזעהן, ווי די וואַסערן פֿונם דניעפּר זיינען געוואָרן רויט פֿון יידישן בלוט. און אַ פּאָדאָלער שוחט, וואָס האָט זיך גראָד געפֿונען אויפֿן אומגליקליכן שיף, זאָל זיין, פּונקט ווי יונה הנביא, איינגעשלונגען געוואָרן פֿון אַ מוראדיג גרויסן פֿיש און דערנאָך ווידער אַרויסגעשפּיגן אויף דער יבשה. אָבֿער דער אַזוי געפּייניגטער און געראַטעוועטער שוחט האָט זיך דעמאָלט געלעבט בשלום — ווי ווייט מען האָט דעמאָלט געקאָנט לעבן בשלום אין דער הויפּטשטאָט פֿון אוקראַינע — אויף פּאָדאָל און האָט מיט ברען גלייך ווי אַלע איבעריגע יידן, אַגיטירט... קעגן די אָרימע פֿיש פֿונם ברייטן דניעפּר־טייך. מען האָט די דאָזיגע באַשעפֿענישן אויפֿגעוואָרפֿן, אַז זיי זאָלן פֿונם אומשולדיגן יידישן בלוט זיין געוואָרן אין גאַנצן רויט און אָנגעשיכורט, און קיין ייד אין קיעוו האָט ניט געוואָלט אויף פּסח עסן קיין פֿיש. דער רבֿ האָט געפֿירט אַ קאַמף קעגן דעם דאָזיגן נייעם „אבֿערגלויבן“, אָבֿער די פּויערים, וואָס האָבֿן געהאַט געבראַכט צו יענער צייט אַ סך פֿיש צום מאַרק, האָבֿן זיך אומגעקערט אַהיים אָהן פּדיון. ווען מען באַקלערט זיך, וואָס דאָס באַטייט פֿאַר אַן אוקראַינער יידן זיך אָפּזאָגן פֿון צו עסן פֿיש גראָד אין אַזאַ יום טובֿ ווי פּסח, וועט מען פֿאַרשטיין דעם כּח פֿון אָט דער שוידערהאַפֿטיגער מעשה, וואָס אין איר זיינען געווען אויסגעמישט אַזוי פֿיל פֿאַנטאַזיע און אמת. איך גופֿא האָב אַ לאַנגע צייט געליטן פֿון אידיאָסינקראַזיע קעגן אַלע פֿיש־געריכטן. דאָס האָבֿן מיר געוויס אָנגעטאָן די יידן פֿון פּאָדאָל. און נאָך אַ סך אַנדערע נשמה־ווייטאָגן און אויך פֿריידן האָבֿן זיי מיר פֿאַרשאַפֿט.

ווער עס קען ניט דעם פּאָדאָל, דעם אונטערשטן טייל פֿון קיעוו, וואָס ליגט האַרט ביים דניעפּר, דער וועט די אוקראַינישע

יידן קוים פאַרשטיין. אין דער צייט פאַר דער מלחמה האָט זיך דאָ געהאַט אַ מין געטאָ אויסגעבילדעט. און אינם דאָזיגן געטאָ האָט זיך אויך טאַקע אָפּגעשפּילט די דראַמע פונם אָרימען בייליסן. בעת דער פּאָגראָם־באַוועגונג, וואָס האָט חרוב געמאַכט און פאַר־ברענט טויזנטער יידישע שטעטלאַך, האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן אַ סך קהלות מיט זייערע רבנים און צדיקים, מיט זייערע בענ־קענדיג שיינע טעכטער און באַלשעוויסטיש געשטימטע זין. יאָ־דערדיגע, געזונטע יידן, זיינען זיי שטענדיג פעסט געזעסן אין זייערע קליינע שטעטלאַך און האָבן בעת דער מלחמה אַ רייכע אינדוסטריע ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעפּישופּט. בעת די גרויס־אינדוסטריע פון לאַנד איז געשטעלט געוואָרן אין דינסט פון דער מלחמה, האָבן די יידן פון די קליינע שטעטלאַך אויסגע־בויט זייף־ און ליכט־פאַבריקן, מילן און הונדערט אַנדערע וואַר־שטאַטן. אפילו אַ טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס איז קיין מאָל פריהער אין אוקראַינע ניט געווען בנמצא, האָבן געזוכט איינצו־פלאַנצן לאָדזער און ביאַליסטאָקער יידן, וואָס דער קריג האָט זיי אַהער געהאַט פאַרוואָרפן, על פּי רוב איבערגעוואַלד. און דאָס אַלץ האָבן זיי אויסגעבויט מיט די אייגענע הענט, אָהן אויס־צונוצן ניט־יידישע אַרבעטס־קראַפט. דערפון האָבן די פּויערים נאָר נוצן געהאַט, און די זין פון די זעלביגע פּויערים, געפירט פון די אָהן אַ צאָל אַטאַמאַנעס און באַנדיטן־פירערס, רוסן און אוק־ראַינער, האָבן אָט די אַלע שאַפונגען פון מענשליכן פלייס און כח ביז צום גרונט חרוב געמאַכט. אין זייער מיליטעריש־באַנדי־טישער האָפערדיגקייט האָבן די דאָזיגע סקיטן צעשטערט ניט נאָר הונדערטער טויזנטער מענשן־לעבנס, נייערט אויך די זאַכן און די ווערטן, וואָס יענע האָבן געשאַפן. און ווען עס האָט אָפּגעגליקט זיך צו ראַטעווען, די זיינען מחנותווייז געקומען צו לויפן אין די גרעסערע שטעט אַריין, און דער עיקר אויפן פּאָדאָל,

אין דער שטאָט קיעוו, וואָס האָט זיך אַמאָל געלאָזט שטאָלץ אָנרופן „די מוטער פון די רוסישע שטעט“.

מיך האָבן מיינע וועגן שוין פריהער געהאַט געפירט קיין פּאָדאָל. אַ קרייז, וואָס איז געווען פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער קולטור, האָט דאָרט איינגע־אָרדנט קורסן פאַר פאַרשיידענע וויסנשאַפטן. דערפון האָט געדאַרפט אַרויסקומען אַ העכערער פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט, בתנאי אַז די ראַטן־מאַכט וועט ניט שטערן. היות אָבער ווי מיר האָבן דאָס אומגליק, אַז צווישן די סאָוועט־לייט געפינען זיך אויך יידישע קאָמוניסטן, איז טאַקע דער פּלאַן בטל געוואָרן. איך ווייס ניט קיין ערגערע שונאים פון דער העברעאישער און בכלל יידישער בילדונג, ווי גראָד אָט דער מין יידישע יונגע לייט. צווישן אַלע יידן געהערן זיי צו יענע, וואָס האָבן זיך צום מיינסט פאַרביסן אויף אַן אידעאָלאָגיע, טראַכטן און טוען אַלץ נאָר אַרויסגייענדיג פון פּאַרטיי־אידעאָלאָגישע מאָטיוון. און מחמת אָט דער דאָזיגער ביז לעצט אַבסטראַקטער איינשטעלונג זייערער זיינען זיי, פאַרשטייט זיך, ווי געשאַפן צו באַגיין זיך אומעטום מיט אַלץ אָהן רחמנות, מיט דער גרעסטער שטרענג־קייט. די באַוואוסטע אַכזריות פון אַלע אידעאָלאָגן האָט זיך מיטן גרעסטן כח אַ וואָרף געטאָן גראָד אויף די קעמפער פאַר העברעאישער בילדונג, וואָס האָבן פונדעסטוועגן אונטער סכנות נפשות אויסגעהאַלטן בשתיקה קורסן און שולן.

אויב די אַזוי אָנגערופענע געבילדעטע צווישן די קעמפער פאַר אַ יידיש־העברעאישע בילדונג האָבן זיך נאָך גערעכנט מיט דער באָלשעוויסטישער סכנה, האָבן די אַנדערע, וואָס האָבן זיך גע־קליבן אַרום בית־המדרש, געקוקט אויף אַלע בילדונגס־דעקרעטן פון די סאָוועט־לייט מיט דעם גרעסטן ביטול און פאַראַכטונג. איך האָב אַליין געזעהן אַ סך אויסגעהונגערטע בלאַסע יונגע לייט, וואָס האָבן זיך מיט התלהבות און מיט ברענענדיגע אויגן אָפּגעגעבן דער

מוסר־באַוועגונג, וואָס איז גראָד אין יענער צייט פּאַרטראָגן גע־וואָרן צו אונז פון דער ליטע. זאָגן האָט מען געזאָגט, די באַוועגונג זאָל זיך האָבן אויסגעשפּרייט איבער אַלע שטעטלאַך, און עס איז אַפילו געקומען דערצו, אַז אירע פרייוויליגע פירער, געוועזענע בחורים פון דער ישיבה, וואָס קיינער האָט זיי קיין שכר־טרחה ניט געצאָלט, האָבן אָפּגעהאַלטן אַ מין צוזאַמענפאָר אין דער שטאָט האָמעל.

איך קאָן אַפילו איצט ניט קלערן אָהן טיפער רירונג וועגן אָט דער דאָזיגער מאַסן־באַוועגונג, וואָס איז פון זיך אויסגעוואַקסן. קינדער און בחורים קלייבן זיך צונויף פרייוויליג אַרום זייערע רביים, וואָס לערנען מיט זיי, חוץ חומש און גמרה, אויך אַלע כללים פון רעליגיעזער מאָראַל. די קינדער געוויינען זיך צו צו מאָראַלישער אַסקעזע, און אויף זייערע זיצונגען, וואָס זיי רופן אָן אויף קאַטאָוועס „בערזע", זוכן זיי אָפּצווועגן און אָפּצושאַצן די מצוות און די עבירות, וואָס איטליכער האָט אָפּגעטאָן אין משך פון טאָג. אַ בערזע, וואו מען איז זיך מיט היץ מתווכח וועגן מאָראַ־לישע ווערטן און מען שטעלט אויס מאָראַלישע „קורס־צעטלען"! דאָ קומט עס אויך אַמאָל צו אַ „האָס". ווי מען זעהט, ווידער אַמאָל יידישע בערזע־לייט, אָבער מיר דוכט, אַז זיי וועגן אַריבער די בערזע־לייט פון אַמסטערדאַם און פון בערלין, לאָנדאָן און פּאַ־ריז. דער פּעדאַגאָג הילקע — אַזוי הייסט, ווי אַ גוטער פריינט מיר דערציילט — דער 25־26־יעריגער „פירער" און מאָראַלישער „בערזע־קעניג" אין שטעטל ק. אַ הויכער, מאָגערער, שטאַלטנער בחור, וואָס פאַרברענגט טאָג און נאַכט אין בית־המדרש, עסט איין מאָל אין טאָג דאָס, וואָס דאַנקבאַרע עלטערן פון זיינע תלמידים טראָגן אים אונטער — פונקט ווי אַ סך פון זיינע תלמידים, ווי די איבעריגע בערזע־שפּעקולאַנטן, עסט ער „טעג" — און ווערט מלא שמחה, ווען עס גיט זיך אים איין אַריינצוציהען אין זיין קרייז אַ „יידישע נשמהלע". הילקען גייען ניט אָן די שטרענגע שומרים

פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרדנונג, ניט ער קלערט וועגן שכר לימוד. די מאָראַל=בערזע, ווי די מוסר=באַוועגונג שטעלט זי איין, איז די איינציגע אינסטאַנץ, וואָס איז בכח צו משפטן איבער דער אמתער גרויסקייט און איבער די גרויסע זינד פונם פעדאַגאָג הילקע. אויך זינד שטייען פאַרשריבן אויף הילקעס רייסטער. זיינע גע=טרייע אָנהענגער צווישן די בערזע=לייט פאָרן אַרום איבערן לאַנד און זוכן צו כאַפן „יידישע נשמהלאַך". טיילמאָלס רעדן זיי איין קינדער און יונגע בחורים אַריינצוטרעטן, אָהן וויסן פון די עלטערן, אין דעם לעגיאָן קעמפער פאַר מאָראַל און רעליגיע, וואָס ווערט געפירט פון הילקען. מען שמועסט אויך שטילערהייט צווישן יידן: די אָפיצירן פונם שר הצבא הילקע „גנבען" יידישע קינדער, וואָס ווילן אָבער שפעטער זיך ניט שיידן פון אים, אַזוי גרויס איז דער צוציה=כישוף פונם דאָזיגן פירער. שפעטער זוכן די עלטערן אויף זייערע געגנבעטע קינדער, און נאָך אַ קורצן שפעקולירן אַהין און אַהער, זאָגן זיי הילקען אַ יישר כח פאַר זיין הויכער קונסט. און דער שר=צבא און בערזע=קעניג הילקע, אין דער אַלטער צעריסענער קאַפאָטע און אין די אויסגעטראָטענע שיך רייבט זיך די הענט פאַר נחת, לויפט אַרום איבערן בית=המדרש אַהין און צוריק און שרייט אין דער לופט אַריין: „יידישע נשמהלאַך, געראַטעוועטע יידישע נשמהלאַך". אין אַזעלכע טעג הייסט עס אין די אַרויסגעגעבענע קורס=צעטלען: היינט איז אויף דער בערזע געווען אַן אמתער „האָס".

אַ מערקווירדיג שטיקל ערד איז אָט דער פאָדאָל — אונטער דעם פאַרכמאַרעטן, גרויען צודעק טליעט עפעס שטענדיג: אָט אָט דאַרף עס אויפפלאַקערן. און אומעטום, וואו יידישע מאַסן האָבן זייערע געצעלטן אויפגעשלאָגן, שפרייט זיך אויס אַ „פאָדאָל" — אָהן אַ מאָס אומעטיג און אויסווייניג וויסט און פוסט, וואָס ווערט תמיד באַוואַסערט פון אַ וואָסער עס איז „דנעפר". דאָס מגולגל ווערן פון אינדיווידוּ צום מענשן, דאָס נתעלה ווערן פון מאַסן צו אַ

פֿאָלק נעמט דאָ ניט קיין סוף. די אייביגע וואָגלעניש, אַ שטאַרקע כמעט מעטאַפֿיזישע תּשוקה צו איינגעזעסנקייט ברענגט כּסדר אַריין באַוועגונג אין אָט דעם ווערן פֿון מענטש און פֿאָלק. די קערפּערליכע און גייסטיגע באַנייאונג איז דאָ אָהן אַ שיעור רייך אין וואַריאַציעס און וויל גאָר צו קיין סוף ניט קומען. כּסדר טוט עס אויפֿלייכטן אין אָט דעם פֿאַרכמאַרעטן פֿאָדאָל, און יענע פֿון זיינע זין, וואָס האָבן פֿריהצייטיג אים דעם רוקן באַוויזן און זיינען אין דער גרויסער וועלט פֿון שוואַרצמאַן צו טשאָרני און פֿון שטיקלמאַן צו שטאָקמאַן מגולגל געוואָרן — אַז זיי קוקן זיך אַמאָל אום און וואַרפֿן זייער בליק צו אים אַראָפּ פֿונם באַרג, וואו עס ליגט דער קלויסטער פּעטשערסקאַיאַ לאַווראַ, האָבן זיי שטענדיג צו פֿאַרצייכנען אַ דעפֿיציט, אַ חסר אין נשמה און גייסט. ווי אויסגעליידיגטע ניהיליסטן, וואָס האָבן זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר דער פּוסטקייט פֿון אַ פּרעמדאַרטיגער מיטאָלאָגיע, קוקן זיי אַראָפּ אינם פֿאַרלאָזענעם, דורך לעבעדיגע וואַסערן באַשווענקטן טאָל. ווידער אַמאָל טוט עס העל אויפֿלייכטן אינם אויסטערלישן פֿאַרכמאַרעטן ווינקל. פֿאָדאָל איז פֿול און פֿול מיט גייסטיגע קיצוניים און מיט אַזעלכע, וואָס האָבן אין זייער טואַכיץ ביז לעצט דעם גייסט פֿאַרלאָרן, און אַזעלכע, וואָס האָבן אין דער מיאוסער שפּעקולאַציע פֿון לעבן פּאָרט אויפֿגעהיט דעם שבת פֿון דער נשמה. ביז היינטיגן טאָג האָבן זיך אויך דאָרט צונויפֿגעקליבן פֿון די חרוב געוואָרענע שטעטלאַך צדיקים און חסידים, די קליינע יורשים פֿון אַ גרויסן דור, און אויף להכעיס די פּלאָגן און צרות פֿון טעגליכן לעבן זאָגט דער רבי נאָך אָפּט חסידות, און חסידים, אויפֿגעמונטערט און געוועקט דורכן „רבינס ניגון“, ריכטן אָפּ דעם אמתן „מלוה מלכּה“ מיט אַ פֿייערדיגן רעליגיעזן טאַניץ. דעם שבת גופא איז אין פֿאָדאָל נאָך אַליץ ממש מיט די הענט אָנצוטאַפּן, און עס ווערט אַזוי טרויעריג אויף דער נשמה, ווען אויפֿן הימל צינדן זיך די ליכטלאַך אָן: די מלכּה שבת

נעמט אַוועקגיין. די גרויע וואָך פֿאַרכאַפּט איצט די יידישע נשמה, וואָס ציהט זיך פֿאַרבענקט אין דער היים אַרויף אין דער אומעטיג פֿלאַטערנדיגער מעלאָדיע פֿונם „רבינס ניגון“. און אונז אַלעמען, קינדער פֿון דער וועלט, צי מיר מייסטערן ביים ווערק פֿון גייסט אָדער ביים בוי פֿון דערווירטשאַפֿט, צי מיר פֿירן דעם קאַמף פֿאַרן קיום אָדער אונז שוועבט אַרום דער קיניגליכער חלום פֿונם homo europäicus — דעם מענשן סתּם, צעוויגט דעם רבינס ניגון און טראָגט אונז אַרויף אין אַ העכערער וועלט. מיר, יידישע קינדער, זיינען נאָך אַלץ אויף להכעיס די, וואָס ווילן אונז אָנוואַרפֿן אַ שׂכל־ און פֿאַרשטאַנדס־קולטור, — צום מיינסט פֿאַרשיכּורטע זין פֿון דער איצטיגער אייראָפּע און פֿון דער וועלט, וואָס לעבט אין איר גייסט.

איך בין געווען דער איינציגער אויף פּאָדאָל, וואָס געקומען פֿון אַ פֿרעמדער וועלט האָב איך אין אַ פֿרעמדער שפּראַך פֿירגעטראָגן פֿאַר אַ געמישטער אוידיטאָריע (אין די ראַמען פֿון די העברעאישע קורסן, וואָס פֿון זיי האָט געדאַרפֿט אויסוואַקסן אַמאָל אַ העכערער פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט) די עלעמענטן פֿון מאָראַל און קולטור־געשיכטע. עס האָבן זיך באַלד צונויפֿגעקליבןווייבער און מאַנסבילן, מיידלאַך און בחורים, וואָס זיינען געקומען פֿון מאַרק און פֿון קראָם, פֿון גאַס און וואַרשטאַט און האָבן מיט התמדה און מיט אינעווייניגסטן ברען זיך צוגעהערט צו דער „וועלטליכער וויסנשאַפֿט“. ווען מען באַקלערט, ווי שווער עס איז יענע צייטן אויסגעקומען אויפֿן פּאָדאָל צו קעמפֿן פֿאַר ליכט און שפּייז און אויפֿצוהאַלטן דאָס נאַקעטע לעבן אַנטקעגן דער סכּנה מצד די באָלשעוויסטישע און אוקראַינישע סקיטן, וועט מען פֿאַרשטיין, וואָס דאָס האָט באַטייט אַוועקצוואַרפֿן אין מיטן העלן טאָג דאָס געשעפֿט, בכדי צו קומען אין דער באַשטימטער צייט אין דער אוידיטאָריע. איך האָב דאָרט קיין איינעם ניט געפֿונען, וואָס זאָל זיין איינגעגלויבט אין דעם פֿאָראורטייל פֿון אַ סך

ייִדישע גדולים פון דער איצטיגער צייט, אַז די גאַנצע חכמה איז שוין געווען באַוואוסט אונזערע אַלטע דורות. די אוידיטאָריע האָט פאַרקערט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן זין פאַר דער רעאַליטעט פון דער מאָדערנער וויסנשאַפטליכער וועלט, און קיין מאָל וועל איך ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס עס האָבן געמאַכט אויף מיינע צוהערער מיינע ערקלערונגען איבער דעם לאָגישן בוי פון מאָדערנעם וויסן און איבער דעם אויפבוי פון דער קולטור, ווי ער איז אַרויסגעפּישופט געוואָרן דורך דער וויסנשאַפט פון 17 יאָרהונדערט. אַ געוועזענער אָרטאָדאָקסישער רב, וואָס האָט אַוועקגעלאָזן די רבנות און פאַרנומען זיך מיט געשעפט, פלעגט שטענדיג בעת מיינע פאָרלעזונגען זיך צורוקן וואָס נעהנטער צו מיר און מיר שטענדיג מיט ווערדע צושאָקלען מיטן קאָפּ. עס איז אים, משמעות, געווען אומבאַקוועם צו זיצן אויף איין באַנק מיט פרויען יונגע פרייַלינס און סטודענטן, ער פלעגט זיך אַליין אַרומקוקן מיט אַ געוויסן ביטול, ביז עס האָט אים אָפּגעגליקט זיך צו געפינען אַ פּאַסיגן פלאַץ אין גבול פון דער וויסנשאַפט. און דעמאָלט האָט דער געדאַנק גענומען אַרבעטן הינטער דעם גייסטיג אויסגעאַרבעטן שטערן, און איך בין געווען זיכער, אַז נעבן מיר זיצט אַן אח לצרה און אַ שטרענגער קריטיקער. הלואי וואָלט דער רב אויף פּאָדאָל, וואָס די רעוואָלוציע האָט אים געצוואונגען אָפּצוגעבן זיך מיט געשעפט, געוואָלט אָננעמען זיך פאַר אונזער וויסנשאַפט, עס וואָלטן געוויס אַנטשטומט געוואָרן אַלע טענות וועגן איר נאָהנטער אונטערגאַנג, און זי וואָלט אויך געוואונען מער לעבעדיגע רעאַליטעט.

דער חוש פאַר דער אָהן-סופיגער רעאַליטעט איז דאָס גרויסע אייגנס, וואָס עס טראָגן אומעטום אַרום מיט זיך די קליינע און די תמימים אין לאַנד, און עס פעלט נאָר דאָס דענקען, וואָס זאָל זי קאָנען אַריינשטעלן אין אָנזעהענדיגע ראַמען. די אומשטאַנדן פון דער צייט האָבן מיך אויך געבראַכט צום פאָלקס-אוניווערסיטעט, וואָס די ראַטן-מאַכט האָט געגרינדעט און אים אַ נאָמען

געגעבן „אַרבעטער־ און פויערים־אוניווערסיטעט". ווידער אַמאָל אַ שטאַרק אויפגעוועקטער חוש פאַר די כחות פון דער רעאַליטעט, און ווידער גאָר אַן אַנדערע לופט, ווי די, וואָס מענשן פון מיין דור זיינען אין שטאַנד אַריינצוועטעמען. סוף כל סוף — האָב איך אָפּט־מאָלס געקלערט, צוקוקנדיג דאָס לעבן און די באַוועגונג צווישן מיינע רוסישע, אוקראַינישע און יידישע צוהערער — סוף כל סוף איז דאָס אויפגעמען די רעוואָלוציע דירעקט אָפּגעהאַנגען פון דעם עלטער. דער בנין, וואָס האָט פריהער געדינט פאַר אַ העכערן מע־דיצינישן אינסטיטוט און איז איצט געווען דער מקום מנוחה פונם פּראָלעטאַרישן אוניווערסיטעט, איז געווען איינגעהילט אין פינס־טערניש, אויף די ווענט האָבן שטורמיש מלחמה געהאַלטן שנייעלאַך מיט ווינטן, אָהן צו באַגעגענען אַ באַזונדערן ווידער־שטאַנד מצד געהייצטע אויוונס אין דער אודיטאָריע גופא. און אויף להכעיס פינסטערקייט און קעלט האָבן מיך שטענדיג באַגעגנט פרייליכע און לאַכעדיגע פּנימער פון קאָרידאָר, פון אַלע פינס־טערע ווינקעלאַך אַרויס האָבן שטענדיג געקלונגען לידער על פּי רוב אוקראַאינישע. אָפּטמאָלס, בעת איך פלעג אַוועקגיין פונם דאָזיגן מערקווירדיגן אוניווערסיטעט און מיט מיה אַרויפקלעטערן דעם באַרג אַרויף, בכדי צו קומען אין די בעסערע שטאָט־טיילן, פלעגט מיר ברומען אין די אויערן:

טרוימען מיינע, טרוימען מיינע,
ווי איז מיר מיט אייך שלעכט!
וואָס האָט איר זיך אויף פּאַפּיר
אַזוי טרויריג אויסגעשטעלט...

די יוגנט באַמערקט ניט קיין קעלט און שטרויכלט ניט אין דער פינסטער און די מלוכה־קאָמוניסטישע קנעכטשאַפט האָט זי טיילמאָלס אויפגענומען ווי עפּעס אַזוינס, וואָס עס האָט געמוזט מיטברענגען די שלאַכט, וואָס אי״ר צייט האָט זיך אין איר אַריינגעלאָזן. דאָס אייגענע בלוט, די ניט איינגעצאַמטע פאַנטאַזיע

און די אומבאַקאַנטשאַפט מיט דער גרויסער וועלט פון לעבן האָבן זייערע אייגענע בילדער אויסגעמאָלט. אָבער אַז איך האָב פאַר מיין רוסישער אַרבעטער־ און פויערים־אווידיטאָריע, וואָס האָט זיך פעסט געהאַלטן צוזאַמען די גאַנצע צייט און איז נאָך פאָרמירט געוואָרן דורך אוקראַינער און יידן, פירגעלייענט איבער „די יסודות פון דער געזעלשאַפטס־וויסנשאַפט“ און האָב אָנגעוויזן אויף די פאַרשיידנאַרטיגע באַציהונגען און אופנים פון דער פראָ־דוקציע, האָט זיך אויך ביי מיינע צוהערער אַרויסגעשטעלט דער חוש פ אַ ר די רעאַליטעטן פון לעבן, וואָס זיצט אין איטליכן אַרבעטנדיגן מענשן. זיי זיינען ממש פאַרכאַפט געווען פון דעם אמתן בילד פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך פאַר זיי אויפגעעפנט. אַ רושם ניט אויסצומעקן האָט אויף זיי געמאַכט די שילדערונג פון די פאַרשיידענע קולטור־אויסבילדונגען אין משך פון די דורות און באַזונדערס דער פאַקט, אַז קיין איין געזעל־שאַפטליכע אָרדענונג, ממילא אויך די קאָמוניסטישע, איז ניט בכח צו איגנאָרירן אויף לאַנג די גרונט־פאָרמען פונם מענשנס אויפפיר און די הויפט־ריכטונגען פון זיין ווילן. אַז דער מענש קאָן און טאָר ניט טון אַלצדינג, וואָס די פאַנטאַזיע מאָלט אים אויס, — דאָס האָבן זיי שוין געוואוסט, דאָס דאָזיגע וויסן האָט זיי זייער אייגן לעבן גענעבן. אָבער אַז אויך די געזעלשאַפט מיט גאָר איר מלוכה טאָר ניט און קאָן דאָס ניט, און אַז גראָד דאָס, וואָס זי האָט ניט קיין פולע שליטה איבערן לעבן, פאַרזיכערט אונז די פרייהייט — דער געדאַנק, אַז דאָס לעבן פון מענשליכן קיבוץ איז געבונדן דורך באַשטימטע געזעצן און האָט זיין ריט־מישן גאַנג, האָט ביי זיי כמעט דעם אָטעם פאַרכאַפט. בהדרגה האָבן זיי זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער איינזעהעניש, אַז וויסנ־שאַפטליכע אַרבעט איז גלייך ווי אַנדערע אַרבעטן, וואָס ברענגען פרוכט, ווי זייער אייגענע האַנט־אַרבעט, אַ ביטער ערנסטע זאַך, וואָס מען מוז זי ערליך האַלטן. איך בין געווען ממש אומגליקליך.

בעת איך האָב צום ערשטן מאָל געפּרובט מיט זיי איינצושטודירן די עלעמענטן פון דער קלאַסיפיקאַציע פון די ערשיינונגען, בכדי דערנאָך זיי צו באַווייזן דעם באַהעפט פון דער וויסנשאַפטליכער אַרבעט. נאָך אַ האַלב יאָר בשותּפישן אין־איינעם־דענקען און לעבן איז שווער אָנגעקומען זיך צו שיידן פון די דאָזיגע וואוילע מענשן. אַז עס איז ווידער קאַלט געוואָרן, און דער זומער פון יאָר 1920 האָט גענומען אָפּטרעטן זיין אָרט אַ שטרענגען ווינטער, האָט אַ דעפּוטאַציע פון דער אַרבעטער־אוידיטאָריע מיר געבראַכט אַ מתּנה אַן אייזערן אויוועלע, וואָס זיי אַליין האָבן דאָס געהאַט פאַרטיג געמאַכט. אָבער סוף כּל סוף האָב איך דאָך געמוזט אַנט־לויפן און איבערלאָזן דאָס אויוועלע און די דאָזיגע האַרציגע יונגע לייט גופא, אָהן זיי אפילו אַ „זיי געזונט" צו זאָגן. זאָלן זיי מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב געמוזט עובר זיין אויפן חוק פון העפ־ליכקייט, פונקט ווי איך האָב לאַנג מוחל געווען די מאַכט־האָבער, וואָס האָבן מיך געבראַכט צום נויט־ליגן.

„פּאָדאָל" — אינם פילדייטיגן זין פונם דאָזיגן סימבאָל — האָט פּאַקטיש אויפגענומען די גלגולים, צעטרייסלונגען און קאַטאַ־סטראָפעס אין דער געשיכטליכער וועלט אין עצם רוהיגער, איידער די אַנדערע, די געבילדעטע. אויב ס'איז אמת, אַז די אַזוי גערופענע היסטאָרישע מענשן גיסן זיך אין גאַנצן צונויף מיט די געשעהע־נישן און מלחמות פון זייער צייט און שטייען דעריבער דירעקט אין קיין שום שייכות ניט מיט די טיפענישן און מיט דער וויטקייט פון קולטור און לעבן — די היסטאָריע טוט, פאַרקערט, תּמיד אויסנוצן די קולטור צוליב אירע עגאָאיסטישע צוועקן—גייען „פּאָ־דאָל" און זיינע פאַרבאָרגענע העלדן לחלוטין ניט אַריין אין דער היסטאָרישער דראַמע. זיי ברענגען אונז גיכער אַ ידיעה פון אַ פאַרגאַנגענער צייט און גרייטן אונז צו צייטן, וואָס וואַקסן אין דער שטיל. „פּאָדאָל" מיט זיינע פאַרשיידענע פּלאַנען פון לעבן און זיין שטעלט פיר אין דער געשיכטליכער צייט דעם איינציג פעסטן

פונקט, וואו דאָס לעבן ווערט מיט אַן אמת געשאַפן און ניט נאָר לויטן רעוואָלוציע־קריגערישן שטייגער אויספאַנטאַזירט און געמאַכט. דעריבער האָב איך פערזענליך געשפירט ווי אַ גליק, וואָס די השגחה האָט מיר אַראָפּגעשיקט, בעת פישל ש—ן, איינער פון די בעסטע זין פון „פּאָדאָל״, אַ דירעקטער אָפּשטאַם פון דער הב״דישער משפחה ש—ן, אַ מענש, וואָס חסידות און וועלטליכע בילדונג פירן אין אים ממש אַ סימבאָלישן קאַמף, האָט זיך צו מיר געווענדט מיטן פאָרשלאָג צונויפקלייבן קיעווער יידן צו אַ רעליגיעזן בונד. איך האָב מיט אַלע כחות אָפּגעווענדט פון מיר אַזאַ „מיסיע״, און מיר זיינען סוף כל סוף מושוה געוואָרן איינצואָרדענען רעליגיאָנס־פילאָסאָפישע זיצונגען.

עס האָט גערעגנט טייכן־וויז, בעת מיר האָבן זיך צונויפגעקליבן אין אַ רעסטאָראַן אין אַ אָפּגעלעגענעם שטאָט־ווינקל, וואו איך האָב געדאַרפט האַלטן די אַריינפיר־רעדע און ש. האָט געדאַרפט פירטראָגן איבער רעליגיעזער באַנייאונג. דער עולם איז באַשטאַנען פון עטליכע אינטעליגענטן און פון אַ פּאָר בני־הרב פון פּאָדאָל. מיין צונג האָט מיר ניט געפאָלגט, איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט האַלטן די רעדע. איך האָב געהאַלטן אונזער אויפטו פאַר געפּלאַצט. נאָר אום אַזוי טיפער האָט מיך גערירט, וואָס ש. האָט מיט אַזאַ היץ און גרימצאָרן גערעדט קעגן די, וואָס האָבן דעם גייסט פאַרלאָרן, אַזוי ווי „דאָס פאָלק״ וואָלט אים צוגעהערט. די ווענט פון פאַרלאָזענעם רעסטאָראַן האָבן קיין מאָל אַזוינס ניט געהערט. זכרונות פון דער חסידישער צייט פון מיין יוגנט האָבן פאַר מיר דורכגעשוועבט, אָבער דער ווילן צום פילאָסאָפישן אמת איז געווען שטאַרקער. און מיין אָרימער פריינט ש. מיט זיין דראַנג צו באַקערן די וועלט האָט אין מיין שלום־רעדע געקראָגן אַ רעכטן אָפּשניט. אָבער די זאַך, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר פאַרשפּילט, איז גראַדע דורך דער דאָזיגער לעבעדיגער דיסקוסיע געראַטעוועט געוואָרן. זינט דעמאָלט האָבן פאַ-

מיליעס, וואָס האָבן נאָך אַרויסגעראַטעוועט זייער וואוילשטאַנד, געשטעלט אין רשות פונם רעליגיאָנס־פּילאָסאָפּישן קרייז זייערע דירות און אונטער מיין פּאָרזייך זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן העכער פערציג זיצונגען און אַרומגערעדט ביי 30 טעמעס. אַז מען באַקלערט זיך, וואָס אונטערן דעניקינשן און באָלשעוויסטישן יאָך האָט באַטייט צונויפצוקלייבן ביי זיך אַזוי פיל מאָל ביי פופציג מענשן און אויך זיי צו געבן כיבוד, וועט מען פאַרשטיין, וואָס פאַר אַן אינטערעס עס איז אויפגעוועקט געוואָרן צווישן די יידישע קרייזן פון קיעוו. אונזער גליקליכער מכנים אורח איז געווען דער מיט פאַנטאַזיע באַשאָנקענער אינזשענער אפרים ק—נאָק, וואָס ביי היינטיגן טאָג בויט ער ניט מיט קיין קלענערער התמדה הייזער אין פּאַלעסטינע.

אין די הייזער, וואו מיר פלעגן זיך צונויפקלייבן, איז ניט שטענדיג געווען געהייצט און די הכנסת אורחים האָט ניט אַנדערש געמוזט פאַלן, ביז זי איז אַראָפּ אויף נול, פונקט ווי די טעמפּעראַטור. אָבער מיר, יידישע קינדער, זיינען די פאַרשיכורטסטע זין פון אייראָפּע און מיר פלעגן זיך אָנשיכורן מיט פּראָבלעמעס, וואָס זיינען אונז נאָהענט געווען, ווי די לעצטע רעאַליטעטן. אַז מיר פלעגן ביינאַכט זיך פונאַנדערגיין און איבער די פינסטערע גאַסן שלעפּן זיך אַהיים, איז די דיסקוסיע ווייטער געפירט געוואָרן. שטענדיג פלעגט מיין שכן, דער אייגנאַרטיגער ביבל־קריטיקער אברהם כ—א, פּרובן מיר אָנווייזן אויף טעקסטן פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָבן באַלויכטן די אָדער יענע פּראַגע. ער אַליין האָט פירגעלייענט חסידישע לעגענדעס, באַאַרבעט מיט אַלע מיטלען פון דער קריטיק. וועדליג איך הער, זיינען איצט די דאָזיגע לעגענדעס געדרוקט און צוגענגליך פאַרן עולם, וואָס לייענט העברעאיש. די פּראָבלעמעס, וואָס איך האָב אַריינגעטראָגן אין דער דיסקוסיע, די פראַגן פון דער געטליכער התגלות, פון דער שאַפונג פון רעליגיע, פון די אויסערגעוויינ־

ליבע און אויסשליסליכע פאַקטן אין נשמה־לעבן, פון דער נשמה־בילדונג און פון דער אינעווייניגסטער רעליגיע, אויך די פראַגן פון עטיק, פון טעאָלאָגיע, פון יהדות — דאָס אַליץ האָט געפונען אַ לעבעדיגן אָפּקלאַנג אין קרייז. דערביי האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מערקווירדיגער ערשיינונג, וואָס עס איז כדאי זי צו פאַרצייכענען — גראָד די „יהדות", ווי אַן עטיש־רעליגיעזער געדאַנקען־סך־הכל אינטערעסירט דעם „מזרח־ייד" צום ווינציגסטן. „יהדות" איז, לויט זיין באַנעם, אַ „מערבדיגע" המצאה. ער רעדט און קלערט אויך ניט גערן וועגן יידנטום ווי אַ גאַנצס (ער האָט, אגב, גאָר קיין וואָרט ניט דערפאַר), דאָס יידנטום איז פאַר אים אַ זאַך אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע, וואָס דערוועקט קיין ספקות ניט. וואָס אים פאַרכאַפּט, זיינען נאָר די magna ignota די „גרויסע אומבאַוואוסטע" פון גאָט, פון דער וועלט, פון דעם מענשן בכלל. די חסידישע האָפּערדיגקייט אַריינצוטרעטן, ווען דאָס איז נויטיג, צוליב דעם אמת פון לעבן אין קאַמף מיטן טראַ־דיציאָנעלן גאָט בכבודו ובעצמו — דאָס איז שטענדיג ביי אים איינגעוואָרצלט. ער וויל אויסגלייכן די אייגענע רעליגיעזע איבער־לעבענישן, וואָס ער פאַרמאָגט זיי שטענדיג לרוב, מיט די רע־זולטאַטן פון דער גרויסער וויסנשאַפט. און ניט זעלטן האָט עס מיר געקאָנט אויסדוכטן, אַז אין יענעם קרייז האָב גראַד איך, דער „מערבניק", צום מיינסט פאַרטראָטן דאָס טראַדיציאָנעלע יידנטום. איך, דער ניט־אָרטאָדאָקס, האָב ניט איין מאָל געקראָגן די גרעסטע צושטימונג מצד יידן־אָרטאָדאָקסן.

געגוג אויסצורעכענען איניגע פון די טעמעס, וואָס זיינען באַ־טראַכט געוואָרן אין דעם קרייז, בכדי צו באַשטעטיגן מיין מיינונג. גראָד דער חסיד ש—ן האָט אַ סך גערעדט וועגן „פעטי־שיזם אין דער קולטור", וועגן „צערעמאָניעס פונם שטאַנדפּונקט פון דער וויסנשאַפטליכער פסיכאָלאָגיע" און וועגן „געוויינליכס און

ניט־געוויינליכם אין רעליגיעזן לעבֿן, ווי אַ ביאָלאָגישער פענאָ־
מען", דער ציוניסט ח.ג—ג האָט גערעדט וועגן „איובֿס טראַגעדיע",
וועגן „באַפרייאונג פון דער רעליגיע פון אונטער דער ממשלה פון
נאַציאָנאַליזם", וועגן מיין „טראַגישער קאָנצעפציע פון יידנטום",
וואָס האָט געבראַכט צו אַ קאָר־רעפעראַט פון ש—נען, וואו
מען איז שטאַרק אַרויסגעטראָטן קעגן יידנטום ווי אַ קאָנצעפציע.
מען האָט אויך געהאַלטן געלערנטע פירטראָגן, וואָס האָבן דירעקט
קיין רעליגיעזע עפעקטן ניט אַרויסגערופן. אַזוי האָט דער יונגער
סעמיטאָלאָג ב—ר, דאָצענט פונם אַרכעאָלאָגישן אינסטיטוט
אין קיעוו, רעפערירט איבער דער באַגעגענונג פון העלעניסטישע
און יידישע מאָטיוון אין קריסטנטום, דער פעדאַגאָג ל—ן, אַ
גרויסער בקי אין דער העברעאישער ליטעראַטור, האָט מעשה
ספעציאַליסט אויסגעלייגט דעם וועלט־קוק פון די נביאים און די
עטישע קאָנצעפציע אין תלמוד. דער יונגער היסטאָריקער ד—ג
האָט זיך פאַרנומען מיט דער גרויסער ראָלע פון די אידייען
פון „קידוש השם" און „חילול השם". דער באַוואוסטער יידישער
קריטיקער בעל־מחשבות האָט אַנאַליזירט די רעליגיעזע מאָטיוון פון
דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. נאָך אַ סך אַנדערע
פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער היסטאָרישער, סאָציאַלער
און אינדיווידועלער עקסיסטענץ, אין זייער צוזאַמענהאַנג מיט דער
רעליגיעזער איינשטעלונג, האָבן אַרויסגערופן הייסע ויכוחים.
אָבער שטענדיג איז דאָס געווען די אינטימע גייסטיגע אַטמאָספער,
וואָס האָט די באַטייליגטע אין גאַנצן פאַרכאַפט. יידן מיט בערד
און יידן אָהן בערד, בכבודיגע פרויען און יוגנט פול ברען זיינען
שטענדיג געוואָרן אומעטיגליך געשטימט, ווען מען האָט באַדאַרפט
זיך פונאַנדערגיין. פאַר זיי איז דאָס געווען די „תורה", וואָס האָט
איצט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אמתדיג לעבן. די אַנדערע ווידער
זיינען געווען צופרידן צו דערגיין, אַז די וויסנשאַפט, ניט זי צע־
שטערט די רעליגיעזע ווירקליכקייט און פירט איין אַטעאיזם און

ניהיליזם, נאָר זי העלפט פאַרקערט מיט די רעליגיע איינצו־
וואָרצלען און צו באַפעסטיגן.

ביי אונזערע פאַרזאַמלונגען איז עס געגאַנגען מער אין אַ בחברותאדיגן גייסטיגן לעבן, איידער אין אַ ריינער דערקענטעניש. מער די איבערלעבונגען און די מענשן צוליב, איידער די געדאַנקען־שאַפונגען. אַזוי אַרום איז עס געשעהן, אַז אויך די, וואָס האָבן געהערט צו די שווייגערס, האָבן זיך געפילט ווי גלייכע אָנטייל־נעמער אין אָט דעם גייסטיגן תענוג. ניט אַלע, וואָס פלעגן זיך צונויפקלייבן, לעבן נאָך איצט, און דער גרעסטער רוב פון זיי זיי־נען צעזייט און צעשפרייט איבער אַלע שבעה ימים. צווישן אָט די אמת שטילע האָט איינער געפונען אַן אַכזריותדיגן טויט אין דנעסטער, בעת ער איז געלאָפן קיין בעסאַראַביע, און אונזער גרויסן פריינט, די טאָכטער פונם ליאָזנער רב, דאָקטאָר פון דער פילאָסאָפיע גיטאַ אַבראַמאָוונאַ קליאַצקין, האָבן מיר אַליין צו קבר ישראל געבראַכט.

גיטאַ אַבראַמאָוונאַ איז ניט קיין געוויינליכע ערשיינונג אפילו אין דער מיט ניט־געוויינטליכע טרעפענישן רייכער וועלט פון די מזרח־יידן. אַ יונג מיידל נאָך איז זי געזעסן אין איינעם מיט אַלטע חסידים ביים טיש פון איר פאָטער, דעם ליאָזנער רב, וואָס האָט בעת דער מלחמה געקראָגן אַ שם צווישן יידן דורכדעם, וואָס ער פלעגט אַלע טאָג באַגינען שילטן מיט טויטע קללות די „שונאי ישראל“. דאָס גאַנצע שטעטל ליאָזנע פלעגט ציטערן אין איין אימה פאַרן נביאישן גרימצאָרן פון זייער רב. און עפּעס פון דער דאָזיגער אַלט־יידישער קנאות האָט פאַרמאָגט אויך גיטאַ אַבראַמאָוונאַ. זי האָט געהאַט געקראָגן אַן אויסגעצייכנטע ביל־דונג, איז געווען בהבנט אין „זוהר“, פונקט ווי אין פלאַטאָ, וואָס זי האָט אים שוין געהאַט שטודירט אין העברעאיש אין איינעם מיט איר פאָטער, דעם ליאָזנער רב. גיטאַ — האָט געהאַלטן דער רב — געהער צו יענער קליינער צאָל פרויען, וואָס זיינען ראוי

אַרייַנגעפֿירט צו ווערן אין די סודות פֿון דער קבלה און אין דער געהויבענער וועלט פֿון די גרויסע היידן. שפּעטער, אין אַ סך יאָרן אַרום, האָט פּראָפֿעסאָר הערבערטס אין בערן אין איינעם מיטן דאָקטאָר־הוט אַרויפֿגעלייגט אויף איר קאָפּ אַ לאָרבער־קראַנץ. און אויף אַ בוך, וואָס דער דייטשער פּראָפֿעסאָר האָט געשאָנקען גיטאַ אַבראַמאָווינאַ, האָט ער אָנגעשריבן: „איינער, וואָס האָט מיך געלערנט צו פֿאַראייניקן דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו מיט ליבע". און גיטאַ, וואָס האָט געקאָנט אין כּעס ווערן איבער אַ טעאָרעטישער מחלוקת — איבער אַ חילוקי דעות, ווי אַזוי מען דאַרף פֿאַרשטיין דעם אָרימען פּאַסטוך דוד המלך און איבער אַ פֿאַרשייַ־דענער אויסטייטשונג פֿון אַ שטיקל „זוהר" האָט זי זיך צעקריגט מיט אירן אַ גוטן פֿריינט, אַ זעהר סימפּאַטישן גימנאַזיע־לערער, וואָס האָט געאַרבעט אין איין שול מיט איר — גיטאַ איז געוואָרן אַ שיינענדיגע, ווען מען האָט געדאַרפֿט עמיצן העלפֿן. אַזוי האָט זי איין מאָל אויסגעביטן אירע לעצטע מלבושים אויף מעל, בכדי צו געבן אַ קאָלעגען אירן, אַ מטופּל מיט קינדער, וואָס האָט געליטן גרויסע נויט, די מעגליכקייט צו עפֿענען אַ בעקערייַ. פֿאַרשטייט זיך, אַז די געדריקטע פֿאַמיליע האָט דאָס ברויט אַליין אויפֿגעגעסן, איידער עס האָט באַוויזן פֿאַרקויפֿט צו ווערן. פֿון דער בעקערייַ איז גאָרנישט ניט געוואָרן, גיטאַ אָבער איז געבליבן אָהן אַ בגד. מאָראַלישער צאָרן און טאַקטפֿולע אַקטיווע ליבע האָבן פֿאַרנומען איר גאַנץ וועזן. תּמיד איז געווען עמיצער, וואָס זי האָט פֿאַר אים געהאַט צו זאָרגן, וואָס זי האָט געדאַרפֿט טראָגן זיינע מאַטעריעלע אָדער גייסטיגע צרות. צוליב זיך אַליין איז זי מער ניט געווען בכּח צו טראָגן. זי האָט זיך געגרייט צו דער ווייטער נסיעה קיין ירושלים — זי האָט געזאָלט, פּונקט ווי אונזער גאַנצער קרייז, אַנטלויפֿן אין איינעם מיט אונז פֿון סאָוועט־אוקראַינע. אָבער מיט אַמאָל האָט זי איינגעפֿונען, אַז זי איז

ניט ראוי אַריינצוקומען אין הייליגן לאַנד. זי האָט מורא געהאַט, זי וועט ניט קאָנען לעבן שטענדיג הייליג געגוג, אין דער הויכער לופט, און שטרענג צו זיך ביז גאָר, האָט זי זיך געוואונשן דעם טויט. זי האָט פון פולן האַרצן געבעטן גאָט, ער זאָל איר צו־נעמען דאָס לעבן שוין איצט, ווען זי איז נאָך געשטאַנען אויף דער הויך פון איר עקסיסטענץ, און אַז זי איז קראַנק געוואָרן, האָט זי געזאָגט צו אונז, אירע נאָהענטע גוטע פריינט, מיט פעסטקייט און מיט פרייליכן געמיט, אַז איצט האָט גאָט, דער געטרייער פאָטער, דערהערט איר בקשה. זי איז געשטאָרבן פאַר אונזערע אויגן שבת פאַרנאַכט, און מיר אַלע האָבן שטיל און אויפריכטיג געזאָגט די ברכה: ברוך דין אמת! געלויבט זאָל זיין גאָט, וואָס משפט אין אמת!

עס איז שווער צו פאַרבינדן דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו מיט ליבע. באַזונדערס איז דאָס שווער, ווען מען איז אַ פרוי און מען איז בכן אונטערגעוואָרפן אונטערן געזעץ פונם פרויען־מזל. אַזאַ גיטאַ אַבּראַמאָווּנאַ מיטן אַלטן שווערן רבנישן קאָפּ און מיט די תמימותדיגע אויגן פון אַ טויב האָט ניט געקאָנט געפינען דעם בן־מלך, וואָס זאָל שטיין אויף איין מדרגה מיטן גרויסן מענטשן אין איר. פאַראַן טאַקע בני־מלכים אויף „פּאָדאָל״. אָבער זיי ווערן באַהערשט פונם געזעץ פון זייער וואַקסן, און די מזלות פון די פּאָדאָלער בנות־מלכים און בני־מלכים קאָנען ניט, אָדער נאָך ניט, זיך באַגעגענען. בעת דער ליאָזנער רב פלעגט אין איינעם מיט זיין טאָכטער שטודירן פּלאַטאָנען און אַזוי אַרום פאַרשן אויך נאָך דער שייכות צווישן גוף און נשמה, פלעגט ער זאָגן: די נשמה קער זיך אָן מיטן גוף אַזוי, ווי די תורה מיטן אָרון הקודש, וואו זי שטייט. האָט מען די תורה אַרויסגענומען פון אָרון הקודש, בלייבט אָבער דאָך דער ארון קודש געהייליגט. אַזוי איז אויך דער גוף געהייליגט. קומט אָבער אַ צייט, ווען דער ארון קודש און די תורה, ווען דער גוף און די נשמה, קאָנען שוין מער ביי

אַנאַנד ניט וואוינען, דעמאָלט איז אַ בת=מלכה אויף פּאָדאָל מקריב דעם געהייליגטן גוף לטובת דער הייליגער נשמהדיגקייט. אין נאָמען פון קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, לויט דער אידיי פונם מענשן, ווי ער באַדאַרף זיין...

ווען איך פרעג מיך איצט, בעת איך ברענג די דאָזיגע זכרונות אַרויס אויף פּאַפּיר, וואָס זשע קומט דאָרט בעצם פאָר אין יענעם לאַנד פון תמימים, וואָס איז דאָס, וואָס דערפרישט אונז די נשמה, מוז איך נאָך אַ קורצן באַקלערן זיך ענטפערן: אין אַלע יענע מענשן און אין די געשעהענישן פון זייער לעבן איז ניט צו מערקן קיין טיפן תהום צווישן דער עקסאָטערישער, דער אויפֿווייניגסטער, און צווישן דער עסאָטערישער, דער אינעווייניגסטער, עקסיסטענץ. דאָס, וואָס האָט נאָך נעכטן אפשר אויסגעוויזן אונז ווי אַ פאַרבלאָנזשעניש פון גייסט אָדער גאָר ווי פועל=יוצא פון דער מענשליכער בענקשאַפט, ווערט דאָ פון אַ נייער שיין באַלויכטן. פונקט ווי אין דער קונסט, ברענגט דאָס פאָלק אַ רעליגיעז=גייסטיגן מימוס אַרויס, וואָס איז מוכן ומזומן צו דינען ווי אַ שויץ=מיטל קעגן דער אירעאַלקייט און נישטיגקייט פונם אַזוי אָנגערופענעם גרויסן לעבן דאָרט אין דער דרויסנדיגער וועלט, וואָס ווערט אינסצענירט פון דער געשיכטע. ביי דער גרויסער קונסט און ביי איר געהויבענעם מייסטער אַפּאָלאָן זיינען די כוחות אויסגעגאַנגען, דער קריזיס שלעפט זיי אַראָפּ, און דאָ קומט דער גאָט דיאָניסיאָס דער צעשטערער און ציהט אַריין אַפּאָלאָנען אין זיין רשות. צי וועט איצט דער אויפס ניי אויפוואַכנדיגער דיאָניסיאָס זיך מאַכן פאַר אייגנס די אַפּאָלאָנישע קונסט פון פורמען און בויען, צי וועט עס קומען צו אַ פאַרבינדונג פון ביידע, צי וועט עס אין וואָסער עס איז זין קומען צו אַ „רעפאָרמאַציע“? קענען די אונטערערדישע סעקטירעריי ביי די רוסן, קענען זייער רעליגיעז=גייסטיגן מימוס שטעלט זיך אַנטקעגן די רוסישע מלוכה=געשיכטע, די רע=

וואָלוציע. אָנשטאָט צו הויבן דעם פאָלקסטימליכן גייסט אַרויף, פאַרטרייבט אים די רעוואָלוציע אין די פינסטערסטע העקן. די־ אָניסיאָס קאָן דאָ אַפּאָלאָנען ניט געפינען. אין דער יידישער באַ־ וועגונג אָבער האָט איצט גראָד אַפּאָלאָן אָנגענומען דעם פּנים פון דיאָניסיאָס. דער יידישער מימוס איז אַן אַפּאָלינישער מימוס — אַן ערשיינונג, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזעהן. עס איז דער גייסט, וואָס ווערט געטראָגן אין אַ פייערדיגער נשמה. אַזאַ גייסט מיט אַ נשמה, הגם נאָך אין אַ קינדישן צושטאַנד, האָב איך געזעהן און פאַרנומען אין יענעם לאַנד פון די תמימים. און דאָס איז גענוג שכר פאַר די ליידן און דחקות, וואָס דאָס לעבן האָט דאָרט גורם געווען. דאָס איז מער ווי די נעגאַטיווע איינזעהענישן, וואָס דער רעוואָלוציאָנערער חורבן האָט אונז אַלעמען געלערנט.

---

# IX. יציאת מצרים.

מיין מוטער, עליה השלום, פֿלעגט זאָגן: איז בײַ דיר אין האַרץ געבאָרן געוואָרן אַ פֿאַרלאַנג און דו קלערסט אים אויסצופֿירן — ווייסן דאָס די ווענט, די חפֿצים רעדן וועגן דעם, און די מענטשן אַרום דערציילן איינער דעם אַנדערן וועגן דיין פּלאַן, אַזוי ווי ער וואָלט שוין געווען אַ געשעהענער פֿאַקט. אַזוי האָט עס מיט מיר אויך געטראָפֿן. איך האָב נאָר געפּרובט שטילערהייט צווישן די נאָהענטסטע מענטשן אַ רעד טון מכּח דעם פּלאַן צו אַנטלויפֿן פֿון קיעוו, און שוין האָבן ווילד־פֿרעמדע מענטשן, וואָס האָבן מיך אין גאַנצן באַגעגנט, אויסגעדריקט זייער פֿאַרוואונדערונג, וואָס איך געפֿין זיך נאָך אין שטאָט. קודם כּל האָט מען באַדאַרפֿט דורכברעכן דעם כּישוף־עיגול, וואָס די „אויסערגעוויינטליכע אינסטיטוציעס" פֿון דער באָלשעוויסטישער מאַכט האָבן מיט אים אַרומגערינגלט אונזער לעבן און אונזער שטאָט. האָב איך זיך קודם כּל אַראָפּגעכאַפּט בשתיקה אויפֿן וואָקזאַל, בכדי מיט די אייגענע אויגן צו זעהן, צי עס איז טאַקע נאָך פֿאַראַן אַן אייזנבאַן, וואָס איך האָב די שוין זינט צוויי יאָר ניט אָנגעקוקט. עס זיינען געווען וואַגאָנעס, וואו מען פֿלעגט פֿירן נאָר בהמות. אויך פּאַסאַזשירן זיינע געווען — סאָלדאַטן, פּויערים, שפּעקולאַנטן און קאָמיסאַרן. איצט האָט מען נאָר באַדאַרפֿט קריגן פּאַפּירן, וואָס געבן דאָס רעכט אַדורכצוברעכן דעם אייזערנעם עיגול.

בין איך אַוועק צום בילדונגס=קאָמיסאַריאַט, וואָס איך בין אונטער אים געשטאַנען, און געבעטן אַן אורלויב אויף צוויי וואָכן. איך דאַרף האָבן אין דער פּראָווינץ, בכדי צו גרינדן דאָרט קרייזלאַך אויף אויסצופאָרשן די רעוואָלוציע און קאָנטר=רעוואָלוציע. — דאָס גייט אָן. אָבער דאָס איז אַ ביסל צו ווינציג. — איך דאַרף אַוועקפירן מיין פאַמיליע, וואָס ליידט נויט, קיין אומאַן.—מיר ליידן אַלע נויט.—די טענה העלפט ניט. דערצו נאָך עטליכע איידעלע אָפּפרעגן:—ווי אַ לעקטאָר אין אוניווערסיטעט זייט איר דאָך מאָביליזירט, איר זייט אַ סאָלדאַט.—אָבער בכדי איך זאָל קאָנען רוהיג טון מיין אַרבעט ווי אַ לערער, מוז איך מיין פרוי אַוועקשיקן פון דער היים. דער קאָמיסאַר האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן. ער האָט זיך אָנגעשטויסן און באַנומען די נייע טענה: — איר ווילט פּטור ווערן פונם ווייב, ד. ה. זיך „שיידן“. ער פילט מיט. — אַ גוטער פריינט, וואָס איז מיט מיר מיטגעגאַנגען, האָט מיר אַ שטופּ געטאָן פון אונטן מיטן פוס. איך האָב זיך אָנגעשטויסן און האָב אַרויסגעמורמלט עפּעס אומפאַרשטענדליכס, וואָס מען קאָן עס טייטשן ווי מען וויל.

נאָך צוויי וואָכן אַרומלויפן אַהין און אַהער איז געבליבן נאָך דער לעצטער גאַנג צו דער „אויסערגעוויינטליכער קאָמיסיע פון דער רויטער אַרמיי“. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָבן מיר אָפּגעפּראָרן דרויסן פאַר דער טיר פון דער שרעקליכער „אויסערגעוויינטליכער קאָמיסיע“. צוויי סאָלדאַטן האָבן כסדר „סאָרטירט“ די בכבודיגע פּובליקע און אַ געוועזענער קלייט=משרת פון באַרדיטשעוו, דער טויער=היטער פון דער „טשרעזוויטשאַיקע“, איז אַרומגעלאָפן און היסטעריש געשריען: „וואָס ווילט איר אַלע האָבן פון מיר, איך בין איין מענש אַליין. צוריק, צוריק, חברים, זעהט איר דען ניט, אַז איך בין איין מענש אַליין? די ראַטן=מאַכט וויס, וואָס זי טוט. סידאָראָוו, צעטרייב זיי, קיינער וועט ניט פאָרן, עס פאָרט נאָר די אַרבעטער= און פויערים=מאַכט. אַ, חבר פּראָפעסאָר, יאָ, יאָ, איך

קען אייך. דעם דריטן טאָג שטייט איר שוין דאָ. ביי אונז שטייט מען אָפּ אַמאָל צעהן טעג און מען בלייבט אין קיעוו. קיעוו איז אַ שיינע שטאָט. אַך, וואָס שרייט איר אַלע? מיינע נערוון טראָגן דאָס מער ניט אַריבער. וואָס קאָן איך טון — איך בין דאָך נאָר איין מענש אַליין". — און אַז איך בין דורכן כח פון דער פובליקע סוף כל סוף אַריינגעשטופּט געוואָרן אין קדשי קדשים פון דער „טשרעזווייטשאַיקע", האָב איך געלאַכט מיטן גאַנצן האַרצן. צי איז דאָס מיגליך? האָט דער דיכטער פונם „רבי פון באַכראַך" אַזוי שאַרף געזעהן? מיט צוויי־דריי דורות צוריק האָט דער „איין מענש אַליין" געהיט דעם טויער פון פראַנק־פורטער געטאָ, און איצט שטייט ער ווידער, דער זעלביגער, און בעט זיך רחמים, מען זאָל אויף אים קיין פּאַראיבל ניט האָבן. עס איז מיר געוואָרן טרויעריג צו מוט, און באַלאָדן מיט אַלע מיגליכע און אוממיגליכע „פּאַפּירן", האָב איך זיך געלאָזט שפּאַנען אַהיים. גאָט דו גרויסער, צי וועט קיין מאָל ניט קומען אַ סוף צום געטאָ?!

אין איינעם אַ וואונדער־שיינעם ווינטער־טאָג, פינף אַזייגער אין דער פריה, האָב איך געשטופּט צום וואָקזאַל אַ באַלאָדן וועגעלע, וואָס די קיעווער האָבן דעם מיט ביטול אַ נאָמען געגעבן טראָצ־קיס עקיפּאַזש. מיין פרוי האָט מיר טרויעריג צוגעוואָרפן אַ וואָרט: אַזוי זיינען די יידן ארויסגעגאַנגען פון מצרים. נאָר מיין אַכט־יאָריגער בחור איז געווען מלא שמחה, וואָס מיר האָבן אָפּגענאַרט דעם באָלשעוויסטישן פּרעה. אַז מיר זיינען שוין געזעסן אין וואַגאָן, וואָס האָט פריהער געדאַרפט פירן די כשרע בהמהלאַך, האָבן מיר דערפילט, אַז די וועלט איז שיין און וואויל. דער יאָך, וואָס האָט אונז געדריקט, האָט געהאַלטן אין אָפּגעטאָן ווערן, און איך האָב געפילט, ווי מיר ווערן בהדרגה מגולגל פון „פּאַרשוויע־רער" קעגן דער מלוכה־קאָמוניסטישער קנעכטשאַפט צו פּשוטע אויסוואַנדערער. אין דריי שעה אַרום אָבער האָט מען אונז ווידער אַמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז מיר זיינען אַנטרונענע. מיר האָבן

אויף איין סטאַנציע געדאַרפט וואַרטן אַ האַלבן טאָג, ביז מען האָט אונז אַריינגענומען אין אַן אַנדער צוג, אַ מיליטערישן, וואָס איז געווען פול באַלאָדן מיט געשמוגלטע סחורות. סאָלדאַטן האָבן אַרומגעזוכט אין אַלע וואַגאָנעס, מיר אָבער זיינען געלעגן באַהאַלטן אין דער פינסטער הינטער קאַסטנס. עס האָט זיך גע־פונען איינער אַ פאַרשטעלטער „חבר“, וואָס האָט, אָהן צו פאַר־לירן אַ וואָרט, פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מען קאָן אונז העלפן. זיינע איבעריגע חברים האָבן סימפּאַטיזירט שטילשווייגנדיג. אַז עס איז געוואָרן נאַכט, האָבן מיר זיך צעשיידט מיט די גוטע מענשן, און פון דעמאָלט אָן זיינען מיר אין משך פון דריי וואָכן צייט גע־פאָרן ביי 320 ווערסט פער אַקס אין שניי און פראָסט, אויסגעמיטן די אייזנבאַן.

מיין פאַמיליע און דער קרייז גוטע פריינט, וואָס זיינען גע־פאָרן אין איינעם מיט אונז, זיינען דורכגעזעסן אַ נאַכט אין אַ קרעטשמע. באַגינען האָט אָנגעקלאַפּט דער פויער, וואָס מיר האָבן מיט אים נעכטן געהאַט אָפּגערעדט: „איי, ספּעקולאַנטי (שפּע־קולאַנטן), זייט איר פאַרטיג?“ מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן: דאָס מיינט ער אונז. דער אוקראַינישער פויער האָט בעת דער רעוואָ־לוציע געטאָן די פּעולה, וואָס ער האָט דעם סוחר געקרוינט מיטן נאָמען שפּעקולאַנט, נאָר ער האָט חלילה דערביי ניט געמיינט עפּעס שלעכטס. אויך מיר זיינען אין זיינע אויגן געווען אַזעלכע „שפּע־קולאַנטן“. אין עטליכע שעה אַרום זיינען מיר אָנגעקומען אין שטעטל רוטשין, וואו עס האָבן אויף אונז געוואַרט אַ סך אַנטרו־גענע. דאָ האָט זיך ערשט געדאַרפט צונויפשטעלן דער אמתער אויסוואַנדערער־טראַנספּאָרט.

זינט דעמאָלט איז מיר אויסגעקומען גאָר אַ פולע צו געניסן זיי, די קליינענקע יידישע שטעטלאַך אויף אוקראַינע, אַלע אַרומגע־רינגלט מיט אַ קראַנץ פון פויערשע ישובים. אַמאָליגע יאָרן פלעגט מיר שיער דאָס האַרץ פּלאַצן, ווען איך פלעג זיך דערמאָ־

נען אָן די דאָזיגע שטעטלאַך. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, זיי זיינען עלנטע און פאַרלאָזענע, מיר האָט אויסגעוויזן, אַז אַן אייביגע פיינטשאַפט דאַרף געוועלטיגן צווישן די אין עצם פאַרשיידענע פעלקער, לכל הפחות, מען דאַרף זיין אָפּגעשטויסן איינס פון אַנדערן, און נאָר פון צייט צו צייט קאָן דער הומאָר, דאָס קאַטאָוועסל פון ביידע זייטן אַ ביסל מילדער מאַכן די אָנגעשטרענגטקייט. ווי קאָן ער דאָס אַזוי לאַנג אויסהאַלטן, דער „שוואַכער", „געבראָכענער" ייד, ווי קאָן דאָס אַריבערטראָגן דער „כאָכאָל", וואָס איז צוגעוויינט צום רויש פון דער נאַטור און צו דער בונטקייט פון מענטשן, דעם יידישן מענטש מיט זיין פרעמדלענדישן פוריטאַניזם, מיט דער דרומדיגער באַוועגלעכקייט פון זיינע מאַנסבילן און מיטן אייביקן טרויער אין די אויגן פון זיינע פרויען? ביי מיר האָט שיער ניט דאָס האַרץ געפּלאַצט, און דערביי האָט מיר יאָרן לאַנג אויסגעוויזן, אַז אַלע איינוואוינער פון די יידישע קליינע שטעטלאַך זיינען ביזן לעצטן פּינטעלע גלייך איינער צום צווייטן. אָט די אַלצאייניקייט אינם בוי פונם שטעטל, אינם אויסזעהן פון די מענטשן, בפרט אין זייער לעבנס-פיר, האָט ווי אַ שווערע משא געדריקט אויף דער נשמה, און עס האָט געצויגן ווייט, ווייט אַוועק פון דאָרט, און עס האָט זיך געוואָלט קיין מאָל מער ניט צוריקקומען אַהין. אין שפּעטערדיגע יאָרן האָב איך אויף מיינע פיל-פאַרצווייגטע וואַנדערונגען באַגעגנט מחנותווייז אַוועקגעגאַנגענע פון די יידישע שטעטלאַך אין דער גרויסער וועלט פון קאַמף און לעבן. און אין איין שיינעם טאָג האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט דזשעסיקאַ, שוין נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט אַוועקגעוואָרפן איר פעטער, וואָס איז תמיד געווען פאַרדאַגהט איבער זיין מענטשן-רעכט. און ווידער אַמאָל האָט ביי מיר שיער דאָס האַרץ ניט געפּלאַצט. קיינער פון די פאַרוואָגלטע האָט קיין פרייען פריילעכן מוט ניט געהאַט, און דער טרויער אין דזשעסיקאַס אויגן איז געזעסן טיפער, ווי פריהער. מען האָט געשמועסט שטילערהייט עפּעס וועגן „צוריק אַהיים", און דאָס אַמאָל

פֿאַרלאָזענע שטעטל האָט גענומען זיך איינהילן אין בענקענדיג־
וואַרימע פֿאַרבן. דאָס יידישע שטעטל האָט זיין תיקון געקראָגן.

אין שטעטל גופֿא אָבער, וואָס איז אין דער וועלט פֿון די פֿאַרוואָגלטע אַזוי אַרום פֿון דאָס ניי אַנטדעקט געוואָרן, האָט זיך אַן איינן לעבן גערירט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גראָד די שוואַכע און געבראָכענע זיינען די שטאַרקע, די איינגעוואָרצלטע. דעמאָלט, בעת די בלינדע האַנט פֿון די קריגס־פֿירער האָט ביי זיי האָב און גוטס צוגערויבט און זיי גופֿא מחנותווייז אין דער פֿרעמד פֿאַרטריבן, אויך שפּעטער, אַז די סקיטן, אָנגעטאָן אין בונטן מונ־דיר פֿון היסטאָריש־פֿאָלקישע אידעאָלאָגיעס, האָבן זיי הונדערטער־טויזנטערווייז געפּייניגט, דעמאָלט ערשט האָט זיך אַרויסגעוויזן, פֿון וואַנען עס וואַקסט דער קליינשטעטלדיגער ייד, וואָס די מאָדע האָט אים מבטל געווען. זיין אומגליק איז גאָר געווען, וואָס ער איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן דירעקט פֿון שטעטל אינם הוהאַ און טומל פֿון דער קריגס־ווירטשאַפֿט, און דערנאָך פֿון דער רע־וואָלוציע. און דאָך האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ בעל־הבית און אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער העכסטער מדרגה. אָט פֿון די דאָזיגע כשרונות זיינע איז פֿאַר אים שפּעטער, פֿאַרשטייט זיך, די שטריק געדרייט געוואָרן.

דאָס שטעטל איז אַנדערש און באַטייט מער, ווי עס האָט אונז אויסגעוויזן אין אונזערע יונגע יאָרן. נאָך גרעסער איז זיין סימבאָלישער ווערט. איטליך שטעטל היט געטריי אָפּ דעם אָנ־דענק אָן אַ וואָסער עס איז צדיק און איז אַרומגעשפּונען מיט אַ קראַנץ אויסטערלישע לעגענדעס. אויך אין רוטשין איז אַמאָל געזעסן דער „רוטשינער רבי‟, און מען האָט מיר באַוויזן דאָס קליין שטיבל מיטן הילצערנעם גאַניקל אויפֿן קויטיגן מאַרק־פּלאַץ, וואו ער האָט זיין מלוכה געפֿירט. און די מענשן דאָרט האָבן עפּעס אין זיך פֿונם „רוטשינערס‟ גייסט און זיינען לחלוטין ניט גלייך איינער צום צווייטן. איך האָב דאָרט געטראָפֿן פֿרויען און

מענער פֿון אַ גרויסן פֿאַרנעם, מענשן, וואָס טראָגן אין זיך געשיכטע און אַנטפּלעקן אַן אייגענעם גורל. די דאָזיגע האָבן זיך אַפֿילו ניט פֿאַר די סקיטן דערשראָקן, און אויב זיי האָבן אויף אַ צייט פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל, איז דאָס געשעהן נאָר מחמת אַן אינעווייניגסטן דראַנג, בכדי צו פֿאָלגן אַ אידעאַל, וואָס איז יאָרן לאַנג אויסגעטראָגן געוואָרן.

אין דער מענשן־וועלט באַגייט מען זיך ממש באַרבאַריש. גראָד די נעמען פֿון יענע אמת גרויסע ווערן ניט אָנגערופֿן, ווייבאַלד אַז זיי זיינען ניט קיין שיין־ריידערס, לאָזן זיי זיך ניט אויסקלייבן אין די פֿאַרטיי־קאָמיטעטן און טראָגן ניט קיין שווערד אין דער האַנט. שיקט אָפּ צו אַל די גוטע יאָר די מאָדעס און לאָזט מיך אים אָנרופֿן ביים נאָמען. יחיאל רבינאָוויטש איז קיין מאָל אויף „פּאָדאָל“ ניט געזעסן, הגם אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער זוכה געווען צו סמיכה אויף רבנות. דער דאָזיגער אַריסטאָקראַט פֿון געבליט און נשמה איז פֿון זיך אַליין געוואָרן די צענטראַלע פֿיגור אין רוטשין. אומבאַמערקטערהייט, גאָר אָהן אַ שום מיין האָט ער געבויט און געפֿירט מילן און באַשאָנקען אַזוי אַרום דאָס שטעטל מיט עלעקטריש ליכט. פֿאַר די אייגענע חברים האָט ער אויסגעבויט אַ העברעאישע גימנאַזיע. ער האָט אַרום זיך אַרומגעקליבן סיי פֿויערים, סיי יידן. אַז דער דאָזיגער פֿון אויסווייניג פּשוטער און שטילער מענש איז געגאַנגען דורכן שטעטל, איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען אויף. אין רוטשין האָבן געלעבט רייכערע און געלערנטערע און גליקליכערע מענשן, אָבער די ראָלע פֿונם „רוטשינער“ האָט מען געהאַט אַריבערגעטראָגן אויף יחיאלן. און אַז עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז יחיאל, געטריבן פֿון אַן אינעווייניגסטן פֿאַרבאַהאַלטענעם פֿאַרלאַנג, וואַרפֿט אַוועק האָב און גוטס און וויל זיך לאָזן קיין ציון, האָבן זיך אויפֿגעהויבן אַ סך משפּחות אין די שכנישע שטעטלאַך און ישובים. אין עטליכע טעג האָבן זיך באַוויזן אַכטצעהן בוידן, געדעקט מיט וויסן לייוונט,

אַלע האָבן געוואָלט מיטפאָרן. פויערים, באַלשעוויסטישע גדולים, די איבערגעבליבענע יידן, אַלע זיינען זיי געקומען, בכדי צו העלפן יחיאלן ביי זיין גרויסער נסיעה. און דעמאָלט איז מיר אויסגעקומען צו זעהן, וואָס פאַר אַ התלהבות עס שטעקט אין אַזאַ איינעם, וואָס זיין גאַנץ לעבן פאַשטייט נאָר אין שאַפן און געבן. אין עטליכע טעג איז יחיאלס גאַנץ אייגנס געמאַכט געוואָרן צו געלט, וואָס דער גרעסטער טייל דערפון איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די איבערגעבליבענע. פאַר איטליכן, וואָס איז געבליבן, האָט מען ערנסט געזאָרגט. עס איז געקומען די שעה פון שיידן זיך. עס האָט געשלאָגן דריי אַזייגער ביינאַכט. קליין און גרויס האָט זיך צונויפגעקליבן אין שטוב פון מרים לאה — דער ציוני־סטישער מוטער פון שטעטל, וואָס האָט פאַרשטאַנען סיי קיה צו מעלקן, סיי קאַנטן צו לייענען, טאַקע עמאַנואל קאַנטס ווערק אין אָריגינאַל, און סיי אויסצוהערן און צו טרייסטן יעדער געבראָכן האַרץ. אין דער דאָזיגער שפּעטער שעה ביינאַכט זיינען מיר אַלע געשטאַנען אין קרייז פון מרים לאה, טיף גערירט און מיט גלעז־לאַך בראָנפן אין די הענט האָט מען צוגעוואונשן יחיאלן „לחיים!״. „לחיים, יחיאל״, האָבן אויך די פויערים נאָכגעזאָגט זייערע געטרייע מענשן. יחיאל איז געווען דער לעצטער, וואָס איז אַרויף אויף איינעם פון די עלף פורן. פון דער פינסטערניש פון דער נאַכט האָבן זיך שטערן איינגעשטעלט אַראָפּצופינקלען. איך האָב פאַרגעסן אָן אַלע צרות און סכנות, האָב אַרויפגעקוקט צו די שטערן אַרויף, געזעהן אונטן דעם ווייסן צוג פון די וואַנדערער, און אַן אַלטער לאַנג־פאַרגעסענער ניגון איז פון דער טיף אַרויפגעשוואו־מען. אין דער נשמה האָט געקלונגען: מה טובו אוהליך יעקב! ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב! דער צוג האָט פּאַוואָליע זיך גענומען רירן. רוטשין ליגט שוין הינטער אונז. שוואַרצע שאָטנס פון דער מערקווירדיגער נאַכט נעמען אונז אַרום. מען האָט בטחון אין גאָט און מען קוקט נאָך דעם אייגענעם גורל. און

חלוצים ווערט מען דערשראָקן. צוויי רייטערס יאָגן אונז נאָך, זיי
זיינען שוין גאָר נאָהענט נעבן אונז. די פורלאַך בלייבן שטיין.
מיר הערן זיך צו: יחיאל, האָב קיין מורא ניט, יחיאל! דאָס זיי⸗
נען מיר, די מיליציע פון דער ראַטן⸗מאַכט. פאָר זיך געזונטער⸗
הייט, וואוהין דיין גוט האַרץ באַגערט. יחיאל, זאָג נאָר איין
וואָרט, גיב אַ וואונק נאָר, און די גראַנאַטע, וואָס איך האַלט אין
האַנט, וועט פלאַצן פון דיין כבוד וועגן. דו ווילסט ניט, טאָ ער⸗
לויב פון ביקסן... עס האָבן זיך דערהערט צוויי, דריי שאָסן. סאָ⸗
וועט⸗אוקראַינע שיסט סאַלוטן לכבוד דעם איידעלן מענשן אויף
זיין גרויסער נסיעה אין הייליגן לאַנד. מיר אַלע האָבן געהאַט אַ
חלק אין דעם מערקווירדיגן גורל פון אָט דעם פשוטן ערליכן ייִדן.
דאָס מאָל איז רוטשין שוין טאַקע געווען הינטער אונז.

אַז עס איז געוואָרן ליכטיגער טאָג, האָב איך דערזעהן, אַז אַ
סך פורן פון אונזער צוג פעלן. ביי נאַכט האָט דער צוג זיך צע⸗
טיילט, און מיט אונז זיינען געבליבן נאָר דריי פורן, וואָס האָבן
עלנט און פאַרלאָזן געקעמפט קעגן גאַנצע הויפנס שניי. אין
גאַנצן דורכגעפאָרן האָבן מיר אויסגעקוקט אויף אַ שטיקל ערד,
וואו מענשן וואוינען, פון דער אַנדער זייט, האָט איטליך דאָרף אויף
אונז אָנגעיאָגט שרעק און אימה. ווי וועלן מיר אויסמיידן דעם
„קאָמבעד“ (אַזוי אָנגערופענע קאָמיטעטן פון די אָרימעלייט) און
די איבעריגע באָלשעוויסטישע שררות. אַז די פויערים זאָלן
אַרויסווייזן שנאה, דערין האָט קיינער פון אונז ניט געגלויבט. טיף
אין דער נשמה האָבן מיר געשפירט, אַז די פויערים דאַרפן סימפּאַ⸗
טיזירן מיט אונזער אונטערנעמונג. געפייניגט פון די דאָזיגע גע⸗
מישטע געפילן האָבן מיר שפּעט בייטאָג גענעהעט צו אַ פאַר⸗
שנייטן דאָרף. דער ערשטער קבלת פנים האָט ממש אָנגעוואָרפן
אַ מורא. אַנטקעגן אונז זיינען געקומען צו רייטן גאַלאָפּ עטליכע
רויטע סאָלדאַטן. מיר זיינען געבליבן שטיין. ביי אַ צעהן פאָר
מענשן⸗אויגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אויף אונז, אַזוי ווי זיי וואָלטן

אונז געוואָלט דורכלעכערן. אָהן צו רעדן אַ וואָרט האָבן דריי רייטערס אומגעביטן זייערע צעריסענע ווינטערדיגע היטלען אויף בעסערע, וואָס אונזערע מיטפאָרער האָבן געטראָגן. צוויי אַנדערע סאָלדאַטן זיינען באַלד אַראָפּ פון די פערד און האָבן זיי אויסגעביטן אויף צוויי פון די אונזעריגע. און דאָס איז געשעהן ביי דער גרעסטער רוה, אַז ווי דאָס אַליך האָט געדאַרפט געשעהן מיט פולן רעכט. איך האָב גרינגער אָפּגעעטעמט. דאָס זיינען, הייסט דאָס, ניט געווען קיין באַנדיטן; דאָס זיינען געווען סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך צוגעוויינט צו די ווילד-פרייע מנהגים פון קריג. פאַר זיי זיינען מיר געווען שטאָט-מענשן, בירגער, „בורזשואַזיע“, וואָס מיט זיי פירט מען דאָס בעצם די מלחמה, אָבער ביי היינטיגן טאָג איז אַ שטיקל הפסקה אין דער מלחמה. מיר אָבער האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן אויף רוה אינם דאָזיגן דאָרף, און ערשט אין שכנישן האָבן מיר אויפגעשטעלט אונזער צייטווייליגן לאַגער. די פויערים האָבן אונז אויפגענומען פריינטליך און האָבן אונז צו וויסן געגעבן, נאָך איידער מיר האָבן געפרעגט, אַז ביי זיי אין דאָרף זיינען איצט, גאָט צו דאַנקען, קיין רויטע ניטאָ.

אַ געוויינטליך בילד פון אַן אוקראַינישן פויערים-שטיבל, ווי עס האָבן נאָך געקענט אונזערע זיידעס. א יונגע פרוי זיצט ביים וועב-שטול, ערגעץ ביי דער זייט מייסטערט עפּעס דער „כאָזיאַאין“ (דער בעל-הבית) און די „כאָזיאַיקע“ (בעל-הביתטע) פאָרעט זיך ביי דער קיך. אַלע רעדן זיי הויך צווישן אַנאַנד און מיט אונז, די אורחים, קודם כל. גאָר אַנדערש ווי אין צפון, ביי די גרויסרוסן. דאָרט רעדט נאָר דער בעל-הבית, און דאָס הויזגעזינד מוז מיט יראת הכבוד צוהערן זיך. אין אַ ווײלע אַרום ווייסן שוין די שכנים וועגן אונזער קומען, און די שטוב איז פול נייגעריגע. דער שמועס קאָנצענטרירט זיך ניט ווילנדיג אויף די אַגראַר-פאַרהעלטעניש און אויף דער אַלגעמיינער אינדוסטריעלער פאַראָרימונג. מען

מוז ווידער זיך אומקערן צום וועבשטול און צום ברען־שפּאָן („לוּ־טשינע"). ווי פּאַרצייטן, אין דער צייט פון די האַידאַמאַקעס, איז דאָס ווידער דאָס זאַלץ, וואָס שטייט אין צענטער פון די זאָרגן אין דער בעל־הבתּישקייט. די פּאַרטיילונג פון דער ערד איז אויך ניט אַרויסגעקומען כּדבעי. דער באָלשעוויסטישער פּאָסטולאַט „רויב דאָס גערויבטע" האָט אַרויסגעבראַכט מערקווירדיגע רעזול־טאַטן. איטליך דאָרף האָט צעטיילט די ערד און דאָס האָב און גוטס פונם געוועזענעם בעל־הבית דעם פּריץ, און אַזוי ווי די פּרי־צים האָבן ניט געהאַט קיין גלייכע נחלאות, אַזוי האָבן די איינציגע דערפער געקראָגן פאַרשיידענע חלקים. און איצט פירן די שכנישע דערפער אַ ביטערע מלחמה צווישן אַנאַנד. די אַגראַר־מלחמה האָט זיך נאָר אומגעביטן צווישן די צדדים. די פּויערים דערציילן, אַז אָפּטמאָלס אין די חגאות קומט עס צו אמתע שלאַכטן. עס ווערט בלוט פאַרגאָסן, און מען זוכט זיך צו פאַרשאַפן רעכט, פּונקט ווי אין אוראַלטע צייטן, מיט העק און דריקעס. אָבער וועגן דעם, וואָס מען האָט ביי די פּריצים אָפּגענומען די ערד, פאַר־לירט קיינער קיין וואָרט ניט. דאָס איז געשעהן על פּי יושר, אַזוי אַז קיינער האָט דעריבער קיין חרטה ניט.

מיך רינגלען אַרום זכרונות און איבערלעבונגען פון די ערשטע יונגע יאָרן. אָט אין אַזאַ דאָרף האָב איך צוערשט די ליכטיגע שיין פון דער וועלט דערזעהן, אין אַן ענליכער פּויערים־וועלט איז מיין ערשטע קינדהייט דורכגעלאָפן, און איצט בין איך ווידער דאָ. וואָס פאַר באַגעגעניש און ביי וואָסערע מאָדנע אומשטאַנדן! פונ־דעסטוועגן: דאָס גלייכע האָט זיך אומגעקערט — דער כּישוף פון יענער וואונדערליכער פּויערים־וועלט ציהט מיך צו זיך און צו־גלייך שרעקט זי מיך אָפּ. איך האָב עפּעס מורא פאַר די ווייסע פּעלצן פונם פּויערשן דעמאָניזם, וואָס איך קאָן צו זיין שורש ניט דערגיין. ווידער אַ מיראַזש, וואָס פאַרכאַפּט איינעם. ווייט איז די גרויסע וועלט פון שטרעבונגען און קאַמף, ווייט, ווייט פון

דאַנען ליגט איצט דאָס אייגענע לעבן. פאַרשוואונדן איז דער גאַנצער נימוס פון דער גרויסער וועלט, און אַפילו די סכנה, וואָס גייט אונז נאָך פוס=טריט, איז עפּעס אַזוי ווי צערונען, געבליבן שטיין. נאָר איך און דער פויער, דער פויער און איך, אָ פאַרשלאָסענע פרידליכע וועלט, קוקן זיך איינער דעם אַנדערן אין פּנים, אָהן דערביי עפּעס נוצן צו ציהען. אַודאי בין איך דער שוואַכערער, דער געשלאָגענער קריגסמאַן, וואָס געגעהנט איצט צום שטאַרקערן, גיט זיך אונטער אויף זיין גענאָד און ערליכקייט. מיך שרעקט פאַר מיר אַליין, פאַר מיינע אייגענע און ליבע, פאַר מיין גאַנצן גורל. איך געטרוי ניט קיינעם און האָב פאַר אַלץ מורא. איך באַשולדיג זיך, מיין גאַנץ לעבן, איך וויל ניט און קאָן ניט מודה זיין אין מיין מפּלה. איך מאַך צולעצט אַ גרויסע אָנשטרענגונג, בכדי זיך צו באַפרייען פונם דאָזיגן עיגול פון שרעק און כּישוף=קראַמפּט. איך טו אויס דעם מענשן אין גאַנצן, טו אָפּ פון זיך גאָר די קולטור און היסטאָריע, ווענד מיך אָפּ סוף כּל סוף אין גאַנצן פון ד ע ר וועלט. און דעמאָלט נעמט זיך רירן עפּעס אין די טיפעניש פון דער נשמה, עפּעס שטאַרקס און אומפאַרמיידליכס פאַרכאַפּט מיך, אַ געפיל פון בטחון און גאָט נעמט שטיל און פּאַטערליך מיך איין. אָט דאָס איז דער גוטער מלאך, וואָס באַגלייט אויף די מסופנדיגע וועגן פון וואַנדערשאַפט, אַזוי זעהט אויס דער באַלאַנס, וואָס סומירט זיך פון דער ווייט פאַרצווייגטער לעבנס=נסיעה. מיט גאָטס הילף און אין גאָטס נאָמען ווייטער, ווייטער אַוועק פון דאַנען.

ווידער די ברייט אויסגעשפּרייטע שניי=מדבריות, כּמעט גאָר קיין וואַלד ניטאָ און דערפער, דערפער אָהן אַ צאָל. מען שטעלט אונז אָפּ, מען קוקט דורך אונזערע פּאַפּירן. מען פרעגט אונז אויס, צי האָבן מיר ניט באַגעגנט אונטערוועגס מאַרוסיען, אַ פירערין פון אַ באַנדע, וואָס בושעוועט קעגן „מאָסקאָוויטער, יידן און קאָמוניסטן“. אַ גאַנצע מחנה רויטע רייטערס יאָגן זיך נאָך אָט

דעם „טייוול אין געשטאַלט פון אַ פרוי". מיר פאַרקערעווען, מאַכן אַ גרויסן אומוועג און באַגעגענען זיך מיט איינציגע פורן פון אונזער צוג. טייל קלאָגן זיך און האָבן חרטה. צוויי פורן האָבן זיך שוין אומגעקערט צוריק אין שטעטל אַריין. מען קלערט אַרום דעם פאָרשלאָג זיך נעהענטער צוצורוקן צו דער אייזנבאַן־ליניע. איבער די „טשעקיסטן", וואָס פאַרנעמען די ראָלע פון דער אייזנבאַן־זשאַנדאַרמעריע, ווערט דער דאָזיגער פלאַן בטל. די פורמאַנעס, על פי רוב יידן, שילטן, סטראַשען און קריגן זיך צווישן אַנאַנד. עס האָבן זיך געלאָזט הערן עטליכע פסוקים, און מיין אויער האָט פאַרנומען בלויז די פאָר ווערטער פון ספר שמות: ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישו — גאָט וועט פאַר אייך מלחמה האַלטן, און איר שווייגט. בכן, האָב איך ביי מיר געקלערט, איז דאָס ספר אַ לעבעדיג לערן־ליד, וואָס שטייט ביי דעם יידן אויך אין דער דאָזיגער שניי־מדבר, בעת עס גייט צו ראַטעווען זיין קליינ־טשיגן מענשן־גורל. מיר איז ליכטיג געוואָרן אין מוח: די אַלטע געשיכטע איז אין פולן גאַנג, זי האָט בעצם קיין מאָל ניט אויפ־געהערט. מיך האָט אָבער געדריקט דאָס, וואָס עס פעלט דאָס „צוגעזאָגטע לאַנד", וואָס האָט געשוועבט אין גייסט פאַר די אבות און אויך פאַר אַזוי פיל „עולים" אין אונזער שותפישער געשיכטע פון די מערב־לענדער. נאָר דאָס „פון־וואַנען" איז געשטאַנען קלאָר פאַר די אויגן, דאָס „וואוהין" אָבער איז געווען פאַרהוילן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, וואָס האָט זיך איצט מיט אַמאָל אַראָפגעלאָזט.

דער צוג, איצט פאַרמערט דורך די צוגעקומענע פורן, האָט זיך סוף כל סוף געלאָזט אין וועג אַריין. אין גיכן זיינען מיר געפאָרן דורך דער ברייטער גאַס פונם דאָרף „שטשאַסטליוואָיע", וואָס האָט, אין פלוק, פאַר אונז באַדאַרפט באַטייטן פונקט דעם היפוך, וואָס זיין נאָמען. דאָס דאָרף איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. אַ לאַנגע צייט זיינען מיר געלאָפן פון שטוב צו שטוב, נאָר קיינער

האָט אונז ניט אַריינגעלאָזן. דער פּראָסט האָט זיך געשטאַרקט, מיר האָבן געבעטן רחמים און געפּאָדערט, מען זאָל אונז אַריינלאָזן. זאָל קומען, וואָס עס וויל! שפּעטער, אַז מיר זיינען געלעגן אין אַ וואַרימען פּויערשן שטיבל ביים ברען־שפּאָן, האָבן מיר געקראָגן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די איינוואוינער פונם דאָרף מיטן נאָמען "גליק" האָבן אונז ניט געוואָלט צונעמען פאַר געסט. מען האָט זיך גערעכט, אַז אין עטליכע שעה אַרום זאָל אָנקומען די קאָזאַקן־אַרמיי פונם באַוואוסטן בודיאָני. אַלע עפּעס ייִנגערע פרויען און מיידלאַך זיינען געלעגן באַהאַלטן אין היי, און די פּויערים האָבן מיט רחמנות אונטערגעברומט: וואָס זאָלן מיר טון מיט אייך? מיר קאָנען היינטיגע נאַכט ניט ערב זיין פאַר אונזער אייגענעם לעבן, פאַר אונזער האָב און גוטס, ווי זשע זאָלן מיר זיך איינשטעלן פאַר אייך? וואָס וועט פון אייך, יידן, ווערן? — אונזער פריינט און חבר, יחיאל, האָט ניט גערוהט. פון איטליבן פון אונז האָט ער געמאָנט: ניט מיר אַהער אַ יידן! אַ יידן וויל איך זעהן! — געמיינט האָט ער, פאַרשטייט זיך, אַ היימישן, אַן אָרטיגן יידן. מען האָט אים ניט געקאָנט איינהאַלטן, אים דעם שטילסטן און צום מיינסט שרעקעדיגן. ער האָט איבערגעלאָזן ביי אונז זיין מוטער, זיין פרוי און דעם איינציגן זון און איז אַוועקגעלאָפן זוכן, אַרומגישטערן אין דאָרף אַרום. אין אַ היפּש לאַנגער צייט אַרום איז ער געקומען צו לויפן: ניטאָ קיין איין ייד אין דאָרף, אַלע אָדער אויסגעקוילעט אָדער צעלאָפן זיך בעת דער ממשלה פון די אוקראַינישע באַנדעס. און די קאָזאַקן, זאָגט ער, זיינען שוין דאָ, ער האָט אַליין געזעהן רייטערס. — גאָר שטיל איז עס געוואָרן אין דעם פּויערשן שטיבל, די בעל־הביתטע האָט אויסגעלאָשן דאָס פייער, די אַלטע האָבן זיך באַקרייציגט און האָבן זיך קרעכצנדיג אַנידערגעלייגט: גאָט, העלף און באַשיץ!

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, איז די גאַס פול געוואָרן מיט קאָזאַקן, סאָלדאַטן. מען האָט געזונגען, געשריען, געלאַרימט. דאָס

איז געווען דער אַוואַנגאַרד פון דער רויטער אַרמיי, וואָס איז גע־
גאַנגען פון רומענישן גרעניץ אין קיעווער געגנט. דאָס דאָרף איז
אויפגעוועקט געוואָרן, דורך די קליינע פענסטערלאַך פון די
פויערים־שטיבלאַך האָבן שוואַך אַרויסגעשיינט די ברען־שפּענער.
אויך ביי אונז אין קוואַרטיר איז געוואָרן ליכטיג און רירעוודיג.
קאָזאַקן, סאָלדאַטן זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען און ווידער
געקומען. דער פויער האָט פאַר זיי אַוועקגעשטעלט קאַרטאָפלעס
און זיי האָבן געמאָנט ברויט, פעטס און פוטער. אַלע געוויקסיגע,
קרעפטיגע גרויסרוסן. — נו, זיידע, ניט זיי קיין קמצן, נעם בעסער
אויף אורחים! און וואו איז די שיינע „דיווטשינאַ“? וואָס, חתונה
געהאַט? אָך, איר זשוליקעס! און ווער זיינען אָט די דאָזיגע
נפשות? בלאָנזשענדיגע מוזיקאַנטן, וואָס? כאַפּט אייך דער רוח,
איר כאָכלעס אין איינעם מיט די יידן. — זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען
און ווידער געקומען. — איך האָב מיך אַרומגעקוקט. נעבן מיר
איז אויף אַ זאַק איינגעקאָרטשעט געזעסן מיין פרוי, דאָס ייִנגל
איז געשלאָפן און די איבעריגע רייזנדער זיינען געלעגן אויף דער
קאַלטער פאָדלאָגע ווי געשטאָרבענע. אונז אָבער האָט די ערד
געגומען ברענען אונטער די פיס. די לאַגע איז געווען אַ געפערליכע.
מען האָט געדאַרפט עפּעס טון. — ווער בין איך? — אַ לערער,
וואָס פירט אָפּ זיין משפחה קיין מאָהילעוו. און יענע דאָרט? —
אָרימע וואַנדערער, וואָס זוכן נאָך אַ שרפה זיך נייעם מקום־
מנוחה, אָרימע מענשן! — צוליב וואָס אַ סך רעדן? צי
ווילן די האַרן אפשר אַ ביסל אַ הוליע טון, מען איז מיד פון וועג
און די נאַכט איז לאַנג. — גוט, גוט, אָבער איך וואָלט געוואָלט,
די דאַמע זאָל מיר אויפזוכן עפּעס אַ העמד, און איך וויל אַ וואַריס
לייבל. — אָך, מיט פאַרגעניגן, אָט זיינען דריי העמדער פאַר אייך
דרייען און אָט דאָס לייבל. — זיי זיינען אַוועק און זיינען ווידער גע־
קומען, און עס זיינען געקומען אויך אַנדערע. און אַזוי איז עס
געגאַנגען די גאַנצע נאַכט. — דער חשק פון די יונגען האָט גאָר

קיין סוף ניט געוואָלט נעמען. און ווידער אַמאָל: ווער, צוליב וואָס, וואוהין? — צו דעם ביז גאָר אָנגעשטרענגטן פּסיכאָלאָגישן דועל, וואָס איז פון ביידע צדדים אָפּגעשפּילט געוואָרן אויפן פיינסטן אופן און וואָס האָט ביי אונז געפאָדערט אָנצו־שפּאַנען אַלע נשמה־כּחות, האָט ערשט דער באַגינען געמאַכט אַ סוף. איך האָב געשמועסט מיטן רויטן קאָמאַנדיר, וואָס איז פריהער געווען אַ פעלדוועבעל, ער זאָל אונז לאָזן אָפּפאָרן. די סאָלדאַטן האָבן געמאָנט שטיוול. דער קאָמאַנדיר האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג, און אַז די חברה־לייט זיינען געוואָרן חוצפּהדיג, האָט ער זיי פונאַנדערגעטריבן. איך האָב געקראָגן אַ שטיקל פּאַפּיר, אָנגעשריבן מיטן קאָמאַנדירס האַנט, קוים איבערצולייענען, אַן ערלויבעניש דורכצופאָרן. איך, אַ לערער, און ער, דער קאָמאַנדיר, האָבן גאָר אַנדערש גערעדט מיט אַנאַנד. מיר זיינען דאָך ביידע „געבילדעטע" מענשן. וואָס קאָן מען האָבן טענות צו יענע מוזשיקעס! פאָרט געזונטערהייט. ווידער אַ גאַניץ צאַרט געשפּונענער פּסיכאָלאָגישער נעץ. ווי דאָס אַליין שטרענגט אָן און מאַטערט אויס אויף טויט! איצט זיינען מיר ווידער געזעסן אין יעקבס געצעלטן און אין גאַלאָפּ, ווי ווייט עס האָבן געקלעקט די כּחות פון אונזערע אָרימע פערדלאַך, האָבן מיר זיך געלאָזט פאָרן פון דאַנען. געלויבט איז גאָט, דער הערשער אין הימל און אויף דער ערד. ווידער אַ גרויסע סכּנה הינטער אונז. דאָס דאָרף „שטשאַסטליוואָיע" האָט סוף כּל סוף געטריי אָפּגעהיטן זיין נאָמען. איך ווינש אַלע קינדער פונם מין מענש אַ גליקליכערן מקום מנוחה, הגם מיט אַ ווינציגער פּרעטענציעזן נאָמען.

דער פראָסט איז געוואַקסן, עס איז אויסגעבראָכן אַן אמתע זאַ־ווערוכע, דער ווינט האָט אויפגעהויפנט גאַנצע זיילן שניי. מיר זיינען נאָכגעלאָפן אונזערע געצעלטן צו פוס און ביי דער זייט זיינען געלאָפן ברענענדיגע שניי־זיילן, אַזוי אַז ציימנווייז האָט מיר אויסגעדוכט, אַז דער עמוד הענן, וואָס האָט געפירט אונזערע על־

מער=ווידעס אין דעם מדבר, קלייבט זיך איצט אויך אונז צו באַ=
לייטן. ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב! זיי האַלטן אוים
אייביג. דיינע געבענשטע קינדער און קינדס=קינדער דאַרפן זיי
האָבן, בעת די קרייץ=פאָרערס טוען שטראָמען צום הייליגן לאַנד;
זיי זיינען נויטיג, בעת די קירך, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דיין
זאָמען, האָט געמאַכט אויף צו פאַרמערן דעם געטליכן כבוד אַן
אינקוויזיציע; זיי דינען, בעת די ציוויליזירטע פעלקער פאַרבלאָנ=
זשען זיך אין פּאָליטישן זאַק=געסל, און אויך באַשירעמען זיי אונז,
בעת מיר אַנטלויפן פון דער ענגעניש, וואָס די חכמים רופן אָן רע=
וואָלוציע אָדער רעאַקציע. אַליין איינס, ווי שיין זיינען דיינע גע=
צעלטן, יעקב. זיי באַשטייען אייביג.

און איצט מוז מען בלייבן שטיין אין אָפענעם פעלד, וואו די
שנויי=שטורעמס פירן אויף צום בעסטן זייערע שלאַכטן. די אַרמיי
פון דער ראַטן=מאַכט מיט בודיאָני בראש ציהט קיין דרום. אַן
אמתער מופת. כמעט צוויי שעה אויף דער זון, און דער שטראָם
פון מענשן, בהמות, שיס=געווער וויל גאָר ניט אויפהערן. קאַוואַ=
לעריע, אַרטילעריע אין דרייגעשפּאַנען אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ
סוף גאַלאָפּירן פאַרביי. פרייליך, מונטער, אַזוי ווי דאָ וואָלט אָפּ=
געריכט געוואָרן אַ יום=טוב לכבוד אַ וועלט=נצחון, גאַלאָפּירן און
שפרינגען פאַר שמחה און האָפערדיגקייט פערד און מענשן.
פאָנעס, גאַנצע וועלדער פאָנעס און רויטע טיכער, מיט גאָלד גע=
שטיקט, וואָס וואַרפן אָפּ פייערדיגע בליצן, אַרום די שליטנס,
פערד און האַרמאַטן. איי, רוק זיך, אַ וואַרע מאַך! — און שטייט,
מונטער, מעשה העלד. מיינע אויגן קוויקן זיך פאַר נחת אָנ=
קוקנדיג אָט די גאַנצע פראַכט פונם חיל. מיין פריינט יחיאל באַ=
וועגט נאָך אַליין די ליפּן און שעפּטשעט שטילערהייט: וועט עס
גאָר קיין סוף ניט נעמען פון אָט דעם חיל פון די גוים? אַ יידן וויל
איך זעהן. איך פאַרשטיי אים מער ניט. איך באַפריי מיך פון
אים, איך לעב מיטן חיל פון די גלענצנדע היידן. דאָס האַרץ

קלאָפּט שטאַרקער, דאָס בלוט נעמט ערשט רעכט זידן, די „היסטאָריע", די היסטאָריע בכבודה ובעצמה גאַלאָפּירט פאַרביי. עס קנאַקט און קלינגט און פייפט, און חלומות פון אַ יוגנט יאָגן פאַרביי. אַך יוגנט, יוגנט, דו ביסט פאַרפירעריש! שטייט אַ ווײלע, איר היידן! איין וואָרט נאָר, איין פאָדערונג, נאָר איין „אָבער". דער ווינט צעשפּרייט מיינע פאַרלאַנגען. ניטאָ קיין „אָבער". „ענטפער — אָדער!" — דער ארון הברית, וואו איז אייער ארון הברית?! ניטאָ קיין ענטפער. נאָר איין זאַך: איי, רוק זיך, אַ וואַרע מאַך! די געשיכטע, פאַרשטייסטו דאָס וואָרט, דער דעמאָן פון דער געשיכטע גאַלאָפּירט פאַרביי. און איצט קאַטאַוועסלאַך און געלעכטער און פראַגעס, האַלב מיט אַ פאָרוואורף און האַלב מיט פאַראַכטונג אין אונזער זייט: וואוהין, ליבע לייט? קיין אַמעריקע, קיין פּאַלעסטינע, צו די מערבניקעס. פאָרט בעסער צוריק, ביי אונז וועט עס בעסער ווערן, איר וועט נאָך אַלע קומען צוריק.

איך רייב מיר די אויגן. טפו, אַן אָנשיקעניש, וואָס פאַר אַ נסיון! אויך דאָס זאָל דיך, אָרימער מענש, ניט אויסמיידן. צוליב וואָס נאָך דער דאָזיגער בזיון? עס קומען אָנגעפאָרן אָפּגעשטאַנענע דרייגעשפּאַנען. ווידער אַמאָל רייט, גאָלד און שטימען פון פרויען, און דאָס מאָל איז עס דער קול פון אַ בת־ישראל, וואָס גאַלאָפּירט אויף אַ פייערדיגן פערד: אַ גליקליכע רייזע, יידן, צו־ווידערזעהן אין ירושלים!

אַזוי האָב איך געזעהן צום לעצטן מאָל דאָס קעמפנדיגע, דאָס היידנישע, נייע רוסלאַנד. שוין מער ניט גלילים. דורכאויס פּרעטאָריאַנער, געטריבן פונם דעמאָן, באַקראַנצט מיטן לאָרבערקראַנץ פונם קריגערישן גאָט. אַוועק, איר בייזע רוחות! דער ווינט ווערט שטילער, דער ווייסער שניי גלעט זיך אויס, דער מיראַזש צערינט. זיי מיר מוחל, יחיאל, די זינד, וואָס איך האָב אומגערן געזינדיגט!

איי, איר פערדלאַך, אַ רוה אין אייער טאַטן, און דו גלער — וואָס, זייט איר אין דר'ערד אַריינגעוואַקסן? האַ, וואָס, איר האָט זיך וויינציג אין אייער לעבן פּאָניעס אָנגעזעהן? גיכער, חברה, אַוועק פון יענע טייוולאָנים אין מענשן־געשטאַלט. מיר לויפן, מיר שלינגען כמעט די ווייטקייט. מען שפּרינגט אויף אין דער לופט און מען פאַלט ווידער אין וואָגן אַראָפּ. מען האָט דאָ באַדאַרפט פאָרן אין שליטנס, אַזוי ווי יענע. די ערד איז דאָ בערגלדיג, פון ווייטנס צייכענען זיך אָפּ העכערע בערג. מיר געפינען זיך אין פּאָדאָליע. איך כאַפּ זיך אויף. מיט פּאָדאָליע גרעניצט זיך דאָך די וואָלינישע ערד, וואָס האָט אין איר שוים די עלטערן און זיידעם באַהאַלטן. אַז מען ווערט עלטער, האָט מען ווידער ליב די נאַטור, די מוטער ערד. מען זוכט און געפינט איצט אַן אייגנעם, אינעווייניגסטן וועג צו איר. דאָס בערגלדיגע לאַנד פאַרשיכורט אַ ביסל, כישופט אַרויס אַן אייגן, באַזונדער לעבן פון דער נאַטור אַרום. פּאָדאָליע, דו ביסט אַ לאַנד, וואָס מיט דעם איז מסתמא מיגליך אַ מענשליכער פאַרקער. באַלד זאָל אויך געשטילט ווערן די בענקשאַפט פון יענע, וואָס האָבן געוואָלט „זעהן אַ יידן". עס זעהען זיך די רויטע דעכער פונם זויבער געוואַשענעם שטעטל וואָראָנאָוויצע. נאָר עטליכע שעה נאָך אויסהאַלטן אין פראָסט, ביז די שורה פורן, באַלאָדן מיט אַמוניציע, וואָס גייט נאָך נאָך דער רויטער אַרמיי, וועט האָבן דערגרייכט צום באַרג. און איצט אַראָפּ אין שטעטל, וואו עס רויכערט זיך נאָך אַ פאַבריק־קוימען און עס פייפן אייזנבאַן־לאָקאָמאָטיוון. די ציוניסטן צווישן אונזערע וואַנדערער ווערן רירעוודיג. זיי זוכן אַרום אין שטעטל חברים. עס קומען געזונטע יונגע לייט אונז אָפּצונעמען. דער אַלטער פּ. פאַרמאָגט אַ גרויסע דירה, ער האָט פאַרבעטן צו זיך די גאַנצע געזעלשאַפט מיט די פערד און וועגן. ניין, מיר וואָלטן בעסער געוואָלט אַן אַכסניא, מיר דאַרפן זיך אויסרוהען. איז טאַקע גוט, דעם אַלטנס שטוב איז אַן אויסגעצייכנטע אַכסניא. ער אַליין איז אַן אַק־

טיוועך ציוניסט און צוויי זין זיינע דאַרפֿן אויך די טעג אין איינעם מיט אַנדערע חלוצים אָפּפֿאָרן קיין פּאַלעסטינע. אַ גוטע געלעגנהייט צו פֿאָרן אין חברותא. — און די טשעקאַ ? — אַוודאי האָט וואָראָנאָוויצע אויך אַ טשעקאַ. אָבער ס'מאַכט ניט אויס. מיר'ן זאָגן, — מיר פּראַוועז אַ חתונה. נאָר געשווינד. פֿרויען און קינדער פֿאָראויס. די מאַנסבילן גייען דורך אַן אַנדער גאַס. דער סאַמאָוואַר וואַרט שוין אויף אַלע פּאַלעסטינע־פֿאָרערס.

גאַנצע דריי טעג האָט מען אונז אויסגעהאַלטן אויפֿן שענסטן אופֿן. דער בעל־הבית, אַ הויכער שטאַלטנער מענש, מיט אַ לאַנגער שמאָלער באָרד און זעהר קלוגע אויגן, וואָס דורך זיי שימערט אַרויס גאָר באַהאַלטן אַ שטילע עניוותדיגע איראָניע, דערלאָזט ניט קיין שמועסן איבער יקרות וכדומה אַזעלכע זאַכן. מיר פּראַוועז דאָך אַ „חתונה“. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויך פֿאָרשטייער פֿון דער טשעקאַ זיינען אונז מכבד מיט זייער באַזוך. זיי זוכן פּעטליוראָווצעס. די סכּנה גייט אויך דאָס מאָל פֿאַרביי. היינט ביי נאַכט פֿאָרן מיר ווייטער. איצטער דאַרף מען צאָלן פֿאַר דער הכנסת אורחים. וויפֿיל וועט אונז באַרעכנט ווערן די פֿיינקייט פֿונם בעל־הבית ? מילא, דער חשבון וועט צוגעשטעלט ווערן „איבער אַ יאָר אין ירושלים“, און די יידן פֿון וואָראָנאָוויצע האָבן פֿעסט געגלייבט, אַז ירושלים איז אויפֿגעבויט. זיי האָבן זיך ניט אַריינגעלאָזט אין קיין חקירות איבער די מדינה־רעכטליכע קונצן פֿון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק, זיי האָבן אויך אָנגעוואָרן די אמונה אינם כּח פֿון געלט. די באַוועגונג פֿון דער יוגנט דאָס איז די עיקר־זאַך — האָט מיר געזאָגט אונזער בעל־הבית. און איצט — דאָס קאָנט איר אַליין איינזעהן — ווייזט זי אַרויס אַ טיפֿן און שטאַרקן רצון. זיינע אייגענע זין און די חברים פֿון זיינע זין, וואָס נאָך מיט אַ יאָר צוויי צוריק האָבן זיי שטודירט אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט און זיינען געווען אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין דער רוסישער פּאָליטיק און אין דער רוסישער קולטור, לאָזן איצט זיך

נאָר ניט איינהאַלטן. די גאַנצע יוגנט פון שטעטל גרייט זיך צו צו דער שווערער אויפגאַבע פון החלוץ. אַפילו יידישע קאָמוניסטן קעמפן איצט מיט זיך אַליין אַן אינעווייניגסטן קאַמף. און אויך אַ יונגער קריסט, אַ מאָלער, וויל זיך מגייר זיין און מיטפאָרן קיין ארץ ישראל.

עס האָט געגעהנט דער אָוונט פון דריטן טאָג, און אונזער „אכסניא" איז מגולגל געוואָרן אין אַ פאַקהויז. פאָטערס און מוטערס זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט די הכנות צו דער ווייטער נסיעה. נאָך אין לעצטן מאָמענט זיינען עלטערן באַשטאַנען דערויף אָפּצולאָזן אויך זייערע יינגסטע זין. אַרום דריי אַזייגער ביי נאַכט זיינען זיי אַלע גע־שטאַנען אין פאָרהויז און האָבן געזונגען אין כאָר. אַ פידל האָט וויינענדיג געקלאָגט און פון צייט צו צייט האָט זיך פון איר אַרויס־געגאָסן אַ לאַנג פאַרגעסענער טרויעריגער ניגון. מיר האָט אויס־געוויזן, אַז איך געפין זיך ערגיץ אין אַ וועלטשטאָט אין אַ צייט, ווען די קאַטערינקע פלעגט נאָך דערציילן וועגן אָפּגעשטאָרבענע נצחונות און שווערע מפּלות — פונקט אַזוי סענטימענטאַל און בענקענדיג. אומבאַהאָלפן אין וואָרט און טאָן, האָבן זיי אין זייער געזאַנג אויסגעדריקט זייערע ספקות און צוגלייך זייער האָפענונג:

„שטייט אַ בוים אין מיטן פעלד, איז ער איינגעבויגן,
„פאָרט אַ ייד קיין ארץ ישראל מיט פאַרווייטע אויגן.
„גאָט, גאָט, שטאַרקער גאָט! לאָמיר דאַוונען מנחה
„קומט אַ ייד קיין ארץ ישראל — ווערט אַ גרויסע שמחה.

גאָט, גאָט, שטאַרקער גאָט!...

איך בין געווען גערירט און נתפּעל. די ווערטער פון תהלים האָבן מיט אַ מאָל אַ ניי לעבן געקראָגן. מיט ערדישע אויגן האָב איך געזעהן, ווי „זיי גייען אַהין און וויינען און טראָגן דעם איידעלן

זאָמען". אָבער, אַז זיי וועלן „קומען מיט פרייד און ברענגען זייערע גאַרבן" — דאָס צו וויסן איז מיר ניט באַשערט געווען. עס ציטערט אַזוי דאָס האַרץ פאַרן דאָזיגן יונגען לעבן.

און ווייטער זיינען מיר געפאָרן באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ, פון ישוב צו ישוב, פון שטעטל צו שטעטל, און וואָס נעהנטער מיר זיינען געקומען צום בעסאַראַבישן, איצט רומענישן, גרעניץ, אַלץ שטאַרקער איז געווען די פּאַלעסטינישע שטרעבונג, וואָס האָט פאַרכאַפּט די יידישע מאַסן. גראָד דאָ האָט זיך בעסער געלעבט, איידער אין צענטער, די ראַטן־מאַכט האָט זיך דאָ געמוזט אונטער־געבן קעגן די נויטווענדיגקייטן פון אַ פרייער סאָציאַלער פאַר־בינדונג און פאַר די אָרטיגע אויפגאַבן פונם כלל־לעבן. און פונ־דעסטוועגן די דאָזיגע באַגייסטערונג און דער טיפער געפיל, אַז מען דאַרף קאָלאָניזירן דאָס ווייטע לאַנד. שוין דאָ, אויף די שניי־פעלדער פון פּאָדאָליע, אָפּגעשניטן נאָך פון לעבן פון דער גרויסער פּאָליטישער וועלט, האָב איך דערזעהן, אַז צווישן דער בענקשאַפט פון די יידישע מאַסן און צווישן דער טואַכץ פון זייערע פּאָליטיקער ליגט אַ גאַנצער תהום. איך האָב געזעהן רי־רעווודיגע טוער פון ציוניסטישע קאָמיטעטן, מיט אונז אין איינעם זיינען געפאָרן איינגע ציוניסטישע פירער. אַלע די דאָזיגע „פּאָ־ליטיקער" האָבן, פּונקט ווי די איבעריגע יידישע פּאָליטיקער, גאָר אַ קנאַפּע השגה פון דעם היסטאָרישן געפיל, וואָס פאַרכאַפּט דאָס יידישע פאָלק. אַז דער ייד פאַרלאָזט זיין שטעטל און ווענדט זיין בליק קיין ירושלים, טראַכט ער ווייניג מכּח דעם, צי ארץ ישראל פאַרמאָגט גענוג הייזער אויף אים צוצונעמען, ער קלערט גאָר ווייניג וועגן דער אַראַבער־פראַגע, און עס אַרט אים גאָר קנאַפּ, וואָס עס זאָגן די ענגלישע פּאָליטיקער און אפילו דער ענגלישער קאָנסול, וואָס באַדאַרף אים געבן די וויזע. להיפוך צו די „פּאָ־ליטיקער" איז ער לחלוטין ניט קיין לעגיטימיסט. עס לעבט אין אים אַ געוויסער דראַנג צו אַ מיסיע, אים דוכט זיך אויס, אַז ער

האָט פאַרנומען דעם גזר־דין פון דער געשיכטע. מען טאָר קיין מאָל ניט פאַרגעסן: די איבעריגע פעלקער מעגן זיין איבערגעזעטיגט פון געשיכטע, דער אויפגעוואַכטער ייד איז ניט זאַט דערפון, נאָר אַדרבא ער ליידט הונגער נאָך געשיכטע. וואָס מענשנס הענט קאָנען אויפטון, דאָס איז ער אויך ביכולת, און אפשר נאָך בעסער, ווי זיינע „פאָליטיקער“. ער פאַרלאַנגט אָבער, מען זאָל אים שטעלן פאָדערונגען, באַפעלן, וואָס זאָלן זיין אַרויסגעגעבן פון אויבן, פון דער גאָטהייט גופא. דער גלויבן אין משיחן איז דאָך שטענדיג געווען אַ במקום פון אַן אייגענעם היסטאָרישן אויפבוי. דער אומהיימליך־טראַגישער שבתאי צבי דריקט פולקומענער אויס זיין שטרעבן און קענען, איידער דער וועלט־מאַן טעאָדאָר הערצל. און אין דער אמתן איז ער מער אַ היסטאָרישער מיסיאָניסט, איידער אַ לעגיטימיסט.

די סתירה צווישן די, וואָס איך האָב זיי אָנגערופן לעגיטימיסטן און מיסיאָניסטן, ווערט ערשט צוגעגרייט, זי הויבט זיך איצט אָן, פונקט ווי אָפטמאָל אין דער יידישער געשיכטע, ערשט אַרויסוווייזן. אַז דער דראַנג צו אַ היסטאָרישער מיסיע איז אַ מאַכט פון דער ערשטער מדרגה, וואָס דאַרף אויך פּאָליטיש אָפּגעשאַצט ווערן, דאָס וועלן אין גיכן איינזעהן אויך די פאָליטיקער. און דעמאָלט וועט מען אויך פאַרשטיין — דער פשוטער ייד איז דאָס שוין אינטואיטיוו תופס — אַז דער גאַנצער לעגיטימיסטישער ציוניזם, וואָס הערצל האָט אים צום לעבן אַרויסגערופן און די רעאַל־פאָליטיקער האָבן אים איינגעשטעלט פאַרן אויסגאַנגספונקט, באַטייט מיט זיין עצם מהות אַ מין אַ ס י מ י ל אַ צ י ע פון יידן, דאָס מאָל צו די היסטאָרישע גענג און צו די פאָליטישע מאַנירן פון די איראָפּעאישע בעלי־בתים־פעלקער. דער היסטאָרישער געפיל פון יידן ליגט אָבער טיפער, ווייזט אַרויס אַן אייגענע, פון אים גופא שטאַמענדיגע ספערע. און אויב דער דאָזיגער געפיל זאָל ניט באַפרידיגט ווערן, דעמאָלט איז אַ סוף צו דער היסטאָ־

רישער באַוועגונג אין דעם יידישן פאָלק, און גרויס איז די סכּנה,
אַז די יוגנט און די אָרימע שיכטן זאָלן אַריינגעצויגן ווערן אין
דער באָלשעוויסטישער געשיכטס־מאַכעריי אָדער אין ענליכע אַס־
פּיראַציעס. דער לעגיטימיזם ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט, ווי דער ער־
שטער באַוועגער פון היסטאָרישן באַוואוסטזיין און פון היסטאָ־
רישן טון אין יידישן פאָלק, איז צו קנאַפּ געמאָסטן, ער קלעקט
אַפילו ניט ווי אַ מעטאָדע. און מיט זיין הילף איז עס קוים מיג־
ליך אַפילו די אויסווייניגסטע וועלט צו איבערצייגן אין די היסטאָ־
רישע נויטווענדיגקייטן פון יידישן פאָלק. שוין אויף די שניי־פעל־
דער פון פּאָדאָליע בין איך געקומען צום איינזעהעניש: די ספי־
ראַל פון דער יידישער געשיכטע, וואָס פאַרברייטערט זיך היינטיגן
טאָג און פאַרגרעסערט איר ראַדיוס, קאָן זיך זעהר גרינג צומאַכן —
אַדאַנק די לעגיטימיסטן, וואָס פאַרשטייען ניט גענוג צו אונטער־
שיידן צווישן היסטאָרישער און ציווילזאַטאָרישער קאָלאָניזאַציע.
אַז די ערשטע קאָלאָניסטן זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע און
האָבן אַרויסגערופן צום לעבן ניי־ענגלאַנד, האָבן זיי ניט געפרעגט
אויף „מאַנדאַטן“ און האָבן ניט קיין סך געדאגהט וועגן מדבר,
וואָס זיי האָבן געפונען. די „מאַגנאַ כאַרטאַ“ פון זייער פּאָלי־
טישן קיום האָבן זיי אָנגעצייכנט שוין אונטערוועגס, זי איז גע־
ווען געגעבן אין איינעם מיט דעם גורל־פאַרבונד. און גראָד דער
יידישער גורל־פאַרבונד איז דאָס סוף כּל סוף דאָס יעניגע, וואָס קאָן
און וועט אַרויסברענגען פון זיך פּאַלעסטינע און נאָך אַנדערע פאָר־
מאַציעס פון היסטאָרישן מין. דער גרויסער אויפטו פונם ציוני־
סטישן לעגיטימיזם, וואָס ער האָט געשטאַרקט דעם פּאָליטישן
קראַפט־געפיל פון די יידישע מאַסן, שטייט אין סכּנה זיך אַליין
מבטל צו זיין.

אַ ליידנשאַפט איז געווען, אַ דראַנג נאָך אַ מיסיע האָט גע־
שטעקט אין די מענשן, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן אויף די גרע־
ניצן פון סאָוועט־אוקראַינע און בעסאַראַביע. די עמיגראַציע, וואָס

האָט אַמאָל געפירט פון מערב קיין מזרח, האָט איצט זיך געווענדט אויף אַן אומגעקערטן וועג. חוץ אייניגע אויסנאַמען, וואָס זיינען געווען שייך צו אמתע בּורזשואַ, האָט די מאַסע אָנגעוויזן ווי אַן ענד־ציל אַמעריקע און די יידיש־ענגלישע פּאַלעסטינע. ווי די צייטן בּייטן זיך! אַמאָל פלעגן די אַלטע, די זקנים ווענדן זייער בּליק קיין ירושלים, בּכדי אויסצולעבן זייערע לעצטע יאָרן אויף דער ערד אין תּפילה בּיים כּותל המערבי. די יוגנט פאַרקערט האָט געשטראָמט צו דער נייער וועלט, בּכדי אויסצופּרובּן די אַלגעמיינע ציוויליזאַציע און אַראָפּצושאָקלען פון זיך אין גאַנצן די מזרחדיגע געטאָ. אַצונד: די אַלטע, די שוואַכע, ווייבּער און קינדער, האָבּן זיך געצויגן צו די זייעריגע, קיין אַמעריקע, מענשן פון מיטעלע יאָרן און די יוגנט האָבּן ניט אַנדערש געוואָלט קיין פּאַלעסטינע. אום ווינטער 1920—1921, לכל הפּחות בּעת איך האָבּ זיך געפונען אויפן גרעניץ פון אוקראַינע און בּעסאַראַבּיע, איז די שטימונג פאַר פּאַלעסטינע געווען אַזוי שטאַרק, אַז איטליכער פּאַלעסטינע־פאָרער האָט שוין לכתחילה געמעגט זיין זיכער אין די סימפּאַטיעס צו אים מצד דער יידישער בּאַפעלקערונג, און ניט נאָר מצד איר אַליין. פאַר דער אינעווייניגסטער נויטווענדיגקייט, וואָס אַנטפּלעקט זיך ווי אַ מזל־זאַך און ווי אַ גזר־דין, גיט זיך אונטער דער ערגסטער שונא און דער סקעפּטיקער. צי עס איז נאָך איצט אַזוי, צי עס וועט אויך ווייטער אַזוי בּלייבּן — ווער קאָן דאָס זאָגן.

ניט ווילנדיג פאַלן מיר אַריין אין דער בּאַפליגלטער אַטמאָספער פון די פּאַלעסטינע־פאָרער, פון די „עולים“, און מיר זיינען אויך פון איר געטראָגן געוואָרן. די ליידנשאַפט נעמט זיך אָן. זי האָט אויך פאַרכאַפּט די אַרמיי, וואָס איז געשטאַנען בּיים גרעניץ. און גראָד אין אָוונט פון יענעם טאָג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויף אונזער פאַר־לעצטער סטאַנציע אין אוקראַינע, האָבּן דאָרט די אָנפירער פון רויטער אַרמיי אָפּגעהאַלטן אַ בּאַראַטונג;

עס איז אָנגענומען געוואָרן ניט=אָפּיציעל ניט צו שטערן די וואַנ=
דערער אין זייער וועג. ניט געקוקט אויפן דאָזיגן באַשלוס, זיי=
נען מיר פּאָרט, פּונקט ווי פריהער, געבליבן אַ רויב פאַר אַלע
באַנדיטן, וואָס האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אין דער דאָזיגער אומ=
רוהיגער געגנט. מיר זיינען ווידער געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אין אַ
קרעטשמע, פול מיט פויערים, סאָלדאַטן און כל=ערליי מסופקדיגע
פאַרשוינען. די בעל=הביתטע, אַ יידינע אַ מרשעת און אַ באַ=
רייסערקע, האָט אונז געטריבן צו אַל די רוחות. זי האָט מורא
געהאַט פאַר דער באָלשעוויסטישער מאַכט. עס האָבן זיך באַ=
דאַרפט אַריינמישן דער רב און די אָרטיגע ציוניסטן, בכדי זי זאָל
אונז כאָטש אַ ביסל לאָזן אָפּעטעמען. באַגינען זיינען מיר אָפּ=
געפאָרן פון דאָרט, באַגלייט פון איינעם אַ פיינעם מאַן, וואָס איז
ביי צוויי שעה נאָכגעלאָפן צו פוס נאָך אונזער וואָגן. וואָרום עס
איז געווען אַ סכנה, אַז מיר וועלן ניט געפינען דעם ריכטיגן וועג
און מיר וועלן אָנשפּאַרן ערגיץ אויף אַ פּאָסטן פון דער רויטער
אַרמיי, וואָס איז ניט געווען גאָר גוטגינציג אַנטקעגן די אויס=
וואַנדערער.

ביי דער דאָזיגער און אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן איז ביי
מיר אויפגעקומען דער געדאַנק, ווי וואויל עס איז, וואָס חוץ די פּאָ=
ליטיש=אַדמיניסטראַטיווע תקנות און די באַשטימונגען פונם געזעץ
איז פאַראַן נאָך אַ ניט=געשריבענע, „נאַטירליכע" קאָנסטיטוציע,
וואָס רעגירט און פירט די באַציהונגען פון מענשן. דאָס איז אַן
אומבאַוואוסטע כללישקייט, וואָס פאַרנעמט דעם אָרט פון געזעץ
גראָד אין די מסוכנדיגע לאַגעס און באַשטימט אונזער גורל. די
ווייסנשאַפט פונם באַשטאַנד און לעבן פון דער מענשליכער גע=
זעלשאַפט איז אַ וויסן פונם סאָציאַלן=אומבאַוואוסטן — אָט די
איינזעהעניש, וואָס האָט זיך מיר אַנטפּלעקט אויף די מיט שניי
באַדעקטע בערג און טאָלן פון פּאָדאָליע, האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי
אמת און וויכטיג, אַז אַ צייט לאַנג האָב איך זיך שטאַרק גע=

האַלטן דורך דער איבערצייגונג, אַז מיט מיר קאָן קיין בייז ניט פּאַסירן: איך בין דאָך באַרופן איבערצוגעבן אָט די דאָזיגע דערקענטעניש מיט אַלע אירע פועל־יוצאס די מענשן און קודם כּל די קאָמפּעטענטע װיסנשאַפטלער. קוק איך איצט צוריק אויף די דאָזיגע פולװערטיגע טעג, הויב איך דאָס אָן צו פאַרשטיין: די איבערלעבונג פון אַזאַ ערפאַרונג, װאָס איז געקומען אויף אַזאַ אויסטערלישן אופן, איז געװען אַזוי גרויס און שטאַרק, אַז איך בין געװען געצװאונגען צו גלייבן אין איר קראַפט אונז ממש צו באַשיצן. און באַלד טאַקע האָט אונז געדאַרפט געגעבן װערן די געלעגנהייט אויסצופּרובן, צי די דאָזיגע דערקענטעניש האָט טאַקע אַזאַ כּח.

די צייט איז געגאַנגען פאַרנאַכט צו. מיר זיינען געפאָרן פאַרביי אַ גרויסער צוקער־פאַבריק, װאָס איז געװען באַזעצט פון סאָלדאַטן. מיט אַמאָל איז עס געװאָרן גאָר פינסטער, װי עס איז דער שטייגער אין די בערג. מיר האָבן אָנגעװאָרן דעם ריכטיגן װעג און האָבן זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ באַרג, װאו עס איז געשטאַנען אַ מיליטער־פּאָסטן. די פורלייט האָבן באַלד באַמערקט דעם טעות און זיינען אָפּגעקומען מיטן אויסרייד, אַז זיי זוכן דעם װעג צו דער פאַבריק. היות װי עס איז געװען פינסטער חושך, האָט זיך אונז איינגעגעבן אויף דער גיך אויסצוקערעװען זיך אויף צוריק. מיר זיינען צו פוס אַראָפּגעלאָפן באַרג אַראָפּ, זיינען אַ סך מאָל געשטרויכלט געװאָרן און זיינען געגאַנגען װייטער. אַז די סכּנה איז כּלומרשט געװען פאַרביי און מיר האָבן זיך װידער געפונען אויפן פרייען פעלד — עס זיינען געװען עטליכע פורן, סך הכּל ביי 80 פאַרשוין — האָבן אונז אָנגעיאָגט פיר שטאַרק באַװאָפנטע רייטערס און האָבן געהייסן אונז בלייבן שטיין. אונזער פאַרבלאָנזשעניש בשכנות פון דער מיט סאָלדאַטן אָנגעפילטער פאַבריק איז, בכן, ניט גלאַט אָפּגעלאָפן. די באַנדיטן מיט אָנגעלאָדענע רעװאָלװערן אין דער האַנט האָבן גע־

פֿאָדערט רויב. זיי זיינען געווען אומגעדולדיג, זייערע הענט האָבן געציטערט. זיי האָבן געהייסן די מאַנסבילן אַראָפּגיין און זיך אויסשטעלן אַרום זייערע פֿורלאַך. ווער עס וועט זיך איינשטעלן אַוועקצוגיין פֿון וואָגן, דעם מאַכן זיי אַ טויט. די רייטערס האָבן אונז ווי געהעריג באַראַבעוועט. איך האָב געקלערט: מיר זיינען אַכציג מאַן, לאָמיר זיך אַנטקעגן שטעלן און זיך אָפּרעכענען מיט די באַנדיטן. איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט מיין שכן, יענער האָט עס איבערגעגעבן די, וואָס זיינען געשטאַנען נעבן אים און אַז. וו. אַלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן. איין איינציגער שאָס, און עס קומט צו לויפֿן דער פּאָסטן, וואָס שטייט אויף אַ קנאַפּן ווערסט פֿון אונז, און דעמאָלט זיינען מיר אַלע פֿאַרפֿאַלענע.

וואָס עס איז שלעכט געלעגן, דאָס האָבן די באַנדיטן צוגענומען. זיי זיינען דערגאַנגען צו מיר. מען האָט צוגענומען ביי מיר דעם טייסטער און אַפֿילו די ליולקע, וואָס אַ בכבודיגער גוטער פֿריינט האָט מיר מיט אַ סך יאָרן צוריק געהאַט געבראַכט פֿון לאָנדאָן. איך בין געוואָרן אין כעס און האָב גענומען מאָנען מיין ליולקע צוריק. די באַנדיטן אָבער האָבן פֿאַרלאַנגט נאָך מער. זיי האָבן געוואָלט — ווי זיי האָבן דאָס געטאָן ביי די אַנדערע רייזנדער — צונעמען מיין פּוטער. איך צו זיי: — מיין ליולקע גיט אַוועק! און זיי צו מיר: דעם פּוטער טו אויס! — און זיי האָבן טאַקע געפּרובט אויך מיט די הענט צונעמען דעם פּוטער. אין איין כהרף עין איז געוואָרן צווישן אונז אַ סאָציאַלער פּאַרקער. אויף אַ פֿאָדערונג איז געענטפֿערט געוואָרן מיט אַ קעגן־פֿאָדערונג, אויף זייער אָנפֿאַל איז פֿון מיין זייט געקומען אַ קעגן־אָנפֿאַל. איך האָב גענומען אָנשרייען אויף זיי. איין באַנדיט האָט אַ פֿאָכע געטאָן מיטן רעוואָלווער מיר פֿאַר די אויגן. איך האָב ניט נאָכגעגעבן. מיינע חברים לצרה, באַראַבעוועטע ווי עס געהער צו זיין, האָבן מיר געעצהט, איך זאָל נאָכגעבן. האָב איך אויף זיי אויך אָנגעשריען. — „צום טייוול!“ — האָבן

די באַנדיטן אויסגעשפּיען און זיינען אַוועקגעריטן. איך בין געבליבן ביי מיין פוטער, און מיר האָבן דורכגעשניטן דעם פאַרשאָלטענעם כישוף־קרייז. אַז איך בין ווידער געזעסן אין וואָגן, האָב איך ניט ווילנדיג געקלערט וועגן דאָס גרויסע אומבאַוואוסטע אין די גרעניצן פון מענשליכן פאַרקער. איך האָב זיך צולאַכט און האָב אַ טראַכט געטאָן, ווי פונקט אַ סך מאָל פריהער, אַז די גרעסטע סכנה איז גרינגער אַריבערצוטראָגן, איידער דאָס ריכטן זיך און דאָס וואַרטן אויף איר. עס וועקן זיך אויף אומבאַוואוסטע כחות אין מענשליכן לעבן, עס באַווייזט זיך אַ ווילן, געבאָרן און אויסגעהאָדעוועט פון זיי, וואָס ווענדט אָפּ און נעמט איין די סכנה. עס באַווייזט זיך אַ ווילן, און מען קאָן מנצח זיין. אָדער עמיצן שטייט ביי דער מזל; ער טרויערט און לעבט אינעווייניג, און דער גוטער גאָט העלפט. איי, ווייטער, פערדלאַך, איר מענשן בצורת פערד, וואָס רירט איר זיך ניט פון אָרט ? !

עס איז געווען שבת ביי האַלבן טאָג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויף דער לעצטער סטאַנציע ביים גרעניץ, אין שטעטל דזיגאָווקאַ. די פרומע יידן, וואָס זיינען מיט אונז געפאָרן, זיינען געווען געצוואונגען צו פאָרן אום שבת. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אין שטעטל, איז געווען אַ גרויסער פלאַץ, וואו עס האָט אַרויסגעשטאַרצט אין דער הויך אַן איינציגער סלופ. ניט אַנדערש ווי אַ דענקמאָל, אַ מאָדנער דענקמאָל, וואָס די רעוואָלוציע האָט אויפגעשטעלט. ווי, אינם דאָזיגן יידישן שטעטל? ס'איז פאָרט אַזוי. דאָ האָבן געבעלהביתעוועט די פויערים פון די אַרומיגע דערפער. דאָרט, וואו עס שטייט איצט דער סלופ, איז פריהער געשטאַנען דער פאַלאַץ פון אַ רוסישן פריץ. די פויערים האָבן אים אונטערגעצונדן און האָבן צעטיילט צווישן זיך די מאַיאָנטקעס, וואָס זיינען פון דאָרט אויס פאַרוואַלטעט געוואָרן. דעם סלופ האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַר אַן אָנדענק, פאַר אַן אָנשרעק די קומענדיגע דורות. די רעוואָלוציע, בפרט די

אַגראַר=רעוואָלוציע, איז גרויס און אָהן=רחמנותדיג אין צעשטערן. איצט רייסן זיך די פויערים פון דזיגאָווקע צווישן זיך אַרום, פונקט ווי אומעטום אין אוקראַינע. זייערע טאַטעס, טענהן זיי, האָבן דעם פּאַלאַץ אויסגעבויט, זיי האָבן אים חרוב געמאַכט און זיינען די איינציגע, וואָס האָבן דאָס „רעכט" אויף דער ערד, וואָס געהערט צו אים. אָהן „רעכט" קאָן מען זיך ניט באַגיין. אַפילו אין שלעכטס טון מוז די געטין פון רעכט ביישטיין. ווי אַנדערש וואָלט דער מענש, אַפילו דער צעבונטעוועטער מענש, געקראָגן דעם כח אויסצופירן זיין איבערמענשליכן אויפטו ?

איצט איז עס שטיל אין שטעטל. זינט אַ וואָך איז שוין מער קיין גאַרניזאָן ניטאָ. די באָלשעוויסטישע מאַכט האַלט זיך דאָ פאַרן כלל : לעבן און לאָזן לעבן. דאָ איז ניט מאָסקווע און ניט קיעוו. דאָ זיינען אַלץ היימישע מענשן. דער זון פון אַן אונטער=אָפּי= ציר, וואָס האָט אַליין מיטגעמאַכט די מלחמה און איז ערשט מיטן נייעם „רעוואָלוציאָנערן רעכט", געוואָרן אַ בעל=הבית פון אַכט דעסיאַטין גוטע ערד, איז דער פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנע= רער מאַכט. אַ ברודער פונם יידישן שערער, וואָס האָט כל ימיו אומזיסט געשטרעבט אָנצוקומען אין אַ רוסישער שולע — פראָ= צענט=נאָרמע! — איז דער פּאָליטישער בעל=יועץ (פּאָליטקאָם) א. אַז. וו. אַלץ אייגענע מענשן, פויערים און יידן. נאָר ווען מען דאַרף אויפמאָנען די אָפּצאָלן ביי די פויערים, קומען צו גיין די מאָסקאָוויטער. על פּי רוב הרגעט מען זיי אוים אין די דערפער. און די אָרטיגע מאַכט, וואָס איז אויפריכטיג באָלשעוויסטיש, אַנטי= צאַריסטיש און קערט וועלטן קעגן אַלע „בורזשויעס", זוכט צו פאַרטרייבן די מיאוסע מעשה. זי האָט פיינט דעם קאָמוניזם און איר איז ניט ניחא, אַז די מאָסקווער „פריינט" מישן זיך אַריין אין די היימישע ענינים. זי וויים שוין אַליין, וואָס עס פּאַסט פאַר אַ באָלשעוויק, זי פאַרטרעט דאָך אַליין די ראַטן=מאַכט.

אין אַזאַ שטעטל אונטער באָלשעוויסטישער פאַרוואַלטונג זיי=
נען מיר אָנגעקומען גראָד אום שבת, בעת יידן זיינען געגאַנגען פון
שול אַהיים. די מנוחה פון שבת איז געווען ממש מיט די הענט
אָנצוטאַפּן. פאַרחידושט האָבן אויף אונז יידן געקוקט. איר האָט
מזל, דער גאַרניזאָן איז אַוועק. — „אָבער, יידן, וואָס מאַכט איר
פאַר שהיות? זעהט איר דען ניט, אַז די מענשן זיינען דער=
פראָרן?" „יידן, גייט אַהיים, הייצט די הרובעס און שטעלט סאַ=
מאָוואַרן". פאַר די וואַנדערער האָט דער רב עס מתיר געווען:
פיקוח נפש. און ווייטער: „מיר האָבן דאָ, געלויבט דער אויבער=
שטער, גוטע באָלשעוויקעס — כאַפּט זיי דער רוח אַלעמען —
אָבער שטיין דאָ אין מיטן גאַס איז פּאָרט אַ סכנה". איטליכער
פאַרבעט צו זיך צו איין אָדער צוויי געזינדן. — און באַלד זיינען
מיר געזעסן, פאַרטיילט לויט די גייסטיגע מעלות און סאָציאַלן מצב,
אין וואַרימע שטיבער און האָבן געפירט שמועסן וועגן וועלט=
זאַכן און וועגן די שוועריגקייטן אַריבערצוקומען דעם גרעניץ.
פאַר מיר און מיין געזינד האָט מען אָפּגעגעבן אַ חדר, וואו עס
איז געזעסן ניט לאַנג, בעת אַן אוקראַאינישן אָנפאַל, דער אַטאַמאַן
פעטליוראַ אַליין. דאָס האָט געזאָלט באַטייטן אַ באַזונדער כבוד.

אין דזיגאָווקאַ האָבן מיר פאַרבראַכט אַ גאַנצע וואָך. מיר
האָבן געוואַרט, ביז דער דנעסטער, וואָס שיידט אָפּ סאָוועט=
אוקראַאינע פון בעסאַראַביע, וועט אין גאַנצן זיך באַדעקן מיט אייז.
אַזעלכע, וואָס האָבן דערויף ניט געוואָלט קוקן, זיינען אויף אייבי=
איינגעשלונגען געוואָרן פון זיינע כוואַליעס. עס איז אום אַזוי פיל
גרינגער געווען אויסצוהאַרטן, ווייל מיר האָבן ניט געדאַרפט ליי׳ן
פון הונגער און קעלט. עס האָט גענעהנט דער ליבער יום=טוב
חנוכה, און אונזערע בעלי=בתים זיינען געווען פריינטליכע און
האַרציג=גוטע מענשן. גאַניץ דזיגאָווקאַ איז באַוואוינט פון האַרציג=
גוטע מענשן, און נאָך איצט דערמאָן איך זיך אָן דעם דאָזיגן
שטעטל, ווי אָן אַ גוטן חלום. באמת, ווי שיין זיינען דיינע גע=

צעלטן, יעקב ! דער שיינער חלום, וואָס הייסט דזיגאָווקאַ, איז אונז געשטערט געוואָרן דורך די אָפּטע באַזוכן פון אַ „מאָסקאָווי־טער“, וואָס האָט זיך דאָ אויפגעהאַלטן, בכדי אויפצומאָנען די שטייערן פון די פּויערים. ער האָט דורכאויס געוואָלט מיטפאָרן מיט אונז, בכדי אַזוי אַרום זיך אַרויסצוכאַפּן פון דער ראַטן־מאַכט. ער האָט מיט מיר איינגעטענהט, אַז ער געהערט צו אַ באַוואוסטער משפחה פון מוזיקער און פּראָפעסאָרן אין מאָסקווע און אַז דער באָלשעוויזם איז אים נמאס. מיר האָבן אים אָבער ניט געטרויט און האָבן געזוכט בשתיקה וואָס גיכער אָפּצופאָרן.

עס איז געווען גאָר פינסטער, בשעת מיר האָבן געהאַט דאָס שטעטל ווייט הינטער אונז. אַלע זיינען געווען קענטיג אויפגע־רעגט. די דראַמע, וואָס מיר האָבן אַליין געשמידט, האָט אין פלוק דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. די בליקן האָבן זיך אַריינגעעקבערט טיף אין דער פינסטערניש און האָבן אויסגעקוקט אומעטום אויפן דנעסטער. דאגות, לויטער שווערע דאגות זיינען געלעגן אויפן האַרצן און האָבן געדריקט דעם מח. צי מעג מען זיך פאַרלאָזן אויף די שמוגלערס, וואָס מיר האָבן זיך מיט זיי גע־דונגען אַ גאַנצן טאָג, און ער גופא, דער דנעסטער, דער ציל פון אונזער בענקשאַפט, צי איז ער גרייט אונז צו טראָגן ? גאָר נאָהענט שימערן אַ סך פייערלאַך, שווימען אַרויס און ווערן פאַר־לאָרן. אָהן ספק, דאָס איז דאָס דאָרף, וואָס שפּאַרט אָן האַרט ביים דנעסטער. קיינער דערוועגט זיך ניט אַ וואָרט אויסצורעדן. אונזערע צוויי פורן פאַרלאָזן דאָס פעלד אין פאָרן אַרויף אויפן שליאַך, וואָס פירט קיין מאָהילעוו. טאָמער טרעפט אַן אומגליק, איז לכל הפחות פאַראַן אַן אויסרייד : קיין מאָהילעוו, פעטערל, אין דער גרויסער שטאָט מאָהילעוו פאָרן אָרימע וואַנדערער, וואָס האָבן גאָר זייער אייגנס אָנגעוואָרן ביי אַ שרפה. נאָך אַ הונדערט טריט, און מיר מוזן אַראָפּקערעווען פונם וועג קיין מאָהילעוו. מיר פאַרנעמען זיך אַהין, וואו עס שיינען די פייערלאַך. מאָדנע

געשטאַלטן שווימען פּלוצים אַרויס פון דער פינסטערניש. אַלץ חברה=לייט, וואָס שמוכלען סחורה. — „גוטן אָוונט, פעטער!“ — „גוטן אָוונט, גוט יאָר, ליבע לייט. אין דאָרף איז, דוכט זיך, אַלץ רוהיג, נאָר אַ פּאָר רויטע סאָלדאַטן, זיי זיינען מסתמא איצט אין שיינק“. — „איי, פערדלאַך ליבע, אַ ביסעלע לינקס, גאָר אַ ביסעלע. — „האַלט, ווער פאָרט דאָ?“ — צוויי רייטערס פאָראויס און הינטער זיי פורן באַלאָדן מיט האָלץ. די רייטערס געהערן געווים צום פּאָסטן, וואָס היט דעם גרעניץ. דאָס האַרץ בלייבט שטיין. — „ווער עס פאָרט, פעטערל? — אַ „געמיינדע“ („אָפּשטשינאַ“) פאָרט. ס'איז נאָך ווייט קיין מאָהילעוו?“ — איך בין נשתומם געוואָרן. דאָס אומפאַרשטענדליכע, אומגעלומפּערטע וואָרט „געמיינדע“ האָט געווירקט ווי אַ כישוף. אַך אַזוי, דאָס איז דאָך מסתמא עמיצער פון די גדולים. עס פאָרט „נאַטשאַלסטווע“, מאַכט מען פאַר איר דעם וועג פריי. — נאָר רוהיג ווייטער. די פינסטערניש הילט אונז איין מיט אירע שוואַרצע פליגלען, מיר פאַרקערעווען אין דאָרף אַריין, מיר קריכן אַראָפּ פון די פורן. ווינטלאַך, וואָס קומען פון אַ נאָהענטן גרויסן טייך, באַרירן צערטליך אונזערע באַקן, די הענט, ציהען אונז שטיל צו זיך. ביי אונז געפינט איר סוף כל סוף דעם שלום, די מנוחה, וואָס איר גענויטיגט זיך אַזוי שטאַרק דערין.

דאָס שמוכלער=דאָרף איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. קיין מענש, קיין קלאַנג ניט. אפילו קיין הינט בילן ניט. גאָר ניט קיין חשד. „נאַטשאַלסטווע“ קאָן זיך לייגן רוהען. אַלע גוטע קריסטן שלאָפן שוין לאַנג דעם שלאָף פון תמימים. קיינער האָט ניט בדעה זיך צו שטעלן אין וועג זיין שכן. שלאָפט געזונט, איר זין פון אַ דרייסטן שמוכלער=דור!

מיר זוכן און טאַפּן אַרום אין דאָרף. פאָראויס פאַר אַלעמען גייט דער מערקווירדיגער ייד ק., אַ היימישער ייד פון שטעטל דזיגאָווקאַ, וואָס האָט זיך פרייוויליג, אָהן שום נוצן פאַר זיך,

גענומען אַרויסבאַלייטן די „אינטעליגענץ" אין איר מסוכנדיגער לעצטער נסיעה. עס עפענען זיך טויערן און מיט די פורן געפינען מיר זיך אין אַ פויערשן הויף. די לעצטע סטאַנציע. פון דאָרט, הייסט עס, דאַרף מען מאַכן באַהאַרצט דעם מעטאַפיזישן שפרונג אין „יענער וועלט".

דער זייגער באַווייזט אַרום האַלבער נאַכט. אַן אייל-לעמפל באַלייכט פאַנטאַסטיש דעם פאַרנעפלטן פנים פון אַ יונגער פרוי מיט אַ זויג-קינד אויפן שויס. דערנעבן—די געשטאַלט פון אַן אַלטער פויערטע, וואָס זיצט אויפן נידעריגן אויוון. אירע שמאָלע פינגער שפינען האַסטיג עפעס אַ מאָדנעם בגד. איר מויל איז פעסט געשלאָסן, אירע ברייט צעעפנטע פוסטע אויגן טוען ווי זאָגן: וואָס דאָרט קומט פאָר, באַמערק איך ניט, איך האָב גאָרנישט ניט געזעהן. דער גרעסטער רוב פון מיינע רייזע-חברים קאָנען דאָ ניט אויסהאַלטן און שפאַרן זיך צו ערגיץ אין קאַלטן דרויסן. באַזונדערס שטיל זיינען די פרויען, אַזוי שטיל און געדולדיג און פול מיט הכנעה. זיי האָבן זיך אַזוי טיף אַראָפגעלאָזט, אין גאַנצן אַרומגענומען פון אַ געטליכן הויך. איך אַליין קאָן אָבער פון שטוב ניט אַרויס. די אַלטע האָט מיך באַכישופט. איך וויל הערן, ווי זי רעדט, וויל איר פאַלן צו די פיס: עפן אויף דיינע לעפצן, זאָג עפעס, מכשפה: איך בין אָדיסעיס, וואו געפינט זיך מיין געטריי ווייב פענעלאָפע, גיכער, זאָג מיר אָן מיין שעה, אָדער איך צערייס אָט דעם בגד. צו אַל די רוחות די רוסן, די יידן מיט אייראָפע אין גאַנצן, איך ווער ווי איינער פון אייך, אַ שמוגלער, אַ רויבער, אַ באַנדיט. דער שפינדל זשוזשעט, דאָס כישוף-לעמפל מיניעט זיך, די מכשפה קוקט פאַרגאַפט אין פוסטן חלל אַריין.

אַ שאָס. נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל. איך כאַפ זיך אויף דערשראָקן. דאָס שיסן די פאָסטנס אויף יענער זייט, פון רומענישן גרעניץ. די שטוב איז דערווייל פול געוואָרן מיט שמוגלערס, וואָס

גיסן אריין אין זיך גרויסע גלעזער שפירט און קריגן זיך מוראדיג. דער זייגער שלאגט דריי, און אונזער גורל איז נאך ניט באשיידט. באלד קרייט דער האן, און מיר זיינען פארפאלענע. וואס פאר א געשטאלטן און וואס פאר א מישמאש פון דיאלעקטן! רומענער, ציגיינער, אוקראינער, רוסן און יידן. מען טרינקט און מען ווערט סוף כל סוף שלום. איך הער נאר, ווי א חברה־מאן שרייט: איך האב ליב א הארטע פויסט. ארויס, דורכן גארטן, און איטליכער זאל אליין שלעפן זיין ביסל ארימקייט.

דער דנעסטער האט גאר קיין שנויי ניט. זיינע ברעגעס זיינען הויך און מיר גליטשן זיך אראפ. דער פערלמוטער־טונקעלער אייז שאקלט זיך און פלאצט: טררררווו — אזוי איז שטיל. די לבנה קוקט שטילערהייט מיט ליבשאפט ארויס פון די גרינגע וואלקן אפער אויף די מענשן־קינדער, וואס איילן זיך און גנבענען זיך. זיי איילן זיך, די שרעקעדיגע, ס'איז מער קיינער ניט צו זעהן. מיין פרוי און קינד בלייבן שטיין און ווארטן. הינטער אונז שפרייזט פאוואליע און פעסט, פול מיט בטחון, אן איינזאמע פרויען־געשטאלט. נאך איר שלעפט זיך אויף אלע פיר אן אלטע באיארנטע באבעצי. — ווי טראגט דא איטליכער זיין מזל אין די אייגענע הענט — באמערקט צו מיר מיין פרוי. ווידער אמאל א שאס. מיר שפאנען די לעצטע, איינע אליין אויפן ברייטן טייך, און ביי אונזער זייט גייען מיט שיינענדיגע פנימער, מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו בענשן און צו שיצן פריינטשאפטליך געזונענע מענשן, וואס זיינען שוין לאנג גוטע בעטערס. דער אייז ציהט זיך און פלאצט: טררווו, טררררווו... די לופט איז מילד, די נאכט פול כישוף. דער פערלמוטער־טונקעלער אייז פונם ברייט צעשפרייטן דנעסטער טראגט אונז אליין ווייטער אוועק. אזא נס וואלט איך ניט מורא געהאט איבערצולעבן נאך אמאל.

דערמאנט מען זיך אן יענעם געפיל פון פרייהייט, וואס האט אונז ארומגעכאפט אויבן, אויפן אנדערן ברעג, מעג מען אפן

אַרויסזאָגן: יענער געפיל האָט צו וואָלוול געקאָסט. ווידער אין אייראָפּע, אין דער אַלטער און אייביק יונגער, באַוועגטער אייראָפּע. רומענישע זשאַנדאַרמען, וואַך־פּאָסטנס פון רומענישן גרעניץ, בע־סאַראַביע — רומעניש, — דאָס איז אַלץ גאָרנישט: פרייהייט, פרייהייט! אַלע עצהן צו זיין פאָרזיכטיג. די סכּנה איז נאָך ניט אין גאַנצן פאַרביי. די רומענישע מאַכט איז אויך ניט צו איידל. אָבער מיר ווילן וועגן דעם ניט קלערן. אַזוי ווי עס וואָלטן אונז מקבל פּנים געווען גוטע פריינט, וואָס האָבן שוין לאַנג אויף אונזער באַפרייאונג אַרויסגעקוקט מיט בענקשאַפט. בעסאַראַביע איז געלעגן אויסער דעם רשות פון דער בלינדער רעוואָלוציאָנע־רער מאַכט, און מיר זיינען געווען גרייט איר צו שענקען אונזער פולן צוטרוי.

באַלד האָט די פרייד געמוזט געשטערט ווערן. מען מוז זיין פאָרזיכטיג. מען מוז נאָך אַלץ אָנקומען צו דער טובה פון די שמוגלערס. אַנדערש האָט מען געקאָנט נאָך אונז אַרעסטירן און אַריבערפּעקלען אויפן אַנדערן ברעג. פאַרטאָג האָט אונז אַ רומענער אין גאַלאָפּ אַריינגעפירט אויף געדרייטע וועגן אין שטעטל זגוריצאַ און אָהן שום שאלות האָט ער אונז אָפּגעוואָרפן אין דער גרויסער שול. די נאַכט מיט אירע רוחות און מכשפות און אויך די געטליכע געהויבנקייט פון יענעם גאַנג איבער דעם פערלמוטער־טונקעלן אייז פונם דניעסטר — איז געלעגן ווייט הינטער אונז. אַ נייע, פרעמדע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט.

איך האָב געציטערט פאַר קעלט. די ווייסע ווענט פון דער שול האָבן קיין פיזישע וואַרימקייט ניט אַרויסגעשטראָמט. אויך די צוויי פון שטיין אויסגעהאַקטע לייבן, וואָס זיינען דאָרט געשטאַ־נען, זיינען מיר געווען אומפאַרשטענדליך. איך האָב נאָר פאַר־שטאַנען, אַז שטענדיג איז דאָס אַ שול אָדער אַ קירך, וואוהין מיר, מענשן, ווענדן זיך אַוטאָמאַטיש, ווען אַלע אַנדערע וועגן זיינען פאַרשפּאַרט. און אַז איך האָב מיך אַרומגעקוקט אויף דער מחנה

פּליטים, וואָס האָבן אָנגעפּילט מיט זייער ביסל אָרימקייט די קאַלטע שול, האָב איך אַ קלער געטאָן וועגן היסטאָרישן זין פונם דאָזיגן כ׳ערקווירדיגן מקום מקלט. צו עפּעס וואָס צוגעבונדן מוזן דאָך זיין די מענשן, וואָס געפינען זיך אין רשות פון אַ בייזן צופאַל. די שול איז דער לעצטער אָרט, וואו עס ווערט פאַרווירקליכט דער פעלנדיגער היסטאָרישער צונויפבונד. פון זיך אַליין, אָהן אַ סך צו פרעגן אָדער צו פאָרשן. די שול איז נאָך אַלץ אַ פאַר־באָרגענער צונויפבונד פאַר יידן, וואָס ריכטן אָפּ גלות. עס האָט אָבער געדויערט נאָר עטליכע שעה, און די אויסטערלישע אידיליע איז געווען אויס. ערדישע כחות האָבן זיך אָנגענומען פאַר אונז. דער ציוניסטישער קאָמיטעט האָט אונז אָנגעוויזן דירות ביי די יידישע פּני פון זגוריצאַ.

אַ פאַרבאָרגענער צונויפבונד פאַרקניפּט מיך מיט בעסאַראַביע. אוקראַינע איז צו ווייך און היימליך־טרויעריג, בעסאַראַביע איז ניט געקוקט אויף איר מילדקייט פול מיט שטאַרקער לופט. זי האָט זיך מיר באַוויזן פונקט אַזוי, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. אין ווינטער־טעג — ווייסע שניי־פעלדער, אָבער פאַרגעלט מיט זונען־פלעקן. גאַנצע טשאַטעס גרויסע גראָה־שוואַרצע ראָבן דרייען זיך אַרום איבער אייער קאָפּ און מאַכן פול די לופט מיט מאָדנע קולות. אָבער איך שרעק זיך ניט. שרייט, וויפיל ס׳האַרץ גלוסט, איר פויגלען, וואָס איר יאָגט אַריין שרעק אין מענשן. מיר ווערט ניט אימהדיג, מיין געטריישאַפט צו בעסאַראַביע קאָנט איר ניט ברעכן. נישט אַנדערש, אַז איך פאַרמאָג פון פריהער אַ טיף באַגרינדעט רעכט אויף דער דאָזיגער רויט־געלער ערד. דאָס לאַנד כנען, וואָס איך האָב נאָך ניט זוכה געווען צו זעהן דאָס מיט ערדישע אויגן, האָט אויך געמוזט אַזוי אויסזעהן. אַ ביבליש לאַנד. מענשן, פערד, בעסאַראַבישע אָקסן און קיה, און די דאָזיגע ראָבן פון אויבן, און נאָך מער די דאָזיגע גאָלדליך־רויטע ערד, וואָס לאָזט געבאָרן וויין, וואָס ברענגט אַרויס טאַבאַק און טראָגט

מַאַיס (קוקורוזע), גאַנצע פעלדער גאָלד־געלן מאַאיס אין איר שוים — זיי פאַסן זיך אַלע צו אַנאַנד. און אַז איך זעה די דאָזיגע ברייטפּלייציגע, הויך געוואַקסענע יידן און קוק אַריין אין זייערע העל־בלויע אויגן און באַטראַכט זייער פּאַמעלאַכדיגן גאַנג און זייער היימיש אומגיין מיט אָקסן און קעלבער, — דעמאָלט ווייס איך: מיט דעם דאָזיגן פנען בין איך קרוביש פאַרבונדן. מיינע אייגענע פעטערס פון מוטערס צד, וואָס זיינען נאָך צו זיבעציג יאָר, ווי עס געדענקט זיך פון קינדוויז אָן, געזעסן שטייף אויף פערד, שטאַמען פון דער דאָזיגער געגנט. מיין אייגענע מוטער איז נאָך דאָ געווען אין דער היים. און אַז מען לעבט נאָך דרונסן, אין דער וועלט מיטן פאָטערס גייסט, מיט זיינע אבות, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן און געהאָדעוועט אין אַ גערמאַנישן לאַנד, שטעלט מען זיך דאָך אָפּ אַמאָל ביי דער מוטער. מען שפּרינגט אַריבער די לירישע געשטימטע אוקראַינע און מען שפּרייזט אַריבער דעם דניעסטער. אויך אַזוי בונט ווי אוקראַינע, אָבער אַנדערש, אויף אַ גאָלד־געלער הילע, וואָס פאַרדעקט אין גאַנצן די שבטים און פעלקער, וואָס וואוינען דאָרט. דאָ טרויערט אָהן שמאַרץ דער מאָלדאַוואַנער, ציגיינער, אַרמעניער, גריכן, אוקראַינער, רומענער, און נעבן זיי די שוואַרצע ברייטפּלייציגע יידעלאַך מיט געגרייזלטע האָר, וואָס נעמען זיך אויס ווי ברויזל־מענשלאַך אַנטקעגן די בלאָנדע יידן און וואָס זיינען זיכער אַ מאָל פאַרשלעפּט געוואָרן אַהער ווי שקלאַוון פון דער אַלטער רוים, אָבער זיי באַהערשן לחלוטין ניט דאָס לאַנד, זיין גאָלדיג שימערירנדיג ליכט. אויך דייטשן לעבן דאָ צעשפּרייט נעבן מילן און וועלדער. אַליין, וואָס גיט אַן אָנצוהערעניש אויף קאָלאָניסטן, דאָס פּאַסט זיך גוט אַריין אין בעסאַראַביע פון דער לעצטער צייט. די אָקסן, די קעלבער, די וויינשטאָקן און דער מאַאיס און אויך די מערקווירדיגע ראָבן, וואָס ניט נאָר זיי דרייען זיך אַרום פון אויבן, נייערט זיי שטעקן אַריין זייערע שנאָבלען אויך אין די ירידים פון

די בעסאַראַביער. די בעלי־חיים, די געוויקסן און בפרט די העל־גאָלדיגע לופט און פעלדער האָבן דאָ מער באַטייט, איידער די מענשן מיט זייער מלוכה.

דער געדאַנק, אַז בעסאַראַביע געפינט זיך אונטער אַ מלוכה, וואָס קאָן דאָך אויך ניט אַריבערטראָגן, עס זאָלן זיך דאָ אַרומדרייען מענשן אָהן געהעריגע רעכט דערויף, האָט זיך מיר ניט געוואָלט לייגן אויפן שכל. איך בין געווען פול מיט דער מחיה־דיגער לופט און מיט די פשוט־ביבלישע בילדער, וואָס האָבן זיך אונז פאָרגעשטעלט. פונקט ווי אונזערע אבות, וואָס האָבן איינגענומען כנען און האָבן געפירט מלחמה מיטן קעניג אבימלך, זיינען די בעסאַראַביער ניט שטאַרק באהבנט אין דער דיאַלעקטישער קונסט פון הלכה און אגדה. מיין אייגענער ברייטפלייציגער בעל־הבית האָט זיך באַרימט, אַז ער איז ניט ווינציגער ווי ביי פערציג קליינע פערדעלאַך בייגעשטאַנען ווי אַן אקושאָר. זיין ערנסט־שטומער פנים פלעגט אויפשיינען, ווען ער פלעגט אַרויסרעדן די ווערטער: „די לאָשיקלאַך, אָך די לאָשיקלאַך“. אָהן אַ שיעור צערטליכקייט צום קליינוואַרג פונם מין פערד האָט זיך אויסגעדריקט אין די דאָזיגע ווערטער. און אַז איך האָב זיי, די בעסאַראַביער, שפעטער געזעהן עסנדיג, ווי זיי האָבן איינגעשלונגען גאַנצע אָקסן און אויסגעטרונקען גאַנצע עמערס קרעפטיגנדיגן וויין, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען א סך זאַכן פון דער האָמערישער צייט, וואָס האָבן מיר זיך שלעכט געקלעפט אין די לערן־יאָרן. די בעסאַראַבער זעטיגן זיך ווי האָמערישע העלדן, און די ערשטע שאלה, וואָס זיי פלעגן פאַרגעבן א פליט פון יענער זייט ברעג, איז געווען, צי האָט מען שוין וויין געטרונקען און נים געגעסן. — ווי גייט עס דעם וואַנדערער א., צי איז ער שוין פטור געוואָרן פון דער „סגוראַנצא“ (דער פאָליציי) און צי האָבן זיך די אַמעריקאַנער פעטערס אָן אים דערמאָנט? — יאָ, עס גייט אים ניט שלעכט, ער פאַרזוכט שוין וויין און נים.

עס איז פֿאַרבייגעגאַנגען אַ וואָך, און איבערן שטעטל האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז די מיליטער־מאַכט האָט נאָך היינט בדעה צו באַזעצן זגוריצאַ, בכדי געגוי זיך אָנצוקוקן די עמי־גראַנטן, — צי האָבן זיך ניט דורכגעגנבעט באָלשעוויסטישע עלע־מענטן, וואָס דערציילן דאָ אומעטום באָבע־מעשיות וועגן דעם גן־עדן אונטער די פֿליגלען פֿון דער ראַטן־מאַכט, וואָס לעבט פֿון הוילן יושר. מען האָט געמוזט ווייטער פֿאָרן. אונזער ציל איז געווען קישינעוו, די קרוין פֿון בעסאַראַביע, וואָס מען האָט איצט משנה שם געווען אין כּיטשינאַו. מיר, די ניט געבאָרענע בעסאַ־ראַביער, האָבן זיך ניט איינגעשטעלט צו באַגעגענען זיך מיט דער „סגוראַנצאַ“ אויף אַ גלייכן וועג. האָבן מיר געמאַכט אַ גרויסן אומוועג און זיינען אַוועקגעפֿאָרן אין דער אומגעקערטער ריכ־טונג צו דער קרייז־שטאָט ביעלצי. דאָס מאָל זיינען מיר גע־פֿאָרן אין שליטנס און די ראָבן האָבן אונז באַלייט. זיבן בערג האָבן מיר געמוזט פֿאַרבייפֿאָרן. אין ערשטן בעסטן יידישן הויז זיינען מיר אַראָפּ. מען האָט אונז אויפֿגענומען ווי אַלטע גוטע פֿריינט. אין אָוונט האָט אונז צוגענומען צו זיך דער באַוואוסטער דאָקטאָר וועסטערמאַן, און אַכט טאָג צייט זיינען מיר געווען זיינע געסט. איצט טרינקען מיר אויך ווייַן און עסן ניס. מיר באַוועגן זיך פֿרייער. עס גיט זיך מיר איין אַליין צו באַזוכן די לאַגערס, וואו עס זיצן פֿאַרשפּאַרט עמיגראַנטן. איך געפֿין דאָרט יונגע לייט, וואָס האָבן „שטודירט“ איינע פֿון מיינע יוגנט־שריפֿטן „די וועלט־אָנשויאונג פֿון סאָציאַליזם“ אין רוסיש. זיי פֿאַר־לאַנגען פֿון מיר, וואָס האָט אַליין קיין רעכט ניט, רעכטליכע שטיצע. יידן, איינגעטיילט לויט צעכן, דער שניידער־צעך, שוס־טער־צעך און אַנדערע, פֿאַרזאָרגן די אַרעסטירטע מיט שפּייז — „יידן בני רחמנים“. און די רומענישע מלוכה, וואָס אין גאָר דער וועלט האָט מען זי אַזוי שטאַרק געזידלט, ווייזט זיך אַרויס, אַז ביז היינטיגן טאָג די יידן־פֿריינטלעכסטע מלוכה אין גאַנצן גבול פֿון

דער ציוויליזירטער אייראָפּע *). ווי ווייט איך ווייס, זיינען די פּלי־טים קיין איינציגן מאָל אפילו פון דער רעגירונג ניט אַריבערגעשיקט געוואָרן אויפן אַנדערן ברעג. דאָ איז גילטיג דער כלל: לעבן און לאָזן לעבן. עס ווערן אָפּגעהיט די כללים פון געזעלשאַפטליכן שטאַם און פון פּאָליטיש־רעכטליכן „לפנים משורת הדיל". די חשובע פּאָליציי איז זיך, אמת, נוהג, אַזוי ווי בכלל אין אייראָפּע פאַר דער מלחמה, צו שלעפּן פאַרן קאָלנער, זי לאָזט אויך ניט זעלטן פריי די הענט, אָבער עס איז אויך מיגליך, פּונקט ווי אין דער פאָרקרי־געריקער אייראָפּע, צו זוכן רעכט און צו קעמפן פאַר רעכט. אָנשטאָט דער „מעטאַפיזיק" פון די מענשליכע באַציהונגען, ווי זי איז איינגעפירט געווען אין דער ראַטן־רעפּובליק, האָט דאָ גע־הערשט די פּסיכאָלאָגיע פון יענע באַציהונגען און פאַרבינדונגען. מען שטייט ניט טאָג אויס, טאָג איין אונטערן פּרוב פון אַ וועלט־גורל און מען באַוועגט זיך גרינגער, פרייער. אַ געוויסע עלאַסטיש־קייט נעמט דורך דאָס לעבן, און מען געפינט די מיגליכקייט צו פאָרן צוריק, אין דער ריכטונג צום דנעסטער, קיין קישינעוו. צום ערשטן מאָל נאָך שווערע יאָרן אין. אַן אייזנבאַן־קופּע, הגם נאָך האַלב לעגאַל, בלויז מיט פּאַפּירן פון עמיגראַנטן.

ביז איצט איז אין מיין באַוואוסטזיין געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען קישינעוו די פאַרשיקונג פונם גרויסן רוסישן פּאָעט, דעם אייראָ־פּעער פּושקין, און דער יידישער פּאָגראָם, און נאָר מיין מוטערס דערציילונגען און דער בעסאַראַבער ווייַן האָבן אַ ביסל געמילדערט די דאָזיגע טרויעריגע ערשיינונגען. „מיט דער לירע פון צפון

---

*) בשעת מיר האָבן די דאָזיגע שורות געשריבן, האָט דער טע־לעגראַף געבראַכט די טרויעריגע ידיעה וועגן אַנטי־יידישע עקסצעסן אין אַ רייע שטעט אין רומעניע—בוקאַרעשט, יאַסי, קלויזענבורג. דאָך בלייבן מיר ביי אונזער מיינונג; די דאָזיגע אַנטי־יידישע באַוועגונג שטאַמט פון די סטודענטן און קומט איינגטליך פון מערב־אייראָפּע.

האָב איך די לופט ציטערן געמאַכט"... דאָס קאָן מען נאָך איצט לייענען אויפן דענקמאָל, וואָס די שטאָט קישינעוו האָט אַמאָל געשטעלט לכבוד פושקינען. איצט זיצט דאָ אַ נשאר פונם רוסישן אַדל און פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס קוקן אויף רוסלאַנד דורך פושקינס ברילן. די קישענעווער האָבן איבערגעלעבט דעם קריג און די רעוואָלוציע נאָר אין דער פאַנטאַזיע. די באַוועגטע צייט האָט ביי זיי מער ניט צעבלאָזן ווי אַ געפיל פון אַן אָרטיגן, בעסאַראַבישן פאַטריאָטיזם, און נאָך אַלץ וויגן זיי זיך אין זייערע סימפאַטיעס צווישן דער רוסישער אימפעריע און דער רומענישער מלוכה. טיפּישע רוסישע אינטעליגענטן פון אייערנעכטן, פאַרדעגהט איבער פּראָבלעמען פון טשעכאָווס העלדן: „פּעטער וואַניאַ, וואָס וועט זיין מיטן מין מענטש אין טויזנט יאָר אַרום?" דער ווייַן, וואָס זיי פאַרשטייען אים צו געניסן מיט גראַציע, מאַכט זיי ניט פריילעך. קיינעם באַפליגלט ניט דער ווייַן פון בעסאַראַביע, — אַ רעטעניש, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט מיר צו באַשיידן. זיי זיצן דאָ אַלע הינטער ווייַנשטאָקן, און די ייִנגערע צווישן זיי, וואָס דערוועגן זיך ניט אַריינצוטרעטן אין דינסט פון דער מלוכה, בויען אויס גוראַלניעס, ציגעלניעס, און אַנדערע ממשותדיגע ווערטן. איך בין אָפטמאָלס געווען ביי זיי צו גאַסט, און אַ סך פון זיי זיינען געווען אַזוי פריינטליך אויסצוהערן אויפמערקזאַם מיינע פאָרלעזונגען איבער דעם אונטערגאַנג פון דער רוסישער מלוכה און דעם חורבן פון דער רוסישער פערזענליכקייט און אויך מיין ציקל איבער דעם אַריינפיר אין דער מאָראַל־וויסנשאַפט, וואָס איך האָב געהאַלטן אין זאַל פון קישינעווער מאַגיסטראַט. איך האָב צווישן זיי געפונען ניט נאָר געבילדעטע מענשן, נייערט אויך געלערנטע, און שטענדיג וועלן ביי מיר בלייבן אין זכרון די שמועסן מיטן באַיאָרנטן רום ה' מ., וואָס איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ לערער אין אַ גימנאַזיע און שפּעטער אַ פינאַנס־מאַן, איבער די „סכעמאַטאַ" ביי

פּלאַטאָן און זייערע פּועל־יוצאס פאַר לאָגיק און מאַטעמאַטיק. אַ סך עכטע בילדונג איז אָנגעקליבן אין דער בעסאַראַביש־רוסישער אינטעליגענץ, נאָר זי ווערט איצט ניט אויסגענוצט. אַ געוועזענער דעפּוטאַט פון דער גאָס. דומע האָט מיר איבערדערציילט אַ שמועס מיט אַ באַוואוסטן ענגלענדער, וואָס ער האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט איבער די ירידה פון דער רוסישער בילדונג אין דער רומענישער בעסאַראַביע. „איר רוסן זייט אַ מערקווירדיג פאָלק! מיין היים־שטאָט אין ענגלאַנד איז גרעסער פאַר קישינעוו, האָט אָבער קיין מאָל ניט פאַרמאָגט אפילו אַ העלפט פון די בילדונגס־אַנשטאַלטן, וואָס איז געשטאַנען אין אייער רשות. פאַרוואָס זשע האָט איר זיך שטענדיג אַרומגעקריגט מיט אייער צאַריסטישער מלוכה?“ דער ענגלענדער האָט ניט געוואוסט, אַז די בילדונג האָט זיך אַנטוויקלט אויף להכעיס דעם צאַריזם. איצט, פאַרשטייט זיך, האָבן די בעסאַראַביער ניט קיין עפנטליך אָנערקענטע רוסישע שולן. די רומענישע מלוכה, וואָס באַשיצט די באַפעלקערונג קעגן די גליקן פון באָלשעוויזם, וואָלט געוואָלט, אַז די באַשיצטע זאָלן זיך אויסלערנען די לאַנד־שפּראַך. אַ פּראָבלעם, וואָס אין דרום־ און מיטל־אייראָפּע זיינען אַ סך אַזעלכע דורכן קריג און שלום געשטעלט געוואָרן. בלויז די נאַציאָנאַל־געשטימטע יידן האָבן, אָהן דאָס אָבער צו פאַרשטיין, נאָר געוואונען דורך דער נייער סיטואַציע: לכל הפחות דערווייל, בכדי גובר צו זיין די רוסיפיציר־טענדענצן, דערלויבט זיי די רומענישע מלוכה אויסצוהאַלטן העברעאישע גימנאַזיעס, וואָס זיינען עפנטליך אָנערקענט. און אַזוי איז געקומען דערצו, אַז בעסאַראַבישע יידן, וואָס זיינען אין העברעאיש אָפּגעשטאַנען, מוזן צוזעהן, ווי זייער יוגנט הויבט אָן זיך צונויפצורעדן אין העברעאיש.

די געשיכטע מאַכט עקספּערימענטן. פּונקט ווי אַנדערע מיטן, לעגענדעס און שפּראַכן, וואָס זיינען יאָרהונדערטער לאַנג געלעגן פאַרשאָטן, פאַרבאָרגן, זוכט זי אַרויסצוברענגען דאָס העברעאיש

צו דער ליכטיגער שיין. איר טואַכיץ איז דאָך קודם כל אַ פראָצעס פון ראָמאַנטישן שטייגער. אין אַלע פעלקער, וואָס זיינען פריהער געווען פאַרבונדן מיט דער רוסישער אימפעריע, שטייען אויף תחית המתים לאַנג פאַרגעסענע דיאַלעקטן. איך פרעג זיך איצט: מיט וואָסער פאַקט איז די דאָזיגע תחית המתים פאַרבונדן? מען מוז וואַרפן אַ בליק הינטער די קוליסן פון די געשיכטליכע פאָרמירונגען. אויב דאָס אַלץ ווערט אָפּגעטאָן נאָר אויפן באַפעל פון דער היסטאָרישער שעה, פאַרדאַנקט עס זיין איצטיגע עקסיסטעניץ נאָר היסטאָרישע שינויים און קאַפּריזן, דעמאָלט איז באמת קיין גרונט ניטאָ צו שלאָגן אין די טאַצן און צו זינגען פרייליכע לידער. דאָס איז שייך, למשל, צו דער ליטווישער און אפשר אויך צו דער לעטישער שפּראַך. פרעג איך בכן: צי געהערט די העברעאישע בילדונג אויך צו דער קאַטעגאָריע „היסטאָרישע" מעשים אָדער זי איז די צייטיגע פרוכט פון אַן איינגעוואָרצלטער אייגענער קולטור? אויב אַזוי, מעג מען רוהיג זאָגן: קיין שטורעם וועט שוין מער ניט זיין בכח זי אַ ריר צו טון און קיין שום כמאַרעס וועלן איר די זון ניט פאַרשטעלן.

די געשיכטע מיט אירע מלחמות, רעוואָלוציעס און פּאָליטישווירטשאַפטליכע שינויים פאַרגיט אונז רעטענישן. איך האָב גערעכנט דאָ, אויף די דאָזיגע ברעגעס פון דנעסטער, פטור צו ווערן פון זיי און בין ווידער אַריינגעפאַלן אין נעץ פון דער היסטאָריע. איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן וואָס מיגליך גיכער אַריבערצוכאַפּן זיך קיין אייראָפּע, אין דער שטילער האָפענונג, אַז אפשר האָט זיך שוין דעם מענשן פון מערב איינגעגעבן ווידער איינצוצאַמען און צו באַרוהיגן דיליידנשאַפטן און כחות, וואָס די געשיכטע האָט פונאַנדערגעבלאָזן, דורך דעם עטאָס פון זיין איינגעבאָרענער קולטור. איינגענומען פון דער דאָזיגער האָפענונג, האָב איך געוואָלט וואָס גיכער אַוועק פון דאַנען.

דערווייל איז געקומען דער פריהלינג. נאָך שווערער איז געוואָרן זיך צו שיידן מיט דער גאָלדיגער לופט און מיט די בעסאַראַביער, וואָס טרינקען וויין און ווערן ניט שיכּור. אויך מיר האָבן געגעסן ניס, געטרונקען וויין און זיינען צו־ביסלאַך אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ קרייז גוטע פריינט. איך דערמאָן ז״ד באַזונדערס אָן דעם מאָלער שניאור קאָגאַן. זיינע בילדער פילן אָן די סאַלאָנען פונם איבערגעבליבענעם רוסיש־מאָלדאַוואַנישן אַדל. אַ מערקווירדיגע ערשיינונג, אָט דער איינזאַמער מייסטער! אין עצם אַ מאָלער פון דער דייטשער טראַדיציע אין דער קונסט — ער האָט געקראָגן זיין אויסבילדונג אין דער מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע, — מיט אַ רוסישער נשמה און מיט אַ ניט־געשטילטער בענקשאַפט נאָך אַ יידישן ירושלים. און דערביי אַ באַשעפער פון דער בעסאַראַבישער לופט, פון די בעסאַראַבישע הייזער, פון די ויינשטאָקן, מענשן און מאַאיס־פעלדער. מיט גאָר קאַרגע מיטלען פון ליניעס און פאַרבן — אַ שטיק בעסאַראַביש לאַנד „פ אַ ר ז י ך ״. אין מיטן דער פאַרשיכּורטקייט און רייכקייט — ניכטער, ערנסט או שטרענג. פאַרוואָס קאָן בעסאַראַביע זיך ניט אָנשיכּורן מיט איר שטאַרקן וויין? די אָרטיגע מענשן טייטשן מיר דאָס אויס: דער מאַאיס, די „מאַמעליגע״ איז דערין שולדיג. אַליין איינס: איך בין כּמעט גרייט נאָך אַמאָל אַריבערצוגיין ביי נאַכט דעם דנעסטער, בכדי צו זעהן דאָס העל־גאָלדיגע בעסאַראַביש לאַנד מיטן שטאַרקן וויין, וואָס מאַכט ניט שיכּור.

ווער עס האָט אַ פאַרלאַנג נאָך בונטקייט פון ראַסן און נאָך ראַסיגע מענשן, דער זאָל גיין קיין קישינעוו, דער זאָל מאַכן אַ באַזוך דער פאַמיליע שמידט, וואָס איר האָט די שטאָט קישינעוו צו פאַרדאַנקען איר וואַסערלייטונג, די פאַרקערס־פאַרבינדונגען און אַנדערע ציוויליזאַטאָרישע מוסדות. אין זייער הויז האָבן מיר אַזוי אָפט געגעסן אַן עכט שטיק פושקין־קולטור. איך פאַרגעס אויך ניט טוביה קאָגאַן מיט זיין פאַמיליע, וואָס האָט אין משך

פון גאַנצע צוויי חדשים פאַרשטאַנען אונז אָנצובאָטן הכנסת אורחים אין פולקומענער שיינקייט. מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, אַז „מיר זיינען געווען קנעכט אין לאַנד מצרים“ און צולעצט האָב איך, אַדאַנק דער פריינטליכקייט פונם מיניסטער פאַר בעסאַראַביע ניצאַ, אויסגעטאָן אין גאַנצן פון זיך דעם עמיגראַנט. מיר האָבן געקראָגן פאַפירן פון דער רומענישער מלוכה, און מיר זיינען געווען אין שטאַנד זיך צו לאָזן אין וועג אַריין.

רוסן, אוקראַינער, יידן, מאָלדאַוואַנער, דייטשן, אַרמעניער, בולגאַרן, ציגיינער, דאָס גאַנצע בונטע פאָלק פון בעסאַראַביע, זייט געזונט, אַ יישר כח אייך! איך פאָר קיין בוקאַרעשט און נאָך ווייטער. מיט טייל פון אייך זעהען מיר זיך אפשר נאָך אַמאָל אין מאָסקווע אָדער ירושלים און זיכער אין דער דייטשער שטאָט בערלין.

אין בוקאַרעשט האָב איך זיך אויפגעהאַלטן עטליכע טעג. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געזעהן די עטליכע פאַציפיסטן און „טאָלסטאָיאַנער“, וואָס איטליכע אייראָפּעאישע הויפּטשטאָט מוז זיי האָבן אין אירע מויערן. עס איז אָבער גרינג געווען אַרויסצושפירן, אַז דאָס איז אַ שארית הפליטה פון אַ חרוב געוואָרענער הומאַניטעטס־עפּאָכע. שטורעמס פון אַ נייער צייט, וואָס האָט נאָך איר וועג ניט געפונען, האָבן דערגרייכט אַהער פון ווייטן מערב. די היסטאָרישע טומלער פון נעכטן זיינען נאָך אַלע געשטאַנען אין פאָדערגרונט און האָבן זיך געקוויקט מיט די זכרונות פון זייערע מעשים. אין רומעניע גופא האָט מען געשפּירט דעם רייכן יורש. פונקט ווי אומעטום, אין גאַנצן גבול פון אייראָפּעאישן קולטור־קרייז, האָט מען אויך דאָ געפּעלשט די קולטור דורך געשיכטליכע אַמביציעס. מען האָט איינגענומען אַ שטיק עסטרייכישע געשיכטע, אָבער מען האָט ניט געהאַט דעם ווילן זיך אָנצואייגענען אויך די קולטור, וואָס געהערט דערצו. אַזוי האָב איך

געטראָפן צווישן אַנדערע ביים רומענישן סאָציאָלאָג פּראָפעסאָר גוסטי דעם אָנגעזעהענעם יוריסט און געוועזענעם לעקטאָר פון טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט פּראָפעסאָר ערליך, אַ תּלמיד פון דער דייטשער וויסנשאַפט, וואָס אַפילו דעם קיניגס השתדלות האָבן אים ניט געקאָנט פאַרהעלפן צו אַ קאַטעדרע. וויסנשאַפטליכע אָריגינאַליטעט, עכטע דייטשע קולטור און יידישע ראַסע — אָט די אַלע דריי חסרונות האָבן זיך אַריינגעלייגט דערפאַר, בכדי אָט דעם בכבודיגן מאַן גרינטליך צו דעקלאַסירן. וואָס פאַר אַ העזה מצד דעם היסטאָרישן באַרבאַריז־ אַנטקעגן דער געפאַלענער בילדונג! איך בין געוועזן אויפגעבראַכט. איצונד רעג איך זיך מער ניט אויף. די געפאַרבענע צנועה אייראָפּע האַלט איצט אומעטום מער פון די דרום־אַמעריקאַנישע טענץ, איידער פון סעבאַסטיאַן באַכס אָראַטאָריעס. אַזוי האָט געפּסקנט די מאָדע.

וועגן רומענישן פאָלק קאָן איך גאָרנישט ניט זאָגן. איך בין אין זיין מוזיק ניט אַריינגעדרונגען און האָב עס ניט געזעהן, ווי עס לעבט און שאַפט און ווי עס באַגייט זיך מיטן פרעמדן. דאָס פאַרהאַלטן זיך בנוגע צום „פרעמדן” רעדט בענד, איז אַן אמתער מיטל פון סאָציאָלאָגישער דערקענטעניש. נאָר איין „קוריאָזום יודאַאיקום” וואָלט איך נאָך וועלן פאַרצייכענען, איידער איך פאַרלאָז די פרייליכע שטאָט בוקאַרעשט — כדאי דאָס צו וויסן פאַר רומענישע יידן און פאַר ציוניסטן פון גאָר דער וועלט. איך האָב אין בוקאַרעשט געפונען אַ צייטונג, וואָס ערשיינט אין רומענישער שפּראַך און פאַרנעמט זיך א ו י ס ש ל י ס ל י ך מיט דער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק און מיטן ענין פאַלעסטינע. זי ווערט פאַרפאַסט און רעדאַקטירט פון צוויי ק ר י ס ט ן. די רעדאַקטאָרן שטאַמען פון רומענישער ראַסע, האָבן רוסישע בילדונג און פילן אין זיך דעם פאַרלאַנג צו דינען דעם אוניווערסאַלן גייסט פון

יידנטום. צי איז דען ניט רומעניע טאַקע בײַ היינטיגן טאָג די יידן־פרײַנטלִיכסטע מלוכה אין אייראָפּע ?

איצט, האָב איך געמיינט, איז שוין צײַט אַוועקצושטעלן אָן אַ זייט דעם וואַנדער־שטעקן. איך האָב זיך אין גאַנצן אָפּגעשיידט פונם קרייז פון די עמיגראַנטן — אַ סאָציאַלער אַקט, וואָס קאָסט אַ סך אָנשטרענגונג. שטענדיג פאַלט עס שווער דורכצושניידן דעם סאָציאַלן ווירקונגס־קרייז, וואָס נעמט דיך אַרום. איצט האָט מען געמוזט אויך פאַרלאָזן דעם גייסטיגן אָרט, וואו דער מזל איז אַ צײַט לאַנג געשיצט געווען. מיר האָבן אים אַזוי אָפּט אויסגעפּרובט, און ער האָט אויסגעהאַלטן. ער האָט אויך פון זײַן צד געשטעלט פאָדערונגען. אָבער גענוג דערפון. אַפילו דעם בויגן פון אייגענעם מזל טאָר מען ניט צו־פיל אָנציהען. די מסוכּנדיגע נסיעה ליגט ווייט הינטער מיר. די וואָלקענס האָבן זיך צעשפּרייט, און עס איז געבליבן אַ געפיל פון שיינע און געהויבענע מענשן־לענדער, וואָס איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זעהן זיי פּנים אל פּנים. אין מיטן די בערגלדיגע פעלדער פון פּאָדאָליע, אין גאַנצן פאַרכאַפּט פון דער שניי־זאַווערוכע, האָט צו מיר געזאָגט אונזער אַכטיאָריגער באַהאַרצטער מיטפאָרער געאָרג: „דער וואָס קאָן גוט לויפן, פאַר יענעם שטייט די שיינקייט פון דער וועלט שטענדיג אָפן". געליבט זאָל טאַקע זײַן דער גרויסער גייסט פון די צײַטן, וואָס ער האָט מיך מזכה געווען זײַן פּנים צו זעהן. אַמאָל וועט דאָך די מדבר זיך ענדיגן, און שטענדיג איז דאָס געבענשטע לאַנד, וואָס שימערירט און לײַכט בײַ אירע גרעניצן.

---

# X. דער אומקער פון גלייכן.

די רוסישע מיסטעריע ליגט ווייט הינטער מיר. דאָס אומבאַמערקטע, אָהנפאַרביגע לעבן און ווערן האָט כמעט איינגעשלונגען די עסכאַטאָלאָגיע אָהן א גרונט. דער פאַטום האָט זיין פאַרשטיינערטן פנים אָפּגעווענדט. די רעוואָלוציע האָט איר עיגול פאַרענדיגט, און דאָס לאַנד גיט זיך די גרעסטע מיה אָנצוטון ווידער דעם אַלטן לבוש. דער אייביגער אומקער פון גלייכן!

צערונען איז די אוקראַינישע אידיליע מיט אירע פאַרבאָרגענע דראַמאַטישע ספּאַזמעס, און אַפילו דאָס וואונדער־לאַנד בעסאַראַביע, וואָס זעהט זיך אָן ווי אַ באַלאַדע פון אוראַלטע צייטן, איז אַניך שטילערהייט פון דער נשמה אַוועק. ווידער אַמאָל פנים אל פנים מיט אייראָפּע. אַליין מיט אַ פאַראייניזאַמטער אייראָפּע!

אין די פאַרגאַנגענע טעג, אין מיטן די שטורעמס פון דער רעוואָלוציע, האָבן מיר געפאָרשט און געחקירהט זיך: ווער וועט אוועק מיטן נצחון פון שלאַכטפעלד? עס האָט אויסגעדוכט, אַז אַנטקעגן דעם לעבנס־געזעץ פון דער רוסישער ערד האָט זיך געשטעלט אַ וועלטגעשיכטליך געזעץ, אַן אינעווייניגסטער חוק ולא יעבר פון אייראָפּעאישן קיום. ווער וועט מנצח זיין? איצט ווייסן מיר שוין: קיינער פון די ביידע וועט ניט געקרוינט ווערן. דאָס רוסישע לאַנד האָט זיך אַליין צום קרייץ צוגענאָגלט און דורכדעם זיך געראַטעוועט ווי אַן אימפּעריע, ווי אַ מין מלוכה. בעת דאָס איז געשעהן, האָבן מיר פול בענקשאַפט אַרויסגעקוקט אויף איירא־

פּע. מיר האָבן אונזער שטרענגע האַרינטע באַשוואָרן ניט אַרויפצו־
טרעטן אויף יענעם וועג פול מיט מוראדיגע אָפּגרונטן. און אײ־
ראָפּע גופא, וואָס האָט זיך פון ווייטאָג געקרימט און געשליידערט,
האָט מיט האָפענונג אַראָפּגעקוקט אויף רוסלאַנד. זי האָט געוואָלט
גלויבן און האָט מיט אַן אמת געגלויבט אין קאָמוניזם, סאָציאַ־
ליזם, אין קיניגרייך, וואָס דער גאָט פון הימל שטעלט דאָרט איין,
אַ קיניגרייך, „וואָס וועט אײביג ניט פאַרגיין". אַזוי האָבן אַפילע
צווישן אונז זיך אָפּגענאַרט איינס אָן אַנדערן. די איינע האָבן גע־
גלויבט אין אייראָפּע, די אַנדערע האָבן אַרויסגעקוקט אויף ישועה
פון רוסלאַנד. בלויז אַ חלום איז עס געווען, אַ פאַרבלענדעניש,
אַ דמיון, וואָס איז צעפלויגן. רוסלאַנד שטייט, ווי פריהער, פאַרן
ספינקס פון זיין געשיכטע מיט אויגן אָנגעשטעלט אויף זיין שטו־
מען פּנים, און אייראָפּע, ווי אַ לעבעדיגע קולטור־געמיינשאַפט,
אַפילו ווי אַ הויכער געדאַנק — טוט מען זוכן און מען געפינט
ניט. איר הומאַניטאַרער הערשער־חלום איז פאַרשוואונדן, איר
שטאָלץ איז געבראָכן און דערנידעריגט.

שוין אין בוקאַרעשט האָב איך איבערגעלעבט די תחית־
המתים פון באַרבאַרישן שבט הונען. עס האָט אמת אויך דאָ, ווי
אין אַ סך אַנדערע ערטער, געשלאָגן די שעה פון נאַציאָנאַלער זאַמ־
לונג און באַפרייאונג, אָבער דער נאָמען פון אַ קאָשוט איז ניט
דערמאָנט געוואָרן. אין ווין, אין דער געלייטערטער און שטיל
געוואָרענער שטאָט, האָט מיך אָנגעגלאָצט דער פּנים פון אַ גע־
שטאָרבענער אימפעריע. עסטרייך, דו ביסט באמת ניט געווען
דער ערגסטער געדאַנק פון אייראָפּע, כ'לעבן ניט! — און אַזאַ
טרויעריגער סוף. ווער וואָלט זיך דאָס מיט אַ דור, מיט צוויי צוריק
גענומען דיר פאָראויסצוזאָגן אַזאַ סוף? אַ טויט אָהן מנוחה.
אַזוינס איז דיר באַשערט געווען! געפין איצט די מנוחה שלמה,
דו שיינער קולטור־ און מלוכה־געדאַנק. איך בין געקומען קיין
דייטשלאַנד און האָב אויך די דאָזיגע רייד אין מיין האַרץ באַ־

האַלטן. איך האָב געזעהן דעם טויטן-טאַנץ און געהערט די קלעפּ פונם האַמער, וואָס מיט זיי טוט מען מייסטערן אייראָפּעס טרומנע.

דאָס דייטשע לאַנד אַמאָל און איצט. דאָס הויך געוואַקסענע, שטאָלצע, מיט זיך צופרידענע דייטשע לאַנד, וואָס האָט פון קיין קנאה ניט געוואוסט און האָט קיין מאָל קיין חשד אויף קיינעם ניט געוואָרפן. דאָס פאָלק, וואָס דעם האָט די וועלט צו פאַרדאַנקען די רעפאָרמאַציע, וואָס האָט דאָס ערשטע אין די נייע צייטן גענומען מאַכן ערנסט, מיט אַן אמת וועלטליכע, הומאַניטאַרע קולטור, מיט איר געטליכן עטאָס. וואָס וואָלט געווען אַפילו דער ענגלישער אינזל, דער אַמעריקאַנישער קאָנטינענט אָהן דעם הויכן גייסט, וואָס די דייטשן האָבן אַמאָל געשאַפן, די דייטשן, בעת זיי האָבן אין זיך גובר געווען דעם טעווטאָן? און אַפילו דער דייטשער קאַטוליציזם מיט זיין אולטראַמאָנטאַניזם, מיט זיין פאָלקסטימליכקייט, און דער עיקר מיט זיינע ראָמאַנטישע השפעות, וואָס פון זיי האָבן זיך אומעטום גאַנצע קולטורן מיט פייער אָנגענומען. וואָסער לאַנד האָט צו באַווייזן עפּעס גלייכווערדיגס צו אָט דער גראַנדיאָזער ערשיינונג? דאָס, וואָס האָט געטראָגן דעם דייטשן חותם אויף זיין שטערן, איז געווען פרוכפּעריג און רייך מיט כח צו פורימען. וואָסער יידישער קיבוץ איז בעת די לעצטע דריי-פיר דורות געווען אַזוי שעפעריש, האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע הויכע אַלגעמיין-מענשליכע ווערטן, ווי ווידער אַמאָל דער ד י י ט ש-יידישער קיבוץ? און איצט פאַרביטן האַנט און פוס און פנים. קודם כל האָבן די אַרבעט אָפּגעטאָן די בעלי-מקנאים, די פרעמדע, די שונאים. איך האָב זיי געהערט רעדן: פראַנצויזן און איטאַליענער, און אפילו האָלענדער און סקאַנדינאַווער. אַמאָליגע צייטן, איידער דייטשלאַנד איז נאָך געווען באַדריקט פון אויסוויינינג און באַזיגט און חרוב אינעווייניג, דוהך זיך אַליין, האָבן זיי גאָר אַנדערש גערעדט. דעמאָלט איז איטליכער דייטש געווען אַ זשעני, אַ מוסטער-מענש, אַן אָפּגאָט.

זיי האָבן באמונה שלמה געגלייבט אינם דייטשן פֿאָלקס-וואָרט: „פֿון דייטשן וועזן וועט די וועלט גענעזן“. און איצט — אַזוי האָב איך אַליין זיי געהערט רעדן — ענדיגט זיך איראָפּע ביים ריין, ביים האָלענדישן גרעניץ א. אַז. וו., פֿון יענער זייט וואוינען שוין באַרבאַרן. אפֿילו ראַדיקאַלע, „ראַדיקאַל“ געשטימטע מענשן האָבן אַזוינס געטענהט. „קוקט נאָר אָן דעם דייטש, ווי ער באַוועגט זיך, ווי שטייף, ווי הויך ער טראָגט די פּלייצעס. ניטאָ קיין דינאַמיק, קיין קרימונג — טעמפּע פּלייצעס“. „און דאָס זוניגע בילד פֿון דער בלאָנדקייט איז איינטאָניג און מאַטערט איין, און עמנואל קאַנט איז גאָר קיין זשעני ניט געווען, און אויב ער איז עס יאָ געווען, איז ער געוויס קיין דייטש ניט געווען, געטען קאָן מען ניט לייענען איבער דער „נודנער ערנסטקייט“, און לוטער איז געווען אַ בונטאָוושטשיק, וואָס האָט חשק געהאַט צו פֿאַרנעמען דעם פּויפּס שטול, ביסמאַרק — אַ באַרבאַר, און דעם דייטש בכלל פֿעלט גייסט, נשמה און כּח צו אָרגאַניזאַציע. און אַלע מיט אַנאַנד זיינען זיי היידן, וואָס גלויבן אין קיין גאָט ניט, האָבן אין זיך קיין וואַרימקייט ניט און פֿאַרגינען אפֿילו צווישן זיך איינער דעם אַנדערן קיין טובה ניט“. איך האָב דאָס אויסגעהערט און האָב נאָר געזאָגט: „מסתמא האָט איר רעכט, ישו פֿון נצרת איז קיין ייד ניט געווען, און דער אַפּאָסטאָל פּאַולוס איז אויך קיין ייד ניט געווען און די ביבל האָבן פֿאַרפֿאַסט די בושמענער און די דייטשע מלחמה האָט געפֿירט און פֿאַרלאָרן לחלוטין ניט גענעראַל לודענדאָרף, נאָר דער יידישער רעזערוו-לייטענאַנט“. אויך האָב איך געזאָגט, אַז אַ קרומער רוקן איז שענער און געהויבענער, איידער אַ גלייכער און אַ שטאָלצער, און אַז איך אַליין, וואָס איך בין יונגערהייט געווען העל-בלאָנד, האָב שטענדיג מקנא געווען די שוואַרצע איבער זייער גלאַנץ און פֿייערדיגע אויגן. כּסדר פֿלעג איך אַוועקגיין טיף באַטריבט, און מיין צער איז געוואָרן געמילדערט נאָר דורכדעם, וואָס איך

בין דאָך אַ סאָציאָלאָג, אַ קענער פון די מענשליכע ענינים. „נאָר ווייטער רעדן, נאָך מער — האָב איך געבעטן — נאָך אַ ביסל, און איך וועל זיך דערגרונטעווען ביזן דעק פון דער ערשיינונג, וואָס פאַרנעמט מיך זינט יאָרן לאַנג". אַזוי איז אויך געבאָרן געוואָרן דער אַנטי־אַנטיסעמיטיזם. און אַזוי זיינען אויך געוואָרן אַלע איבעריגע „אַנטי"ס... ווי איז צו דעם באַזיגטן, און זאָל ער זיך אפילו מיט שטאָלץ אָנרופן דייטש. איך קען דעם ניגון, יאָרטויזנטער לאַנג טראָג איך דעם צער.

„וואָלט איך דעם שפּראָך ניט וויסן, וואָס דאָס שטילט:
וויל איטליך בילד, וואָס איר טוט ציטערן און בוקן זיך פאַר דעם,
דורך אייך געהויבן איז, דורך אייך זיין כח האָט".

אייביג חזרט זיך דאָס גלייכע איבער! אָבער אונזער געפיל, אונזער איבערלעבונג איז ניט דאָס גלייכע. שטענדיג ווערט עס אויפס ניי געבאָרן, אַלע מאָל איז עס אַן אַנדערע, אַ יחיד במינו. אַזוי אַרום בלייבט אָהן אַ תשובה די סאָציאָלאָגיע, די וויסנשאַפט וועגן דער מענשהייט, געווענדט לויט די אומשטאַנדן, צו אונזער צער אָדער גליק. דאָס געפיל וויל ניט שטענדיג גיין אין גלייכן טראָט מיט דעם, וואָס עס צייכנט פאָר דער געדאַנק, עס וויל זיך ניט אונטערגעבן אונטערן יאָך פון דערנידעריגטן און באַזיגטן און עס ווערט צו אַ מקור פון נייע מיגליכקייטן און פון נייעם לעבן. אַז איך האָב זיך אומגעקערט צוריק קיין דייטשלאַנד, האָב איך אין אַלע זייטן אַרומגעפאָרשט און אַרומגעזוכט אַזאַ געפיל. צי האָט זיך דאָ שוין אויפגעעפנט אַזאַ קוואַל? איך האָב דעם אויער צוגעלייגט האַרט צו דער ערד. עס זיינען קיין שום גערוישן פון וואַסערן ניט צו הערן. אומעטום געוועלטיגן נאָך אינם אינעווייניגסטן גייסטיגן לעבן די געזעצן, וואָס די קריגסצייט האָט געשמידט, ניט נאָר דייטשלאַנד, נאָך אין אַ גרעסערער מאָס זיינע געגנער זיינען ניט ביכולת זיך אַרויסצו־

פלאָנטערן פון די קייטן און פאַרבינדונגען, וואָס דער מולך פון קריג האָט זיי דערין פאַרפּלאָנטערט. די פעלקער פון אייראָפּע זיינען נאָך אַלץ געפאַנגען פון דער קריגס־סאָציאָלאָגיע, באַשווערט דורך זייערע געפילן. די מלחמה, ווי אַן אַרויסווייז פון מלוכה־ און פעלקער־געשיכטליכע ווידעראַנאַנדן, האָט אַרויסגערופן דעם יש, וואָס ליגט אויפן יסוד פון די פעלקער־געשיכטעס, וואָס זיינען אין קריג אַריינגעריסן געוואָרן. פּונקט ווי זי האָט אין רוסלאַנד אויפגעוועקט צום לעבן דעם „סקיף“, אין פראַנקרייך דעם גאַליער, אַזוי האָט זי אין דייטשלאַנד אויפגעוועקט דעם טעווטאָן. אומעטום אין אייראָפּע איז אויפגעשטאַנען דער אורמענטש מיט זיין באַרבאַרישקייט, מיט זיין היידנטום און פעטישיזם. נאָך אַ ביסל „געשיכטע“, געווען נאָך איין קריגערישער דור, און עס איז אָפּגעווישט, אָפּגעשטופּט די קולטור און די קולטור־געמיינשאַפט פון אייראָפּע. די געשיכטליכע מלחמות און ניגודים באַמיהען זיך מיט אַלע כּחות צו טויטן דעם לעבעדיגן קולטור־גייסט. געזעהן פון אינעווייניג, אין גייסט, האָט די ציטערונג און דער חורבן שוין ווייט אַרום פאַרכאַפּט. ניט נאָר די קולטורעלע מלוכה און דאָס קולטור־פאָלק, אַפילו די נאַציע, ווי דער אויסדרוק פון דער ברייטסטער כּללישקייט, וואָס אַ פאָלקס־געמיינשאַפט איז נאָר פעהיג דערוויף, איז צערונען און אָפּגעבראָכן. דער פייל פון דער קריגערישער געשיכטע האָט זיך אַריינגעריסן אין דער נשמה און האָט דערלאַנגט ביז צו יענעם אָרט, וואו עס שפּילן זייער מיאוסע שפּיל די ראַסן־אינסטינקטן און די נאַטור־מיטן. קיין שום רעכט האָבן ביי היינטיגן טאָג די היטער פון דער נאַציע ניט אַרויסצורעדן דאָס מעכטיג־שיינע וואָרט „נאַציאָנאַל“. די ראַסיאָלאָגיע, אויסגעקלערטע מיטן פון אַ לאַנג פאַרשוואונדענער צייט האָבן פאַרכאַפּט דאָס באַוואוסטזיין און וואַרגן און פייניגן דעם גייסט פון אייראָפּע. וואַלהאַלאַ האָט פאַרנומען קריסטוסעס אָרט, דינער צו דער זון האַלטן זיך

איצט פאַר די באַרופענע דינער פון גאָט, אָקולטישער אָבערגלויבן און כלערליי מיסטאַגאָגן פאַרמעסטן זיך צו פאַרטרעטן די רעליגיע און פילאָסאָפיע פון אייראָפּע. באַרבאַרנטום, היידנטום, פעטישיזם — אומעטום, וואו איר וואַרפט נאָר אַ בליק, באַגעגנט איר יענע אור־פראָדוקטן, זיי זיינען עלול אַראָפּצושלעפּן גאָר די קולטור אין זייער שליים. דער קריגעריש־געשיכטליכער גייסט האָט דאָ געווילדעוועט פונקט אַזוי ראַדיקאַל און אָהן אָפּהאַלט, ווי דער רעוואָלוציאָנער־געשיכטליכער געדאַנק אין רוסלאַנד. באָלשעוויקעס, פאַשיסטן, גאַליער, טעווטאָנען — אַלין געשטאַלטן פון דעם „אור“, פון דעם שליים פון דער געשיכטליכער וועלט. דער אייראָפּעאישער קולטור־גייסט, בפרט דער טיף און אוניווערסאַל איינגעשטעלטער דייטשער גייסט, מאַכט איבערמענשליכע אָנשטרענגונגען און זוכט ווייטער צו שפּינען זיין וואונדער־פול געוועב. און ספקות קומען אויף אין אונזער נשמה. וואָס וועט זיין, ווען די קייטן, וואָס אין זיי האָט די קריגס־סאָציאָלאָגיע איינגעשמידט אייראָפּע, וועלן ניט צעריסן ווערן? לויט היסטאָרישן פאָראויסזעהן, וועט אייראָפּע קומען צום זעלביגן מצב, ווי אַמאָל דאָס שפּעטערישע גריכנלאַנד, — נאָכדעם ווי עס האָט געשאַפן דעם העלעניזם, וואָס רוים האָט אים פאַרכאַפּט צוליב טעכניש־ציוויליזאַטאָרישע כוונות, דעמאָלט, בעת די גריכן, די ריינע דינער פון קולטור, זיינען מגולגל געוואָרן אין „גרעקולי“. די נייע רוים, וואָס איז גרייט איבערצונעמען דעם אייראָפּעאישן גייסט מיט אַ טעכניש־ציוויליזאַטאָרישער כוונה, שטייט שוין גרייט. זי רופט זיך אָן די צפון־אַמעריקאַנישע שטאַטן, יאַפּאַנישע אימפּעריע, זי טראָגט נאָך אַנדערע נעמען. אָנשטאָט אייראָפּעאישע־קולטור — אַן אייראָפּעאישער באַרבאַרנטום און אַן אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישע, אייראָפּעאיש־יאַפּאַנישע א. אַז. וו. ציוויליזאַציע און מיר אייראָפּעער, און קודם כל די דייטשן, — ווי די „גרעקולי“ פון יענער ציוויליזאַציע. צי מוז דאָס אַזוי זיין? — לחלוטין ניט.

נאָר די אייראָפּעאישע מלוכה= און פעלקער=געשיכטע איז פאַרוואונדעט אויף טויט, איר שאַפנדיגער קולטור=גייסט איז נאָר קראַנק, ער ליידט שטאַרק אויף נ ע ר װ אָ ז ע ר  ה י ס ט אָ ר י ע. צי מוז די ירידה ניט אַנדערש קומען? עס מוז ניט, עס טאָר אַזוי ניט זיין.

אַ סך כחות זיינען פאַראַן אין דער וועלט, דער געוואַלדיגסטער פון זיי איז דער מענש — אַזוי האָבן געזאָגט די אַלטע דורך די לעפצן פון איינעם אַ גאָט=געבענשטן דיכטער זייערן. גרויס איז דער מענש ניט נאָר אין שיינקייט, נייערט אויך אין מיאוסקייט. מיר זעהען דאָס אין אונזער צייט אין פולער מאָס. דער וואָס ווערט אַליין געמאַטערט און געפייניגט, געפינט נאָך פון זיין זייט עמיצן, וואָס ער קאָן אים קרייצן. אייראָפּע, און בפרט דער דייטשער אייראָפּעערטום, וואָס שטייט אויפן וועג מגולגל צו ווערן אין אַ „גרעקולוס“, האָט צום טייל געפונען שוין זיין „גרעקולוס“, וואָס ער קאָן אים רודפן און יאָגן. ממש אַ גייעג מאַכן ביי היינטיגן טאָג „געבילדעטע“ באַרבאַרן אויפן יידן און צווינגען אים אָנצונעמען דעם גלגול פון אַ „גרעקולוס“. און דעם יידנס איינציגער חטא איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט גענומען ערנסט די קולטור און איר געדאַנק און וואָס דער קריסטנטום איז קיין מאָל ניט געווען ביכולת צו באַגיין זיך מיט אים קריסטליך. נאַראָנים נעבאַך, אָט די דאָזיגע אייראָפּעאישע יידן. זיי האָבן על פּי טעות געמיינט, אַז זיי וועלן קאָנען אויסקומען אין דער דאָזיגער וועלט פון געשיכטליך=פּאָליטישע סתירות אָהן אַן אייגענער געשיכטע, זיי האָבן צו פריה זיך פאַרלאָזט אויף דער קולטור, און איצט ווערן זיי צום דין געלאַדן. די קולטור האָט „זכאי“ געפּסקנט און צו אַ כבוד=שטאַנד זיי דערהויבן. די געשיכטע אָבער, די רשעותדיגע געשיכטעס פון די אייראָפּעאישע פעלקער, געקומען צוריק צו זייער קדמון=צושטאַנד, האָבן געפאָדערט דעם קרייץ פאַר זיי. אויפן קרייץ די יעניגע, וואָס האָבן זיך אַמאָל היסטאָ=

ריש געקרייצט, בכדי אַרויסצושאַפן פון זיך די „געמיינדע“, די „עקלעסיאַ“, די „קירך“, דעם קריסטנטום. צו פאַרשטייען דאָס אַ סך אין אייראָפּע, אין דער וועלט בכלל, אַז אויב יהודה וואָלט בשעתו געהאַט באַשטאַנען קעגן דעם דראַנג פון דער אַלטער וועלט, אויב ער וואָלט זיך דעמאָלט אַליין ניט געהאַט געקרייציגט היסטאָריש־פּאָליטיש, וואָלט די וועלט קיין מאָל ניט געווען געקומען צו משיחן, צום אַנטפּלעקטן אמת פונם קריסטנטום, און אַזוי אַרום וואָלט זי אויך ניט געקומען צו די נשמהדיגע פריידן און ליידן, צו דער „נשמה“ סתם? ווייסט איר דאָס, איר קריסטן, טאָ וואו זייט איר אַהין געקומען אין דער דאָזיגער וואָלקן־באַלאָדענער צייט, אָדער זיינען גאָר קיין קריסטן ניטאָ אין אייראָפּע?

די זיבן יאָר קריגס־אייראָפּעאישע געשיכטע האָבן אַ סך פון אונזערע האָפענונגען צעשטערט. און אויך אַ סך פּראָבלעמען קלאָר געמאַכט. מיר סינאָפּטיקער, וואָס האָבן זיך געפלייסט צו זעהן די וועלט אין איר פולדיגן צוזאַמענהאַנג, האָבן לכתחילה אויף קיין גרויסע זאַכן ניט געהאָפט. ווי סאָציאָלאָגן האָבן מיר געקענט אויך די נאַטור פון מענשן אין איר צייטליכער ערשיינונג און זיינען אויך געווען באהבנט אין דער אייראָפּעאישער היסטאָריע. מיר האָבן ניט געגלויבט אינם לאָזונג „קריג דעם קריג“, „רעוואָלוציע קעגן רעאַקציע“, וואָס דאָס באַטייט בעצם „רעאַקציע קעגן רעאַקציע“. ווי אַזוי קאָן אַרויסקומען גוטס פון „ראַדיקאַל שלעכטס“, ווי אַזוי קאָן דאָס נייע געבאָרן ווערן פון דער ר י י נ ע ר „געשיכטע?“ אין דער עצם „געשיכטע“, וואו די קולטור, דאָס הייסט איר שאַפנדיגער גייסט, ווערט ניט ווילנדיג אָפּגעשטופּט און אפילו דערהרגעט, קומט, אפנים, גאָרנישט פאָר מ מ ש ו ת ד י ג ס, די סובסטאַנץ פון לעבן קאָן דאָ ניט פאַרצייכענען קיין רווחים. בפרט אין די אַזוי אָנגערופענע היסטאָרישע צייטן איז ניט מיגליך קיין ממשותדיגע באַנייאונג און פאַרמערונג פון לעבנס־סכום. אמת, די היסטאָרישע צייט וועקט אויף צו אַ נייעם לעבן לאַנג אַנטשלאָ־

פּענע כּחות, זי הויבט אַרויף טיף איינגעוואָרצלטע און פאַרשאָ־
טענע טראַדיציעס, זי רוקט איבער מענשן־לעבנס, מישט אויס און
ריכט אויף מזלות. אָבער דער אינהאַלט פון לעבן ווערט גיכער
געמינערט, איידער פאַרמערט, דער לעבנסלויף ווערט פאַרשמע־
לערט, און די פרייד מיטן שאַפן, מיטן אייגענעם לעבן פונם יחיד
פאַרלירט איר אינטענסיווקייט. די קאָלעקטיווע אָנשפּאַנונגען און
איבערקערענישן, וואָס טראָגן דעם נאָמען מלחמה און רעוואָלוציע
און באַווייזן אַזוי די לעצט אָנגעשטרענגטע קראַפט פון דאָס
היסטאָרישע, ווערן שוין געבאָרן ווי רעאַקציאָנערע, בינדנדיגע
כּחות. מיר האָבן עס אָקאָרשט איבערגעלעבט אומעטום אין
אייראָפּע, ווי אַזוי די שעפערישע נטיות און שטרעבונגען פון
יחידים און פון געזעלשאַפטס־גרופּעס זיינען געבונדן און באַוועל־
טיגט געוואָרן פון אַ כּח, וואָס טראָגט אויף זיך דעם חותם פון אַ
פּאַטום. סיי אין דער מלחמה און סיי אין דער רעוואָלוציע זיינען
אפילו די ווילנס, וואָס האָבן אָנגעהויבן רעוואָלוציאָנער און קרי־
געריש, דער פאַרלאַנג נאָך אַ שעפערישן אַנדערש־ווערן, אַנדערש־
דאַרפן און אַנדערש־קענען, en masse צעקאַלעטשעט געוואָרן.
די לעבעדיגע נשמה פונם עצם אויפטו, גאָר זיין עטאָס
האָט געמוזט אָפּטרעטן פאַר דעם „היסטאָרישן ווילן“.
דער ווירטשאַפטליכער סוביעקט, די יורידישע פּערזאָן, דער מאָ־
ראַלישער מענש, אפילו דער מענש פון וויסנשאַפט און קונסט,
האָבן אומעטום אָנגעוואָרן דעם פעסטן שטאַנד; טיילמאָלס זיינען
זיי דורך דעם ווילן צו דער אויסער־מענשליכער, קאָלעקטיוו־איינ־
דייטיגער היסטאָריע אַראָפּגעדריקט געוואָרן אין קינינרייך פון די
שאָטנס. דעם אָרט פונם קולטור־מענש, וואָס אים האָט געפירט
דער ווילן צו בויען אַ לעבן פאַרן יחיד און פאַרן כּלל, האָט פאַר־
נומען, אין הסכּם מיט די געשיכטליכע געשעהענישן, דער פּרימי־
טיווער ראַסן־מענש אָדער שבט־מענש אָדער קלאַסן־מענש, אָבער
שטענדיג אַ האָמאָגענער מאַסן־מענש. און אָט דער דאָזיגער

סטאַדע=מענש, דער בן בלי שם, מיטן קין=צייכן אויפֿן שטערן, וואָס שלעפּט אויף זיך די משא פֿון אַ בלינדן פּאַטום=כּח, איז דאָס דער יעניגער, וואָס מאַכט סוף כּל סוף דעם קריג צו אַ חורבן, די רעוואָלוציע צו רעאַקציע. דאָס איז אַ געזעץ פֿון זיין אינעווייניג איינגעצאַמטן און אויסווייניג איינגעשרומפּענעם לעבן, אַז ער מוז אַרויסברענגען אויף דער ליכטיגער שיין די רעאַקציע, זאָל זיין אונטער אַ קריגעריש=רעוואָלוציאָנערער מאַסקע. די סאָציאַלע, די פּאָליטישע, די גאַנצע קולטורעלע רעאַקציע וואַקסט דאָ אויס צו אַ רעליגיעז=מעטאַפיזישער. נאָך אַ ביסל הויך=אָנגעשפּאַנטע געשיכטע — און אייראָפּע וועט אַריינפאַלן אין גענצדינעריי, אין פּשוטן זין פֿון אָט דעם פּילדייטיגן וואָרט.

דאָס איז אַ טרויעריגער אמת, וואָס די היסטאָרישע צייט רוימט אונז איין אין אויער. מיר מוזן איין מאָל באַווייזן דעם מוט איר גלייך אַריינצוקוקן אין איר פאַרקרימטער צורה. אין אירע ווייטער=דיגע פּועל=יוצאס אַנטפּלעקט זי זאַכן, וואָס מען קאָן פֿון זיי נשתּומם ווערן. דער טראַדיציאָנעלער געדאַנק מאַכט עס זיך גרינג: קוקט זיך נאָר צו צו דער אייראָפּעאישער קולטור און צו אירע געשטאַלטן, צי באַמערקט איר דען ניט, אַז די שאָטנס פֿון עלטער און טויט פּירן אויס אין זייערע טיפענישן דעם לעצטן שיכּור=טאַנץ? די דאָזיגע קולטור מיט איר גאָרן עטאָס איז ניט בכּח אָפּצוהאַלטן אפילו די בעסטע צווישן אונז אין זייער פּלי׳ה צום אָפּגרונט אַראָפּ. באַטראַכט אָקאָרשט דעם אידעאַליסט פֿון אייערנעכטן, וואָס האָט געגאַרט נאָך אַ טויט פֿון קדושים; נעכטן איז ער שוין אַרויסגעטראָטן ווי אַן אידעאָלאָג, דאָס הייסט בעצם ווי אַ דעמאַגאָג. היינט אָבער זיינען די מאַסקעס געפאַלן; דער אידעאַליסט און אידעאָלאָג האָט זיך אַרויסגעשטעלט פֿאַר אַ מאַכטהאָבער, וואָס ווייס קיין אָפּהאַלט ניט, פֿאַר אַ „רעאַקציאָ=נער“ און אָפּאָרטוניסט. אומעטום רענעגאַטנטום אין מאַסן — רענעגאַטן נשמהדיג, גייסטיג, סאָציאַל און פּאָליטיש. מען פֿאַלט

אַריין אין יאוש איבער דער פאַלשקייט פון די מענשן, מען איז זיך מיאש פון דער גאַנצער קולטור. די „פילאָסאָפן“ רופן זיך אומקערן „צוריק“ און זינגען שבחים די צעבונדענע אינסטינקטן, וואָס זיי רופן דאָס אָן „אינטואיציע“; די „רעליגיעזע“ וואַרטן אויף איינענע „נאַציאָנאַלע“ אַנטפּלעקונגען, און דער פּשוטער מענש טענהט זיך עלעגיש: מילא, דעם מענשנס טבע איז אַזוי באַשאַפן, ער איז צוגעבונדן צו דער ערד, און ווי די ערד איז ער פון שטויב געמאַכט און מוז פאַרגיין.

מיר, די „סינאָפּטיקער“, וואָס מיר נעמען אַרום דאָס גאַנצע מיט אונזער בליק, זעהען אַנדערש. אפילו די שווער קראַנקע אייראָפּע באַטראַכטן מיר מיט אַנדערע אויגן. די פאַקטן מעגן טאַקע זיין אמת, אויך זייער סדר קאָן זיין ריכטיג אָנגעצייכנט. אָבער די מסקנא איז פאָרט פאַלש. דאָס איז גאָר ניט די טבע פון מענשן, אַזעלכע איז נאָר די נאַטור פון דער איצטיגער אייראָפּעאישער „געשיכטע“, פון איר קאָנצענטרישן אַרויסטריט. דאָס זיינען די אַלטע וועגן פון דער געשיכטע, וואָס אויף זיי קאָן מען מער ניט גיין. און גראָד אונזערע קולטורן, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין אַלע לענדער און קלאַסן, וואָס שלאָגן זיך איצט אַרום, מאַכן צו נישט די צילן פון יענער „געשיכטע“. אין עצם גענומען זיינען קיין זיגער ניטאָ, אַלע זיינען באַזיגט. נאָך אַ דור אָדער צוויי בשותפישע קולטור אין דער פעלקער=פאַמיליע פון אייראָפּעאישן קולטור=קרייז — און די „געשיכטליכע נצחונות“ וועלן זיין אַ זאַך, וואָס קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין. אָבער ביי היינטיגן טאָג פאַלט עס אונז אַלעמען שווער פאַרטיג צו ווערן מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון לעבן, ווייל מיר געפינען זיך נאָך אַליין אין רשות פון דער אינסצענירטער געשיכטע. איר מאַכט ווייזט זיך אַרויס אפילו אין דער אידעאָלאָגיע, ד. ה. אין דעם, וואָס די מענשן ווילן ערשט זיין. עס איז ניט געבליבן דער מייסטער, דער זין פאַר מייסטער=שאַפט אין לעבן און שאַפן, און דעם אָרט האָט פאַרנומען דער

אַזוי אָנגערופֿענער העלד, וואָס זיין העלדישקייט קומט אים איצט זעהר גרינג אָן. אין די צייטן פֿון קולטור־ און לעבנס־שאַפֿונג איז דעם דאָזיגן העלד על פּי רוב ניט באַזונדערס גוט געגאַנגען. ער האָט שטענדיג געזוכט איינצורעדן, אַז דער פֿיליסטער איז דאָס דער חייב פֿאַר זיין טרויעריגן מזל. אין דער אמתן אָבער איז דער פֿיליסטערטום גלייך צו דער טויטער אינערטער מאַטערי'ע, וואָס איז קיין מאָל ניט געווען בכח שטאַרק ווי צו טון דעם אמתן העלד. דער העלד, דער דאָזיגער טומלער אין אַלע אויפֿגערודערטע צושטאַנדן פֿון מענשליכן לעבן, האָט געמוזט באַשטיין אַ קאַמף מיטן מייסטער. זיין מפּלה איז געווען באַשטימט לכתחילה. איך קאָן פֿאַרשטיין די שנאה קעגן דעם „אַנטי־קריגערישן“ געטע, קעגן דעם מייסטער געטע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שוין ביי די העלדן פֿון דער קריגסצייט און וואָס דער הערויס פֿון די „פֿעלקישע“ פֿאַרשפּרייט זי נאָך עד היום אומעטום. די תקופֿות פֿון היסטאָרישע אומבייטן זיינען שלעכטע צייטן, אין עצם אומפּרוכפּעריגע. איך באַקלאָג אין זיי לחלוטין ניט דאָס, וואָס דער פֿיליסטערטום שטאַרבט אָפּ. אדרבא, דער פֿיליסטער געפֿינט זיין גן־עדן אין אַלע לעבנס־האָריזאָנטן. דער איבערגוואַלדיגער טויט פֿונם מייסטער און פֿון דער מייסטערשאַפֿט — אָט דאָס דערוועקט מיינע טרויעריגע רעיונות.

גראָד אויף דער ווירקנדיגער געשיכטע, און ניט מיט דער געשיכטע, ווי עס צייכענען זי די פּאַרטיי־ און נאַציאָנאַל־היסטאָריקער, וואָלט מען געדאַרפֿט אויספּרובן די רעזולטאַטן פֿון דער קריגס־רעוואָלוציאָנערער היסטאָריע, דעם ווערט פֿון אירע אַזוי אָנגערופֿענע וועלט־געשיכטליכע מעשים. דאָ וואַרפֿט זיך קודם כל אין די אויגן דער מענשן־מאַטעריאַל פֿון דער געשיכטע, די אויספּירער פֿון איר רצון. דאָס זיינען די ביאָלאָגיש אָדער סאָציאַל געשעדיגטע אָדער אַפֿילו די פּרינציפּיעלע פּעסימיסטן, וואָס פֿילן זיך וואויל און היימליך אינם לויף פֿון דער געשיכטע. בפֿרט די

סאָציאַלע און קולטורעלע קאַליקעס מוזן האָבן די אַפּאָקאַליפּטישע צייטן, זייערע אומגעזונטע עקסטאַזן און אָרגיעס, בכדי זיך אַליין צו פאַרגעסן אין זייער שאָטן-שפּיל. די גלענצנדע פירער און מאַכטהאָבער פון דער געשיכטע זיינען קוים בכּח ווידער אויסצוגלייכן דעם אַלגעמיינעם לעבנס-באַלאַנס. דאָרט, וואו אַ צעזאַר מייסטערט אַ „גאַלישן קריג“, רויבן און מאָרדן הונדערטער טויזנטער פּרעטאָריאַנער; דאָרט, וואו אַ קראָמוועל און ראָבעספּיער אַרבעטן, ווערט די לופט אָנגעפּילט מיט די אומגעזונטע ריחות פון טויזנטער און אָבער-טויזנטער סאַנקיולאָטן. אויב עס גיט זיך אַמאָל איין אַ פרידריך דעם גרויסן, אַ נאַפּאָלעאָנען אָדער אַ ביסמאַרקן, קעגן דעם היסטאָרישן דריי-שטורעם, אויפצובויען אַ מענשן-גורל און פונאַנדערצובלאָזן עפּעס אַ לעבעדיגן גייסט, זיינען דאָס שטענדיג מענשן און גייסטער, וואָס זיינען דורכאויס ניט אויסגעוואַקסן אויף דער ערד, וואָס זיי האָבן אויפגעגראָבן. על פּי רוב זיינען דאָס פאָרלויפערס אָדער יורשים, וואָס זיי קומט צו נוץ דאָס לעבעדיגע פון יענער געשיכטע. דער אמתער סימבאָל פון די אַזוי אָנגערופענע גרויסע געשיכטליכע מעשים, פונם היסטאָרישן דראַנג אין אָריגינאַל, איז נאָך אַלץ דער באַרבאַר אַטילאַ, וואָס וועגן אים הערט, ווי באַוואוסט, דערציילט, אַז וואו דער פוס פון זיין פערד איז נאָר אַרויפגעטראָטן, דאָרט האָט די ערד קיין גרינס מער ניט אַרויסגעבראַכט און דאָס לעבן איז אויף שטענדיג פאַרבליבן אויסגעלאָשן.

אייראָפּע פון היינט איז איבערגעזעטיגט מיט קריגעריש-מורדישן גייסט, איז „געשיכטליך“ פאַרוואונדעט אויף טויט. אַ פולע גלויבן נאָך אין היסטאָרישן געזעץ און בענקען נאָך דעם העלדנטום, וואָס איז כלומרשט אויסגעוואַקסן אין רוסלאַנד. ערשט דאָ אין מיטל-אייראָפּע האָב איך עס פאַרשטאַנען: דאָרט, אין מזרח, האָט מען געדאַרפט דעם קאָמוניזם ווי אַ מיטל אויפצוריכטן די רוסישע אימפּעריע, דאָ אָבער האָט מען אים באַנומען ווי אַ סאָציאַלע ישועה און אויסלייזונג. די פּראָלעטאַריער, וואָס גלויבן

אין דעם אַלטן מאַרקסיסטישן אַני מאמין, וואָס זיינען אַזוי אין משך פון אַ גאַנצן דור אויפגעהאָדעוועט געוואָרן צו „געשיכטע“, צו אַ קאַמף פאַר אַ קלאַסן־געשיכטע, — זיי זיינען דאָס די ערשטע, וואָס וואַרפן אַריבער אויגן קיין רוסלאַנד. אויסגעהאָדעוועט אין היסטאָרישן קאַמף, האָבן אויך אַ סך פראָלעטאַריער, פונקט ווי די מאָנאַרכיסטישע „פעלקישע“, אָנגעוואָרן יעטווידן חוש און די ליבע פאַר דער לעבעדיגער קולטור. זיי ווערן צוגעצויגן פונם מיראַזש פון די היסטאָרישע כחות. די נשמה איז סיי דאָ, סיי דאָרטן פאַרוויסט, און מען מיינט, אַז דורך דעם „העלדנטום“ וועט מען זי ווידער קאָנען אויפריכטן. ווידער קלינגט צו אונז די טענה: דער פרעסטיזש פון פראַנקרייך, די גרויסקייט פון איטאַליע, די הויכקייט פון דייטשלאַנד, דער כבוד פון רוסלאַנד — דאָס אַליין געשיכטליך־פּאָליטישע ווערט־שאַצונגען, וואָס גיבן ניט קיין אָנצוהערעניש אויף אַ גליקליכן סוף. עס חזרט זיך איבער דאָס גלייכע, הגם אין אַן אַנדער סיטואַציע. אַלץ וואַריאַציעס פון דאָס היסטאָרישע, וואָס איז פון די כלים אַרויס, און וואָס שטעלט איין אין סכנה דעם באַשטאַנד און דעם וואוקס פון דער קולטור און ממילא פון איר גאַנצער שעפערישער אינטימקייט. אַנטוואָפענען זיך, היסטאָריש אַנטוואָפענען! — דאָס מוז זיין אונזער שלאַכטרוף, בכדי מיר זאָלן ווידער קומען צו אַ מ י נ י מ ו ם אין די היסטאָרישע ענינים און צו אַ מ אַ ק ס י מ ו ם אין קולטור־לעבן. און נאָר אַזוי, דוכט מיר, וועלן מיר דערגיין צו אַנטפּלעקן און צו שאַפן ג ע ש י כ ט ע אין אייגענעם לעבן, אין אונזערע אַלע מעשים. לאָמיר אַרויסגיין פונם דריי־שטורעם, לאָמיר אַוועקלאָזן דעם קאַנדידוס, וואָס זיין לעבן איז אַ מיראַזש און זיין פליה אַן איקאַרוספליה, און לאָמיר זיך נעמען, ווי אַן אַלטער קלוגער דיכטער האָט אונז אַן עצה געגעבן, די ערד אויפס ניי באַאַרבעטן.

לאָמיר אין שוויס פון אונזער פנים די ערד באַאַרבעטן. די אייראָפּעאישע ערד איז ווערט דעם שוויס פון די אידעלע.

---

## אינהאַלט: